ארויסגעגעבן מיט דער פינאַנסיעלער מיטהילף פון ל. פינק.
מיט פאַפיר האָט זיך בייגעשטייערט ש. ראָטקאָפ.

רעדאַגירט פון אַ קאָלעגיע

ZUSHTAYER

Printed by "York Press" Melbourne, Australia, 1944

געזעצט פון א. זענגער און א. מאַלער



געטאָ    יוסף בערגנער

## שלום שטערן

# די בשורה

### א.

דערציילָ, אליהו, פון וואַגל־וועג,
פונוואַנען שטויבסטו, פון וועלכן ברעג?
איך בין אַרויס נאָך דיינע איינזאַמע טריט.
ביסט שטיין געבליבן אין מדבר־וויסט.
איך וויל הערן די ליכטיקע בשורה אין דיין קול.
אַ שטראָמל בלוט רינט פון דיין מויל.
ווער האָט דיך פאַרבלוטיקט און צעביילט?
פונוואַנען אַנטרונען, וויהין איילסטו, איילסט?
איך וועל דיך נישט אָפּלאָזן, וועסט נישט פאַרשווינדן אַצינד,
דיינע אויגן שרעקן טרעריק, בלינד.
לען זיך אָן, רו אָפּ,
עס וויטאָקט דער דאָרן־שטאָך אויף דיין קאָפּ.
איך וועל פאַרבינדן דיין ווונד.
ברויז אויף דאָס פאָלק צום קנאידיקן בונט,
פאַרבינד ווידער דעם הייליקן בונד.
די מדבר־וויסט — אַן אָנגעהייצטער זאַמדן־רינג.
קילנדיק וואַסער פון דער קרוג טרינק.
איך טראָג מיט זיך דיין פסחדיקן כוס.

### ב.

מיין זון,
נישטאָ שוין מער קיין פאַרטריבענע נאַכצוגיין,
קיין אָפענע, יידישע טירן אַהין אַריינצוגיין.
איך בין בלינד פון געוויין אויפן בראָך, אויף ישראלס פּיין.

זאָל מיין טאָג ווערן פינצטער, קליין.
מיינע אַקסלען טראָגן אַלע פּלאָגן.
אַזאַ גרויל־נדיקער, בלוטיקער מעת לעת.
עס ליכטיקט נאָך אַלץ נישט קיין נס.
שטום איז אין מיין האָרן
דער פריידן־שאַל פון גאולה.
מיין לייב צעטראָטן מיט דאָרן.
איך זאָג נישט אָן קיין פייער־טאָג,
טרויער־טאָג, שוידער, יללה.
אָ, גאָט, ווי די קינדער פון ישראל
איך וויל ווערן פאַרלוירן —
מיין זון, בייג זיך איין און הער,
עס ציטערט אין כוס די בלוטיקע טרער.
איך בין געבליבן איינער אַליין
צווישן געטאָ־שטיין
אַלע געטאָס בין איך דורכגעגאַנגען,
נישטאָ קיין לעבעדיקער נפש, קיין אָטעם־לעבן.
רויב־פויגלען אין די הויכן שוועבן.
יידישע טעכטער צו שאַנד געפאַנגען.
טויטע גופים הענגען אויף אייזערנע שטאַנגען.
חורבן, קיין בעטנדיק, קינדעריש געוויין,
וויסטעניש, צעלעכערטער שאַרבן־ביין.
וואָר, איך בעט אויף זיך דעם טויט.
דאָך מיין טראָט איז נישט שלאַבעריק, שווער.
מיין שרעקנס־זעאונג האָב איך געבראַכט אַהער.
גאָט וועט שטאָלן די זעל, דאָס לייב און די צעוווּנדיקטע הויט,
בענטשן באַפרייענדיקן גאַנג, הייליקן דאָס אויפגייענדיקע ברויט.
הינטער מיין האָריק קלייד, אין פייער־צאָרן מיין האַרץ יאָגט.
אין פלאַקערדיקער נקמה די גאולה אָנגעברייט.
אויפן בראָך פון די שונאים וועט אויפזוניקן מיין פרייד.
רוצחים־וועלט — אַ פינצטערע הייל.
צוריק אַהין איך אייל.
פאַרדאַרבן וועט די בליציקע שאַרף פון מיין שווערד.

בלוטיקער מבול אויף שונאס ערד.
זעסט דעם פליצנדיקן טייך,
זיי פעסט, זאָל דאָס האַרץ נישט ווערן ווייך.
מוטיק זאָל זיין דער באַפרייענדיקער טראָט
פון די הייליקע קעמפער אין פייער־ראָד.
די שווערד איינגעקלאַמערט אין מיינע פינגער,
עס האָט ווידער אויפגערווישט דאָס געזאַנג פון פרייהייט־זינגער.

ג.

אליהו שטייט באַרג אַרויף.
די שטיינער קלאַמערן זיך צונויף.
די פאַרזיכטיקע שעה נאָענט, דערקענט.
שיינענדיק ליכט אין זיינע הענט.
די בערג שווימען אין טייכיקע נעפּלען.
די לבנה ווייסע שטילקייט שפּרייט.
די הימלען עפענען זיך ליכטיק, ברייט.
גלייביק, אָפן דאָס געזיכט.
אימהדיק כוואַליעט די זאמדן־וויסט.
גאַפנדיקע פּנימער צו דער הויכער ווייט.
אליהו שטייגט אויף בערג־טרעפּ.
איבער אים די שטערן פלאַקערדיקע קנעפּ.
ער זאָגט די נקמה־בשורה אָן:
אויג פאַר אויג,
צאָן פאַר צאָן.

ד.

אליהו הויבט זיך אויף הויך, העכער.
פייער־טרערן גליען אין ווינבעכער.
אַרום אים גלויביקע קעמפער אין מעכטיקן טראָט,
אייביקע זיגער אין פייער־ראָד.
אליהוס שווערד שפּיגלט אין מדבר־וויסט.
מיט גאָט פון נקמות דאָס פאָלק ער באַגריסט.

אלע הימלען לעבערט זיין מאַנענדיק־געבעט:
שפּאַן פּאָרויס, גאָט אַלמעכטיק!
שלאָג די שונאים, פּאַרטיליק,
גאָט גערעכטיק!
איך בין אַצינד מערנישט איינער — פיל פּאָלק, א סך.
פייער־בליץ, מבול־גאָס, דונער־קראַך.
די קריגער שמעטערן עמלקס פאַרשאָלטענע שטאָט.
עמלקס פּגרים הוידען זיך אויף צוימען־דראָט.
אליהו אין הייליקן צאָרן שפּאַנט פאָרויס.
נאָך אים דאָס פּאָלק פעסט און זיכער, שטאַרק און גרויס.

ה.

די נאַכט איז ליכטיק, לאַנג.
דאָס פאָלק שלאָגט דעם שונא —
די גרין־אויגיקע שלאַנג.
אליהו איז אומעטום דאָ.
הייליק די אויסגעבענקטע שעה.
ער וועט מערנישט פאַרשווינדן.
העלע, הויכע פייערן אָנגעצונדן — — — — — — — — — — — —

# גואל הדם!

זיי וויסן מיין זון,
דער גערמאַנער האָט מיין שטעטל מיט דער ערד אויסגעגלייכט.
פון בית־מדרש ביז דער לאַנגער בריק — יערנדיקער גרינזומפּ.
אין ווילד גראָז, אין קראָפּעווע די סם'עדיקע שלאַנג שלייכט.
מיין משפחה האָט דער שונא געפאַנגען,
אין זיינע קלאָמער־צוואַנגען זיי זענען אויסגעגאַנגען.
הונגעריקע, שטרויכלענדיקע מיט צעבלוטיקטע לייבער

האָט ער זיי געשלעפּט הינטערוועגנס,
אין קרירהדיקע, זאַווערוכעדיקע טעג און נעכט.
אין יאָמערדיקע דרויסנס, פאַר די אויגן פון טאַטעס
האָט ער געקוילעט די מאַמעס, די קינדער.
אַ שווידערנדיקע גרוילן:
די באָבע לאה האָט קוים באַוויזן ווידוי זאָגן.
דאָס איינינקל חיים־הערשל איז אויף פייערקוילן געשפּרונגען,
און דעם אינטערנאַציאָנאַל געזונגען.
דער מערדער האָט געצאַפּט זייער בלוט.
דערשטיקט זיי מיט לופט.
לעבעדיקערהייט זיי אין גראָבנס געוואָרפן,
הינט האָבן זייער וואָרעם, צאַפּלדיק לייב געפּליקט.
און די רוצחים באַזויפענע האָבן געקייכט.

אַזוי האָט דער גערמאַנער פאַרשניטן
אונזער דורותדיקן, צעצווייגטן שטאָם.
איך ווייס נישט די הריגה־ערטער.
זייער נאָמען נישט פאַרשריבן אויף מצבה־ברעטער.
דער בלוטיקער באַרג־גרוב איז אַן אַ צאַם:
פון הימל פלייצט דער טרערן־ים.
דאָס בלוט וויינט פון ערדן־תהום.
און אַ יאָמערלעך קול קרעכצט דורך די נעכט:
שטעל אויף דעם גואל הדם!

שטייזשע אויף מיין זון,
מאָן אויף דאָס בלוט!
שלאָג דעם מערדער,
טויט אים מיט דער פייערדיקער רוט!
זיינע שטעט צעשטער,
לאָז אַראָפּ דיין שווערד שאַרף און שווער.
פאַרשנייד אים, לאָז נישט איבער קיין יינגלינג,
קיין זקן, קיין שאָף און קיין רינד.
דערבאַרעם זיך בלויז אויף אַ זויגקינד.
טו צו אים אַזוי, ווי ער האָט מיר געטאָן.

לאָז נישט איבער קיין הויז, קיין ציגל,
קיין גאַנצן שפּאָן, קיין בליענדיקן שפּאָן.
ווייל רויט האָט ער געמאַכט דעם קלאָרן וואַסער־שפּיגל.
ווייל וויסט און פּאַרוויסט ער האָט מיין שטילע היים,
מיין שיין און בליענדיק לאַנד.

און ווען עס וועט געשטילט ווערן
דער נקמהדיקער זאָט,
וויקל אויף די צען געבאָט:
דעם נייעם, אויפגייענדיקן, דייטשישן דור
זאָלסטו באַשירעמען,
זאָלסטו לערנען:
לא תרצח — זאָלסט נישט מאָרדן!
פרידלעך זאָלסטו רוען אין דיין דאָרטן!

דערווייל ביז דאַן, זיי מיין זון דער גואל הדם
פאַר מיין פאַרשניטענעם שטאַם!

# יעקב באַגעגנט רחלען

א.

רחל פירט די טשערעדע פון פעלד.
דער פאַרביקער רעגנבויגן אויפגעהעלט.
אין איר דינעם, שטייפן גוף
יונגע, קוועלנדיקע לוסט.
ציטערדיק בערגלעך זיך אירע שטייפע בריסט.
אונטערן רויטן פאַרהאַנג זעצט זיך דער טאָג.
עס טרערט דער גרינער, פייכטער קוסט.
אין דער שטילקייט שפּרייט זיך דער שאַקאַלן־קלאַג.

אַ פּאַסטוך־יונג שיסט פּיילן אין אַ פּאַכעדיקן אָדלער.
פון פעלזן־שפּאַלט דאָס וואַסער גיסט.
אַט דער בראָנזענער יונג פון בערגיקער וויסט,
האָט איר שוין געבראַכט: אַן ערשט ציגעלע,
אַ בינטל ווייסע וואָל און אַ געוועבטע, פּורפּור־שאַל.
ער האָט געקניט פאַר איר אינמיטן פעלד,
זיין קול היים, לאַשטשענדיק האָט געבעטן:
רחל, שענסטע צווישן טעכטער,
צו מיר געהערן דאָ אַלע גראָזיקע ערטער.
זיי מיין אויסדערוויילט ווייב,
פון דיין רייצנדיק בלוט — דיינע קינדער,
ווי מדבר־שטויב.
רחל האָט אים אָפּגעשטויסן.
לאַקערט ער נאָך אירע טריט אינדרויסן.

ב.

פון אַ דורכגייער אַ בעטלער זי וויסט,
וואָס עס האָט געטראָפן ביי דער מומע רבקהן אין הויז.
עשיו איז האָריק, גראָב און גרויס.
אַלע פאַרשייטע, פרעמדע יונגפרויען ליגן אין זיין שויס,
עשיו טאָר נישט זיין דער בכור.
טאָר נישט זיין איבער דער משפחה דער עלטסטער האַר
זי ווייסט יעקב איז איידל און הויך.
בלייכע, יינגלישע באַקן און אַ שטאַרקן נאַקן.
זיינע אויגן שטיל־פאַרליבטע,
פון פאַרשייטע יונגפרויען נישט־באַרירטע.
רחל פאַרבענקט צו דער ווילד־ערניש קוקט אַרויס.

שוין דער אַכטער טאָג, דער ערשטער שטערן איז שוין
ווידער אַרויס,
און יעקבן זעט מען נישט, ווו איז ער אויס?
אפשר בלאָנדזשעט ער צווישן די חיות אין דער וויסט?
אפשר גאָר עשיו מיט פיילן אויף אים שיסט?

ג.

אויפן שיידוועג בענטשן די זיידעס,
די צונויפגעטוליעטע, ווימלענדיקע סטאַדעס.
רחל הויבט די אויגן אויף:
א פאַרשטויבטער וואַנדערער שפּאַנט באַרג־אַרויף.
עמיצער ווייזט אים אויף אירע געלאָקטע האָר.
רחל צאַפּלט: וואָר, עס איז יעקב, איר באַשערטער.
דער וואַנדערער טרעט צו איר אַליין נענטער.
עס זינגען אין איר די יונגע, מיידלישע יאָר.
די לבנה שווימט אַן אויפן הימל.
עס שמעקט פון יעקבן מיט מדבר, זומפּ
און אַ גראַזיקן שימל.
עס פינקלט אויף אַ טרער אויף רחלס דינע, לאַנגע וויעס.
פאַרליבטע שעמעוודיקייט רויטלט אירע באַקן.
אין אויסגעבענקטן בליק צויבערט די גאַרנדיקע צניעות.
באַגערנדיק דעם פאַסטוך־יונג יעקב, אין זיין צאַרטער,
איידעלער האַנט
אַנגעשפּאַנט דער צווייגן־שטעקן.
יעקב נעמט זי אַרום, רחל טוליעט זיך אין אים איין.
זיינע הייסע, צעפלאַצטע ליפּן ברענען אין זיסן ווייטאַק
אויף איר מויל.
איר יונגער גוף שוועבט צו דער אויסגעבענקטער,
פאַרשכורנדיקער רו.
די לבנה איז פול און ריין, אויפן שליאַך ציטערן אויף
זילבערנע פלעקן —
רחל פירט יעקבן צו איר פאָטערס הויז.
עס מעקען ציג און בעק,
נאָגנדיקער מרוקען פון טשערעדעס אויפן וועג.
אַלע גייען מיט, אַלע לויפן פון די שטיבער אַרויס.
הייס און פייכט איז רחלס מויל.
יעקבס אויגן פריידיק פלאַמען.
רחל וועט זיין, זיין געליבטע ווייב —

אַ טרייסט נאָך דער מאַמען.
קײנער װעט זיין ליבשאַפט צו איר נישט פאַרצאַמען.
אין נע ונד, אין פיין — זיין װעט זי די טרייסט
איבער היים־צעבראָכענע מדבר־ימען.
אָט, אויף אָט דעם פעלד
װעט ער אויפשלאָגן זיין געצעלט.
אים װעט זיין דאָ גוט,
אים װעט זיין דאָ מיט רחלען װויל — — — —

## פּ. גאָלדהאַר

# אין אַ שטילער גאַס

### דערציילונג

אַז עס קומט אין די שפּעטע נאָכמיטאָג שעהן, שטייען שוין די פּאָר יידישע פּרעסערס אין דער זאָקן־פאַבריק פון דער פירמע „ליווי האַזשערי מיללס” קוים אויף די פיס. פון די ברייטע, שוואַרץ־פאַראייליעצטע פּרעסן יאָגט אָן אויפהער אַ געדיכטע, קאָכעדיקע פּאַרע. די פּרעסערס, אינגאַנצן פאַרשוויצטע, אין די בלויזע אונטערהעמדלעך אויף די צעפּאַרעטע לייבער האַלטן אין איין רוקן צווישן די הייסע שטאָלענע פּלאַטן לאַנגע הילצערנע פורעמס מיט אַרויפגעצויגענע זאָקן. די פּרעסן רוען נישט דעם גאַנצן גייענדיקן טאָג, רייסן פון די הענט די שווערע פורעמס און לאָזן נישט אָפּכאַפּן אויף אַ רגע דעם אָטעם. די פּאַרע יאָגט און יאָגט, וואָס אַמאָל הייסער און געדיכטער, דרייט זיך קנוילנווייז איבער די קעפּ פון די פּרעסערס און לאָזט זיך פּאַוואָליע אַראָפּ נידעריקער און נידעריקער. אַ ברוינער, קלעפּיקער נעפּל הילט אַרום אַלץ מיטאַנאַנד, די פּרעסערס און די פּרעסן, אַז מ'זעט גאָרנישט אַרויס. מיסטער ליווי, דער באָס, כאַפּט יעדע ווײַלע דורכן פענצטערל פון זיין אָפיס אַ פּלינקן, צעטראָגענעם בליק אין דער זייט פון די פּרעסן. דורכן פענצטערל קאָן ער זען יעדעס פּיצל, וואָס עס טוט זיך אין דער פאַבריק. ער דאַרף זיך אַפילו נישט אַ ריר טאָן פונם טיפן לעדערנעם פאָטעל, אין וועלכן זיין קליין, דאַר גופל איז איינגענורעט, קוים וואָס מ'זעט אים. ס'איז גענוג, אַז ער הויבט בלויז אויף די אויגן צום אָפיס־פענצטערל, ער זאָל זען פאַר זיך די גאַנצע פאַבריק ביזן ווייטסטן ווינקעלע. די זאָקן־מאַשינען, אויסגעשטעלט אין גלייכע רייעס, גלאַנצן מיט די שטאָלענע קעפּלעך, וואָס דרייען

זיך מיט אַ פֿלינקן, פֿאַרהאַוועטן געריוש, כאַפּן הונגעריק אַריין די פֿאַרשידנקאָלירקע פֿעדים צווישן די שפּיציק־אויסגעשטשי־רעטע נאָדלען, און שלאַנקע, געפּודערטע שיקסלעך דרייען זיך אַרום מיט אָפֿענע שערן אין די הענט און שניידן אַראָפּ פֿון די מאַשינען די פֿאַרטיקע זאַקן, איינס נאָכן אַנדערן, איינס נאָכן אַנדערן. אַליין איז מיסטער ליוויי אַ קליינער, אַן איינגעשרומ־פּענער, הויט און ביין, מיט אַ געראָנצלט פּליכל צווישן די שמאָל־פֿאַרשפּיצטע, קינדערישע אַקסלען. דערפֿאַר אָבער זענען אַלע ביי אים אין דער פֿאַבריק שלאַנק און הויך־געוואַקסן. ער פֿילט זיך, קוקנדיק אויף זיינע מענטשן, עפּעס אָנזעעוודיקער און חשובער ביי זיך אַליין. ער האָט ליב צו זען דורכן אָפּיס־פֿענצ־טערל די הויכע, געשיקטע שיקסעס, ווי זיי שמייען אַרום די מאַ־שינען. זייערע ווייסע, מיידלשע הענט פֿלאַטערן ווי געפֿאַנגענע פֿייגעלעך אין דעם געפּלאָנטער פֿון פֿעדים. די גאַנצע פֿאַבריק הוזשעט און יאָגט, די טראַנסמיסיעס דרייען זיך מיט אַ הילכיק געפּאַטשעריי, די מאַשינען זשומען און ס׳טרייסלען זיך ביי זיי אינם גרויסן געאייל די שטאָלענע גדערים. און דאָס אַלץ איז זיין, יאָגט פֿאַר זיינעטוועגן... „ליוויי האָזשערי מיללס״, כע בע!...

אָבער אַז ער גיט אַ קוק צום ווינקעלע, וווּ ס׳אַרבעטן די פּרעסן, ווערט ער אומרואיק, צעטראָגן. די גערדיכטע פֿאַרע פֿאַר־שטעלט אַלץ, ר׳קאָן דאָרט גאָרנישט זען. ס׳דאַכט זיך אים, אַז מ׳טוט דאָרט גאָרנישט, מ׳באַלעמוטשעט. מ׳קאָן זיך דען פֿאַר־לאָזן אויף די יידעלעך? מיט יידן איז גוט קוגל צו עסן, דאַטש אַל!... זאָל זיך נאָר ענדיקן די מלחמה, וועט ער זיי אַלע משלח זיין. ר׳דאַרף נישט קיין בית־המדרש ביי זיך אין פֿעקטערי... מיסטער ליוויי דרייט זיך אומרואיק אויפֿן פֿאָטעל, ר׳קאָן נישט איינזיצן אויפֿן אָרט. ס׳טראָגט אים צום ווינקעלע פֿון די פּרעסן, אַ קוק צו טון, וואָס עס טוט זיך דאָרט. ער לאָזט זיך מיט דראָב־נע טריטעלעך אַריין אין פֿאַבריק־זאַל, שאַרט פֿלינק מיט די קורצע, דינע פֿיס, און די שטייף־געפּרעסטע הויזן באָמבלען זיך אויף זיי ווי ליידיקע. אָבער אינמיטן וועג בלייבט ער שטיין. ס׳ווייזט זיך אים אויס, אַז אַלע אין דער פֿאַבריק קוקן אים

נאָך: אהא, ס'ציט דעם באָס צו זיינע לאַנדסלײַט, די „דזשוס"...
גייט ער שוין נישט ווייטער, קוקט זיך מיט ווילטיק־פאַרצויגענע
ברעמען אַרום איבער דער פאַבריק, און גלייך וואַקסט אויס לעבן
אים דער „פאַרמען" דזשים אין אַ ווייסן אַרבעטס־כאַלאַט און
מיט אַ גראָבער רויטער בלייפעדער אונטערן אויער.

— וועלל, דזשים, עווריטינג אָלרייט? — גיט מיסטער
ליווי אַ שווים מיט די אויגן איבער דער פאַבריק און פאַררייסט
דאָס גערונצלטע פּליכל אַרויף צו דזשימען. ער דערלאַנגט
אים קוים ביז צו דער ברוסט.

— אָלרייט — שאָקלט דזשים מיט זיין בלאָנדן פּאָמאַ־
דירטן קאָפּ, וואָס גלאַנצט ווי אַ מעשענע קויל.

— המ... — ברומט מיסטער ליווי אונטער און כאַפּט אַ
זייטיק בליק צו די פּרעסן. דזשים גיט ביטרע אַ פּינטל מיט די
בלויע, שוימיקע אייגעלעך. ער פאַרשטייט דעם באָס אויפן ווונק
און שפּאַנט האַסטיק צו צו די פּרעסן.

— האַררי אָפּ, באָים! — שרייט ער אַריין אין דער גע־
דיכטער פּאַרע, אַז מיסטער ליווי זאָל הערן, און אַ ווײַלע שפּי־
טער, ווען מיסטער ליווי לאָזט זיך גיין צוריק אין אָפיס אַריין,
וואַרפט ער צו אַביסעלע שטילער, מיט אַ ממזרישן ווונק:

— העי, דזשערוזאַלעם! הייל היטלער!

— ברעך ס'גניק, אַנטיסעמיטניק! גאָו טו העלל! —
ענטפערן אים אָפּ די פּרעסערס, און דער „בלינדער" סעם גיט
טרויעריק אַ שאָקל מיטן קאָפּ:

— נאַריר אַ יידישע פעקטערי, מ'שטיינסגעזאָגט... אוי,
גלות, גלות!...

ער טוט אויס די גאָלדענע קוועטש־ברילן, וואָס ווערן אים
בסדר פאַרלאָפּן מיט פּאַרע, און ווישט זיי איבער מיט אַ טרוי־
קענעם זאַק גלייך פון דער פּרעס אַרויס. ער האַלט זיי אַ ווײַלע
צווישן זיינע איידעלע, בלאַסע פינגער אַנטקעגן דעם ליכט פונם
עלעקטרישן לעמפּל, וואָס טוקט זיך איינדערהייך אין דער פּאַרע
מיט אַ געלן, צעשמירטן אָפּשיין, און ער זיפצט שווער אָפּ. ער
זיפצט תמיד, ווי נאָר ער נעמט פּוצן די ברילן. עס דערמאַנט
זיך אים דעמאָלט דאָס גוטע לעבן, וואָס ער האָט געהאַט איני־

דערהיים. ער איז דאָרט געווען אַן אינקאַסענט ביים „מזרחי", זיך אַרומגעדרייט מיט אַ לעדערנער טעקע אונטערן אָרעם און געווען אַ חשוב ביי מענטשן.

— גלייכסט די קאַנטרי, האַ, סעמעלע? שוין איינמאָל אַ קאַנטרי... — גיט ווילעריש אַ פאַרקוועטש אַן אייגל טשאַרלי דער „עקטער". ער איז אַ גאַנצער מאַכער אין יידישן טעאַטער. וואָס שפּילט אַמאָל אין אַ שבת אין קאַרלטאָן האַלל, און האָט ליב זיך צו באַווייזן ביי דער אַרבעט מיט אַקטיאָרישע שטיקלעך. ער פאַרשאַרצט דאָס פליישיקע פּלאַטש-נעזל, טוט פרייליך אַ רייב די הענט איינע אין דער אַנדערער, און די מידע פּרעסערס ווערן אויפגעלעבט — טשאַרלי הויבט שוין אָן זיינע קונצן... ס'וועט באַלד ווערן לעבעדיק, מ'עט קאָנען אָפּכאַפּן אויף אַ רגע דעם אָטעם. זיי ווינקען צו טשאַרלין אויפן הויכן מלך, וועלכער שטייט אָפּגערוקט אַביסל אָן אַ זייט ביי אַ לאַנגן, בלעכערנעם טיש און לייגט צונויף אין שטויסן די אויסגעפּרעסטע זאַכן. ער אַרבעט דעם גאַנצן טאָג אַ שווייגנדיקער, אַ טיף-פאַרטראַכטער, און די פּרעסערס ווייסן, אַז דאָס טראַכט ער בסדר וועגן דעם ווייבל זיינעם, וואָס איז געבליבן שמעקן ביי היטלערן אין וואַרשע. אַ גאַנצן טאָג האָט מען אים קנאַפּ אין זינען. איצט אָבער, ווען ס'חלשן די הענט פאַר מידקייט און מ'קאָן קוים דערציען דעם טאָג אַרבעט ביזן סוף, דערמאָנט מען זיך מיטאַמאָל, אַז ס'איז דאָ אַ מלך אויף דער וועלט. מ'קוקט אויף אים פון אַלע זייטן, און ביי טשאַרלין טאַנצן די טיפּע, מייזישע אייגעלעך מיט אַ פרייליך בלישטשל.

— כ'וועל אַרבעטן אַ נומער, צ'עט עפּעס זען — ווינקט ער זיך ממזריש איבער מיט די פּרעסערס און לאָזט אַריין אין דער פּאַרע אַ קוויטש מיט אַ נאָכגעמאַכט, ווייבעריש קול:

— מיילאַ־אַ־אַ־ך, מיילאַך!... — קרימט ער איבער דאָס וואַרשעווער לשון, און מלך גיט זיך אַ כאַפּ ווי אַן אָפּגעבריטער, דרייט זיך האַסטיק אוים און קוקט זיך צעטומלט אַרום אין דער ברוינער פּאַרע.

— האַ?...

— כי, כי... לאַכט טשאַרלי — ס׳חלומט זיך אים ס׳וויי־בעלע אין פּוילן... זי מוז זיין אַ ביוטי, איי בעטשע...

— אוי, אַן אַקט, בילעטן צו נעמען! — קוועלן די פּרעס־סערס אָן פון טשאַרלים חכמה, און אַפילו דער מרה־שחורהדי־קער ר׳ עליע קאָן זיך נישט איינהאַלטן און גיט אַ שמייכעלע אינם גרוילעכן קמץ־בערדל אַריין. די פּרעסערס רופן אים „ר׳ עליע מיט די פּייפּערס" צוליב די פּעק צייטונגען, וואָס ער טראָגט מיט זיך שטענדיק אַרום. בעתן „לאַנטש" סדרט ער אויס די צייטונגען אַרום זיך, זאָטלט אָן אַ פּאָר קיילעכדיקע האָרן־ברילן אויף דער הויכער, ביינערדיקער נאָז און לייענט פאַר פאַרן עולם די נייעסן פון דער מלחמה. ער לייענט מיט אַ טרויעריק, צע־צויגן קול, ציט שווער און פּאַוואָליע די ענגלישע ווערטער, און יעדע רגע רייסט זיך פון אים אַרויס אַ צעבראָכענער זיפץ:

— אוי, גאָטעניו, טאַטע־פּאָטער...

ער לייענט ווייטער, שאָקלט צו מיטן קאָפּ און יעדעס מאָל, ווען ער קומט צו צום וואָרט היטלער, גיט ער אַ קוק אויפן עולם פון הינטער די ברילן אַפּער, פאַרגלאָצט די אויגן ווי אַן עוף ביים טרינקען און זאָגט מיט אַ פרום קול:

— ימח שמו וזכרו!

און די פּרעסערס ענטפערן אָפּ:

— אמן!

דער הויכער מלך שטייט די גאַנצע צייט אָפּגעזונדערט אין זיין ווינקעלע און האָרכט זיך שווייגנדיק צו צו די נייעס. ער לאָזט נישט אַראָפּ קיין אויג פון ר׳ עליען און די ביינערדיקע קין־באַקן רוקן זיך ביי אים כסדר אַריין און אַרויס, אַריין און אַרויס. ווען ר׳ עליע ווערט פאַרטיק מיטן לייענען און דער עולם שטעלט זיך צוריק צו דער אַרבעט, שאַרט זיך מלך זייטיק צו אים צו און פרעגט שטיל מיט אַ פאַרלייגט קול:

— און פון וואַרשע איז גאָר נישטאָ קיין נייעס, ר׳ עליע?

— ווו וואַרשע, ווען וואַרשע... ס׳אַ שעכט־הויז, גוטער ברודער, נישט קיין וואַרשע! וואָס פאַראַ נייעס קאָן שוין זיין פון דאָרטן, מ׳שטיינסגעזאָגט... — צעפּירט ר׳ עליע יאושדיק די הענט. מלך לאָזט שטום אַראָפּ דעם קאָפּ און גייט פאַמעלעך

צוריק אויף זיין אָרט צום בלעכערנעם טיש. ר׳ עליע קוקט אים נאָך און צופּט זיך שווייגנדיק דאָס קמץ־בערדל. ס׳איז אים אַ ביטער רחמנות אויפן יונג, און ווען טשאַרלי מיט די פּרעסערס נעמען מלכן צוהאַלטן מיטן ווייבל זיינעם, גייט ער צו אים צו און גיט אים גוטברודעריש אַ קלעפּל אויף דער פּלייצע:

— וויים איך וואָס... אַ חברה לצים, פּוסטע קעפּ... אַ דאגה האָסטו מיט זיי!

מלך מורמלט עפּעס שטילערהייט אין זיך אַריין. ער דרייט זיך אויס צו די שטויסן זאַקן אויפן טיש און נעמט זיך צוריק צו דער אַרבעט. אָבער די אַרבעט גייט אים נישט. זיינע קנאָ־כיקע הענט פליען איבערן טיש, פּלאָנטערן זיך צווישן די זאָקן. ער טרעט איבער פון איין פוס אויפן צווייטן און קוים וואָס ער שטייט איין אויפן אָרט. אַלץ פאַלט אים פון די הענט. ער דער־שלעפּט קוים מיט צרות ביז צו דער מינוט, ווען דזשים, דער „פאָרמען" גיט צו וויסן דעם עולם מיט זיין ברייט־צעצויגן קול: „טיימס אָפּ". מלך באַלעמוטשעט נישט קיין איבעריקע רגע, וואַרפט אין איילעניש אַרויף אויף זיך דאָס רעקל און לאָזט זיך־הענדום־פּענדום אַרויס פון דער פאַבריק.

אינדרויסן, פאַר דער פאַבריק בלייבט ער שטיין אַ רגע, ווישט זיך איבער מיט אַ קויטיק נאָזטיכל דאָס פאַשוויצטע פּנים און לאָזט זיך מיט איילן טריט גיין אַהיים. ער פאַרגינט זיך נישט צו וואַרטן אויף אַ טראַמוויי, אַזוי טראָגט עס אים אונ־טער. ס׳איז אים איבעריק יעדע רגע. ער יאָגט פאָרויס אויף זיינע לאַנגע פיס, זעט פאַר זיך גאָרנישט און שטויסט זיך אין געאיל כסדר אָן אויף מענטשן. אָבער וואָס נענטער ער קומט צו צו דער גאַס, וווּ ער וווינט, אַלץ ווערן זיינע טריט פּאַמעלע־כער און שווערער. ער דערזעט פונדערווייטנס דעם רויטן שפּי־ציקן דאַך פון זיין הייזל. עס שטייט זינט דער מלחמה אָנגעגרייט פאַר זיין ווייבס וועגן, וואַרט אויף איר און וואַרט... ער קוקט אויפן הייזל פונדערווייטנס און שאַרט פּאַמעלעך מיט די פיס. קוים וואָס ער שטעלט די טריט.

— שכנא, ווּ לויפסטו? — רעדט ער צו זיך — וואָס

האָסטו צו פאַרשפּעטיקן? די גרויסע גדולות, וואָס וואַרטן אויף דיר, אַך־און־ווײ!...

ער שלעפּט זיך טריט נאָך טריט, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ איבער דער שטילער גאַס. אַ טיפער, ווײכער שאָטן איז אויסגעלײגט ווי אַ שטיק סאַמעט אין דער קרום און שנײדט פונאַנדער די גאַס אין צוויי העלפטן, אַ ליכטיקע און טונקעלע. די רויטע שינדל־דעכער פון די צוויי רייעס הײזער אויף בײדע זײטן גאַס גלאַנצן ווי פאַרצעלײענע אינם פײערדיקן אָפּשײן פון דער זון, וואָס האָט זיך שוין ביז אין דער העלפט געזעצט הינטער די דעכער, און בלויז אַ פײערדיק רעפטל קילט זיך אויפן נידעריקן, פאַרנאַכטיקן הימל. די גאַס ציט זיך אַ מנוחה־דיקע, אַ טיף־פאַרשלאָפענע, ווי ס'וואָלט ערשט געווען פאַר־טאָגס. די הײזלעך מיט די געפּוצטע, גלײך־געשוירענע פראָנט־גערטנדלעך שטײען פאַרדרימלט מיט אַראָפּגעצויגענע ראָלעטן איבער די פענצטער. מ'זעט נישט קײן לעבעדיקן מענטש, ס'איז שטיל, און מלכם טריט הילכן אָפּ אויפן בעטאָנענעם טראָטואַר מיט אַ שאַרפן, בלעכערנעם ווידערקלאַנג. ער דערנענטערט זיך צו זײן הײזל, וואָס הויקערט זיך יתומדיק אונטערן שיפּן אָפּ־דעכל פון דער וועראַנדע. אַ טויבע, פּוסטע שטילקײט יאָגט פון די פאַרהעמערטע טיר־און־פענצטער, ווי ס'וואָלט דאָ קײנער נישט געוווינט. ער עפנט די דראָטענע פורטקע און קוקט זיך אַרום אין אַלע זײטן, צי ס'איז דאָ עמיץ נישט געווען. אָבער אַלץ איז פּונקט ווי אינדערפרי, ווען ער איז אַוועק צו דער אַרבעט. בלויז אויפן פענצטער ליגט אַ פאַרטריקנט ברייטל, וואָס דער בעקער האָט איבערגעלאָזט. מלך כאַפּט אַ קוק אינם בריוו־קעסטל, אָבער עס איז ליידיק ווי געוויינטלעך. ער ווייס גאַנץ גוט, אַז ער האָט נישט פון וועמען צו קריגן קײן בריוו, און ס'איז נישטאָ קײנער, וואָס וועט צו אים קומען. פונדעסטוועגן, אַז ער קומט אין אָוונט אַהיים פון דער אַרבעט, קוקט ער זיך יעדעסמאָל גוט אַרום אין אַלע זײטן מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ — טאָמער יאָ... עס דאַכט זיך אים דעם גאַנצן טאָג, בעת ער שטייט בײם בלעכערנעם טיש אין דער פאַבריק, אַז עפּעס וואַרט דאָ אויף אים אינדערהײם, עפּעס איז אומגעריכט געקומען, און דאָס האַרץ קלאַפּט אין אים מיט

אַ באַהאַלטענער האָפנונג יעדעסמאָל, ווען ער קומט צו צום שטילן, עלנטן הייזל.

ער שליסט אויף די טיר, וואָס עפנט זיך מיט אַ דינעם, זשאַווערדיקן סקריפּ, און עס שלאָגט אים אַנטקעגן פון די טונקעלע שטובן אַרויס אַ טיפע, פאַרטייעטע שטילקייט, דאָס גלאַנציקע, העל־קאָלירטע מעבל סטאַרטשעט אַרויס פון דער טונקלקייט שטייף און קאַנטיק ווי אין אַ מעבל־געשעפט. אַן איבערגעשטאַנענער שטויביקער ריח הענגט שווער אין דער לופט. אויף אַלעם ליגט אַ גרויער, מאָכיקער שטויב, וואָס האָט זיך אָפּגעזעצט איבערן טאָג. מלך פּראַלט אויף די פענצטער און די טירן, דאָס הויז זאָל זיך אַביסל איבערלופטערן. ער בייסט אויף דער גיך עפּעס איבער און נעמט זיך צו רוימען די שטובן, צו ווישן דעם שטויב פונם מעבל. כאָטש ס'איז נאָך ליכטיק אינדרויסן, צינדט ער אָן אין אַלע שטובן די עלעקטרי, ס'זאָל זיין אַביסל היימלעכער. די עלעקטרי שפּיגלט זיך שאַרף אָפּ אינם מעבל, מיניעט זיך אין דער העלער פּאָליטור און לויפט מיט דינע, גאָלדענע שנירלעך לענג־אויס די קאַנטן. מלך פּוצט דאָס מעבל, ווישט פאַרזיכטיק אַראָפּ דאָס מינדסטע שפּרענקעלע, אַזש אַלץ נעמט פעכלען מיט אַ גלאַנץ פון נייקייט ווי ערשט פון געשעפט אַרויס. ווען דאָס ווייב וואָלט געזען די שיינע, אויסגעפּוצטע שטובן, וואָס ער האָט דאָ אָנגעגרייט פאַר אירעטוועגן, ווי זי וואָלט זיך דאָס געפרייט, געשפּיגלט זיך אין יעדער זאַך... זי האָט אַזוי געחלשט צו האָבן העל מעבל... אַז ער פלעגט מיט איר אַמאָל פאַרבייגיין פאַר שטשערבינסקיס מעבל־געשעפט אויף דער קרולעווסקע, האָט זי נישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון שוי־פענצטער, ווו ס'איז געווען אויסגעשטעלט אַ שלאָף־צימער פון העלן בעזש. אירע אויגן האָבן אַזש געפינקלט, קוקנדיק אין שוי־פענצטער אַריין.

— זע נאָר, מלך, די סיפּיאַלקע — פלעגט זי חנודיק פאַרלייגן אויף אַן אַקסל איר שיינעם קאָפּ מיט די צעכוואַליעטע, ברוינע האָר — זע נאָר אַ „צוש"! ס'אַ שאַנקייט צו קוקן... כ'וואָלט געגעבן אַלץ אין דער וועלט פאַר אַזאַ מעבל!

— וועסט נאָך האָבן העלער מעבל, אַ סך שענער ווי דאָס.

פארלאָז דיך אויף מיר, גוטשע — פלעגט ער איר צוזאָגן. זינט ער האָט אויף איר געלייגט אַן אויג, האָט ער איר געהאַלטן אין איין צוזאָגן גאָלדענע גליקן, געמאָלט איר פייגל אינדערלופטן. און זי די שיינע וואַרשעווער פאַננע, ר׳ מרדכי איזשביצקיס טאָכטער, האָט אים געקוקט גלייך אין מויל אַריין... ער האָט זי, דער אָרימער קאָנסקע־וואָליער בעל־מלאכה־יונג, גענומען מיט די שיינע ריידעלעך זיינע. אַנדערש וואָלט זי זיך גאָרנישט אומגעקוקט אויף אים, כאָטש ער איז געווען אַ שטיקל אייגענער ביי ר׳ מרדכין אין שטוב. ר׳ מרדכי האָט זיך אָנגעקערט אַ ווייטע משפחה, עפּעס אַ שני־שבשלישי, מיט מלכם מאַמען. זי האָט זיך זייער געיחוסט מיט דערדאָזיקער משפּחהשאַפט און גערופן ר׳ מרדכין נישט אַנדערש, נאָר דער פעטער מרדכי פון וואַרשע. אַמאָליקע יאָרן, נאָך אין פאָניעס צייטן, איז ר׳ מרדכי געשטאַנען מיט אַ גרויס געשעפט פון שניידער־צודאַטן אויף דער גענשע און געווען אַ ייד — אַ גביר. ביים פּאָליאַק אָבער איז ער איינגאַנצן אַראָפּ. די שטייערן און די קריזיסן האָבן אים אויס־געשטעלט פאַר אַן אָרימאַן פון פונם גרויסן סוחר איז ער גע־וואָרן אַ „קאָלעקטאָר" פון לאָטעריע־צעטלען, אַרומגעגאַנגען צו די אַמאָליקע קונים זיינע, די טאַנדעטניקעס, און זיך איינגע־בעטן ביי זיי מיט אַן אַכטעלע „לאָס". אָבער ביי מלכם מאַמען אין קאָנסקע־וואָליע איז ער נאָך אַלץ געווען דער שיינער גביר, דער מיוחס, און יעדעסמאָל אין אַן עת־צרה, ווען דער דלות האָט שוין גאָר צוגעדריקט, פלעגט זי גאָרנישט אויפהערן פון אים צו רעדן:

— כ׳על מיר אויסטון ס׳שעם־היטל און שרייבן צום פעטער מרדכי קיין וואַרשע. ר׳וועט מיך נישט לאָזן פאַלן, גישקשה. כ׳האָף נאָר אַ פּיפּס טון, און כ׳בין אַ געהאָלפענע!

אָבער זי האָט עפּעס נישט געקאָנט פועלן ביי זיך אויס־צוטון דאָס שעם־היטל און צו בעטן הילף ביים פעטער מרדכי. דערפאַר, אַז מלך האָט גענומען טראַכטן וועגן אַ תכלית און געוואָלט אַוועק פון פוילן אין דער גרויסער וועלט אַריין, האָט זי גאָרנישט געוואָלט הערן דערפון. זי האָט זיך געלייגט

אין דער לענג און אין דער ברייט, אַז ער זאָל נישט פאָרן אינ־ערגיץ, נאָר קיין וואַרשע צום פעטער מרדכי.

— ווו וועסטו זיך לאָזן אין דער וועלט אריין — האָט זי געטענהט — האָסט דאָך משפחה אין וואַרשע, דעם פעטער מרדכי! אַז מ'האָט אַזאַ משפחה, ווערט מען נישט פאַרפאַלן, מ'דאַרף נישט זוכן קיין גליק ווייס איך ווו...

מלך האָט זיך געלאָזט איבעררעדן און אַוועק קיין וואַרשע. דאָס ערשטע האָט ער אויפגעזוכט דעם פעטער מרדכי. ער האָט געוווינט ערגיץ אין פראַגע אויף אַ דריטן שטאָק. מלך איז אריינגעקומען אין אַ נידעריק, טונקעלע שטוב, ענג אָנגעשטעלט מיט שווערע, אַלט־פרענקישע קאָמאָדעס און שענק מיט מעשענע לייבן־פיסקלעך אויף די טירן. אויף אַלעם אין שטוב איז געלעגן אַן אָפּגעריבענער יורדישער גלאַנץ. די הויכע שענק האָבן זיך קרומלעך געהויקערט מיט די שיף־אַרונטערגעבויגענע גזימסן אונטערן צו נידעריקן פאַרקאָפּטשעטן סופיט. ביים טיש איז געזעסן אַן עלטערער ייד אין אַ צעקנאָדערט סאַמעטן קאַפּל אויפן קאָפּ און מיט אַ פּאָר מידע, שוואַרץ־באַברעמטע אויגן. ער האָט זיך פרום געשאָקלט איבער אַ גמרא און בעת מעשה פאַ־וואָליע געמישט אַ שאַרפע גלאָז טיי מיט אַ גראָב פענעצל ציט־רין. דאָס איז געווען דער פעטער מרדכי. ער האָט פונדערזייט אָפּגעמאָסטן מלכן מיטן בליק, מבינותדיק באַטראַכט זיין שטייפן, פראָווינצער אַנצוג און כלאַחר־יד אַ פרעג־געטון:

— נו, יונגערמאַן, וואָס זאָגט איר גוטס?

מלכן איז געוואָרן שטאַרק נישט ניחא פון ר' מרדכיס בלאַחר־ידיק קול און פונעם פלינקן בליק, מיט וועלכן ער האָט אים אָפּגעמאָסטן. ער האָט אומדרייסט, מיט אַ שטאַמלדיק קול געזאָגט ווער ער איז. ר' מרדכי האָט אים אויפסניי גענומען באַ־טראַכטן פון קאָפּ ביז פיס, געקייעט אַ שפיצל פון זיין לאַנגער, שיטערלעכער באָרד און געקנייטשט דעם שטערן:

— נו יאָ, כ'ווייס שוין — האָט ער דערמאָנענדיק זיך גע־געבן אַ שאָקל מיטן קאָפּ — דעם זיידן דיינעם, מלך־בערן עליו השלום, געדענק איך עפּעס יאָ... דאַכט זיך אויפן ישוב געווען, אַ פּאַכטער, האַ?

— יאָ, יאָ... כ׳היים אויך מלך, נאָכן זיידן, זאָל זיין אָפּ־געשיידט — האָט מלך אונטערגעכאַפּט מיט אַ היימיש, משפּחה־דיק קול.

ר׳ מרדכי האָט אים לויז אָפּגעשטעקט אַ שלום־עליכם מיט ווייכע שפּיץ־פינגער, פרום אָפּגעזיפצט און זיך צוריק פאַרטיפט אין דער גמרא.

— זיץ — האָט ער געגעבן אַ ברום אין דער באָרד אַריין און, נישט אויפהויבנדיק די אויגן פון ספר, אַריינגערופן אין דער צווייטער שטוב אַריין:

— גוטשע, דערלאַנג אַ גלאָז טיי צום טיש.

גוטשע האָט אַריינגעבראַכט אַ גלאָז טיי אויף אַ טאַץ, פּונקט אַזאַ שאַרפס און מיט אַ גראָב פּענעצל ציטרין, ווי עס איז געשטאַנען פאַר ר׳ מרדכין און זיך געקילט.

— ס׳איז קרוב, ערשט געקומען פון קאָנסקע־וואָליע — האָט ר׳ מרדכי אַלץ נישט אָפּווענדנדיק די אויגן פון ספר ווידער אַ ברום געטון.

גוטשע האָט לייכט געגעבן אַ שאָקל מיט איר שיינעם, ברוי־נעם קאָפּ האָר. זי האָט זיך קוים פאַרגונען אַ קוק צו טון אויף מלכן און שווייגנדיק, אָן אַ וואָרט אַרויסצורעדן, אוועקגעשטעלט פאַר אים ס׳גלאָז טיי. ער האָט איר געוואָלט זאָגן אַ שיינעם דאַנק, אָבער ס׳קול זיינס איז געוועז אַזוי שווער און געדיכט, אַז ר׳האָט קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסקריגן, און איידער וואָס־ווען איז זי מיט שמאָלע, מיידליש־צעוויגטע טריטעלעך, וואָס האָבן געפּייקלט מיט די הויכע אָפּצאָסן פלינק און שאַרף, מיט גרויס־שטאָטישער גדלות, אַרויס פון שטוב.

מלך איז אַוועק פון ר׳ מרדכין ווי אַן אָפּגעשמיסענער. אויף אַזאַ ברוך־הבא האָט ער זיך נישט געריכט. בּונדעסטוועגן איז ער אין אַ פּאָר טעג אַרום ווידער אַרויפגעקומען. ס׳האָט אים גע־צויגן צו ר׳ מרדכים שטוב. ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אַרויסגעשלאָגן גוטשען פון קאָפּ. ער האָט כסדר געזען פאַר זיך איר איידל, מאַט פּנים, דעם טיפן גלאַנץ אין אירע שיינע וויין־אויגן. מ׳האָט זיך אויף אים כמעט ווי נישט אומגעקוקט, קוים אַ וואָרט צו אים גערעדט. אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט

איינהאַלטן, און נישט־ווי, נישט־וועןֿ פלעגט ער זיך אַרויפ־
כאַפּן צו ר' מרדכין, אַפּזיצן אַ שטיקל צייט שווייגנדיק ביים טיש
און זיך בריען מיט דער טיי, וואָס גוטשע פלעגט אים שווייגנדיק
יעדעסמאָל דערלאַנגען. מיט דער צייט אָבער האָט מען זיך אָנ־
געהויבן צו אים צוצוגעוווינען און ר'איז דאָרט געוואָרן אַן אָפּ־
טער איינגייער. ר' מרדכי פלעגט אים טייל מאָל אַ פרעג טון,
וואָס ער מאַכט, ווי עס גייט אים עפּעס אין וואַרשע. מלכן איז
געגאַנגען גאָרנישט פויגלדיק. ער האָט זיך בשום אופן נישט גע־
קאָנט דערשלאָגן צו אַ שטעלע ביי זיין פאַך, קאַמאַשן־שטעפּע־
ריי. ער פלעגט אַמאָל אַריינכאַפּן אַ טאָג אַרבעט פאַר אַ האַלבן
לוין ביי אַן אָרימען לוין־שטעפּער און קוים פאַרדינט אויף צו
דערהאַלטן זיך ביים לעבן. וויפיל ער האָט נישט געקאַרגט, זיך
געזשאַלעוועט דעם ביסן, האָט ער כסדר געמוזט איינצערן פונם
ביסל געלט, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך נאָך פונדערהיים.
פאַר ר' מרדכין האָט ער אָבער געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַ
גרויסן פאַרדינער, דערציילט פון פראַנצויזישע געמזעס, פון
טייערע בעלגישע זאַמשן, וואָס גייען פאַר שווערע טויזנטערס
אַרורך דורך זיינע הענט. ר' מרדכי פלעגט אים אויסהאָרכן מיט
גרויס כונה און זיך פּאַוואָליע גלעטן די באָרד.

— וואָדען, אַ מלאכה איז אַ מלוכה — פלעגט ער צובאַמ־
קען און זיך טאַפּן בעת מעשה ביי דער בוזים־קעשענע, אונטער־
זיפצן אין דער שטיל און נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת אַרויסציען
אַן אָנגעשטאָפּטן, צעריבענעם טייסטער.

— וואָס איז מכוח אַן אַכטעלע, מלך? וואָלסט געוועז אַ
בעלן, האַ? — פלעגט ער מכלומרשט דרך־אגבדיק אַ וואָרף טון
און עפענען דעם טייסטער, פון וועלכן ס'האָבן אַרויסגעשפּאַרט
פאַרשידן־קאָלירקע לאָטעריע־צעטלען.

— ס'שפּילט אַ ראָלע... כ'קאָן נעמען אַ גאַנצן צעטל, אַז
ס'האַלט שוין דערביי — האָט מלך זיך שטענדיק געשטעלט
ברייט און געענטפערט אויפן הויכן קול, אַז גוטשע אין דער צוויי־
טער שטוב זאָל הערן.

ר' מרדכי פלעגט צעטומלט אַ פאַכע טאָן מיט די שווערע
ברעמען. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט פאַרקויפט ביי זיינע

טאַנדעש־שניידערס אַ גאַנצן צעטל מיטאַמאָל. אפילו אַ בידנע אַכטעלע פלעגט אים מיט צרות אָנקומען אָפּצושטופּן. ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט פאַרגינען אַזאַ גוטן פדיון — און פון וועמען? פון אַ פּראָווינצער סמאָלע־קאָפּ דאָרט...

— נו, נו, אַ פערטעלע וועט אויך זיין גענוג פאַר דיינעט־וועגן — פלעגט ער פשרהדיק אָוועקמאַכן מיט דער האַנט — מ'דראַף נישט צופיל איינרייסן אויף אַמאָל. אַז דער אויבערשטער וועט העלפן, קאָן מען פון אַ פערטעלע אויך באַגליקט ווערן.

ער פלעגט מיט גרויס פאָרזיכטיקייט אַרויסציען פון טייסטער אַ צעטל, האַלטן אים אַ ווײַלע צווישן די פינגער און פון אונטער די ברעמען אַפער אַ קוק טון אויף מלכן. דערנאָך פלעגט ער כאַפּן אַ זייטיקן בליק אין דער צווייטער שטוב אַריין, ווו גוטשע איז געווען, און ווידער צוריק צו מלכן, אַזוי עטלעכע מאָל.

— כ'וויים... גאָטס באַהאַלטענע דרכים... — פלעגט ער טיף אַ זיפץ טון — נו, מילא...

מלך האָט נישט דערעסן, אָפּגעקומען מיט אַ שטיקל טרוקן ברויט און יעדן פאַרדינטן גראָשן געטראָגן צו ר' מרדכין, געהאַלטן אין איין נעמען ביי אים פערטעלעך ר' מרדכי איז געוואָרן מיט אים גאָר היימיש, געבעטן אים אויף אַ שבת צו מיטאָג: און זיך געהאַלטן מיט אים נאָנט, משפחהדיק. אויך גוטשע איז געוואָרן צו אים צוגעלאָזענער, גערופן אים „קוזין" און ביים קויפן אַ צעטל, פלעגט זי אים העלפן זוכן אַ מזלדיקן נומער.

— זאָל דער קוזין נעמען אַ נומער מיט אַ זיבן, ס'איז מזל־דיק — פלעגט זי אַליין אויסזוכן אין פאָטערס טייסטער אַ צעטל פאַר מלכס וועגן און בלאָזן דערויף מיט אירע וואַרימע מיידלש־אָנגעקוואָלטע ליפּן — פו, פו, זאָל זיין מיט גליק...

מלך פלעגט געלאָסן נעמען דעם צעטל צווישן צוויי פינגער, נאַכלעסיק אים שטופּן אין וועסטל־טעשל אַריין און מאַכן פאַר גוטשען דעם ברייטן אָנשטעל.

— ס'לוינט זיך נישט צו מאַכן קיין צימעס מיט אַ פערטעלע. כ'בין נישט בדלות, אַז ס'וועט פאַרשפּילן — האָט ער ברייט געטענהט — געלט איז ביי מיר בלאָטע...

גוטשעס צוגעלאָזנקייט האָט אים צוגעגעבן קוראַזש און ער

האָט זיך גענומען שרכענען צו איר. ר׳ מרדכי האָט נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און גלייך באַשטאַנען אויפן שידוך. קיין נדן האָט ער גוטשען נישט געהאַט צו געבן. ער האָט געזען, אַז דער יונג חלשט נאָך איר, איז גרייט זי צו נעמען ווי זי גייט און שטייט, אָן אַ גראָשן געלט. נישט אַנדערש, ס׳אַ זיווג באַשערט פון הימל... וואָדען, גלאַט אין דער וועלט אַריין וועט זיך פלוצטאַלבן אויסזוכן עפּעס אַ קרוב פון קאָנסקע־וואָליע, אַזש ר׳ מלך־בערס ע״ה אַן אייניקל? ר׳איז טאַקע געווען אַ פּשוטער ייד, מלך־בער, אַ פּראָסטער גוט־מאָרגן, אָבער אַ פרומער, אַ גרויסער ירא־שמים... אַ פּנים, ר׳איז זיך דאָרט אויבן מטריח...

— זעסט דאָך ס׳איז מן השמים, אַ באַשערטע זאַך — האָט ער געטענהט צו גוטשען, וואָס האָט גערדייט מיט דער נאָז אויפן שידוך. ס׳איז איר נישט אָנגעשטאַנען דער קאָנסקע־וואָליער יחוס. אָבער מלך איז נישט אָפּגעטרעטן פון זייניקן. ער האָט געקערט וועלטן, צוגעזאָגט איר ס׳טעלערל פון הימל און אַזוי לאַנג אין איר אַריינגעטענהט, ביז זי האָט זיך געלאָזט איבערעדן, און מ׳האָט געשטעלט אַ חופּה.

אָבער באַלד נאָך דער חתונה האָט זי געזען, אַז זי איז אַריינגעפאַלן. פון די גאָלדענע גליקן, וואָס מלך האָט איר צוגעזאָגט, האָט זיך אויסגעלאָזט אַן אָרים, פאַרשוואַרצט לעבן. מלך האָט איר צוגעטיילט יעדן גראָשן, קוים פאַרדינט אויף אַ שטיקל טרוקן ברויט. ער האָט זיך אַליץ נישט געקאָנט דערשלאָגן צו אַ שטענדיקער שטעלע און פונקט ווי פאַר דער חתונה געהאַלט אין איין אַרומלויפן צו די קאַמאַשן־מאַכערס, אָפּגעריבן די שוועלן ביי די אָרימע „כאַלופּניקעס", געשנאָרעט ביי זיי אַ טאָג אַרבעט. גוטשע האָט שטילערהייט געשלעפּט דעם דלות, נישט גערעדט קיין הויך וואָרט. אָבער מלך האָט געזען, ווי זי גריזשעט זיך, גייט איין פון טאָג צו טאָג. אירע פולע, ווייניקע אויגן זענען געוואָרן וואָס אַמאָל פינצטערער און ס׳האָט זיך אָפּט אין זיי געצונדן אַ האַרט בלישטשל ווי אַ פרישער שניט אין בליי. דאָס בלישטשל האָט מלכן געבריט, ר׳האָט איר נישט געקאָנט קוקן גלייך אין די אויגן אַריין. פון צייט צו צייט פלעגט ער שטי־

לערהייט אראָפּנעמען פונם שווער־אויסגעהאָרעוועטן געלט א פּאָר גילדן און דערלאַנגען גוטשען.

— כ'האָב געכאַפּט א פּאַרדינסטל פון דער האַנט אַזוועק, נעם עס צו, גוטשע, פונדעווע דיר עפּעס — האָט ער מיט גע־מאַכטער ברייטקייט איר דערלאַנגט דאָס געלט. זי האָט דער־פאַר איינגעקויפט וואַזאָניקלעך, פּאָרצעלייענע צאַצקעס און גע־סטראָיעט דאָס אָרימע, איינשטוביקע דירהלע.

— כ'האָב אַזוי ליב שיינע זאַכן, ס'איז מיין חיות... — האָט זי זיך געשפּיגלט אין די צאַצקעס, געהאַלטן זיי אין איי־פּוצן און וואַשן, און אירע אויגן האָבן דערביי געלויכטן מיטן טיפן, ווייכן גלאַנץ פון אַמאָל.

— וועסט ביי מיר האָבן פון שענסטן און בעסטן, וואָס דיין האַרץ וועט נאָר גלוסטן! ס'וועט נאָך קומען די צייט, נישט געזאָרגט... — האָט ער ווי פאַר דער חתונה זי געפּאַשעט מיט צוזאָגן, גערעדט ברייט, מיט האָפערדיקייט. אָבער אין האַרצן איז ער געווען ביי זיך זייער געפאַלן. די צייטן זענען געוואָרן גאָר ביטער, צו קריגן אַ טאָג אַרבעט איז אים אָנגעקומען וואָס אַמאָל שווערער. אין דער שטוב האָט גענומען פּייפן דער דלות און גוטשע האָט זיך אַרומגעדרייט ווי אַ שאָטן, זיך געגעסן לע־בעדיקערהייט. ס'איז אים ענג געוואָרן די וועלט. ער האָט ווידער גענומען טראַכטן וועגן פאָרן אין דער וועלט אַריין. ס'האָט זיך דעמאָלט גערודערט אין וואַרשע מיט אַ ניי לאַנד, אויסטראַליע, וו מענטשן שאַרן גאָלד אין די גאַסן. מלך האָט אין לעדער־פּאַ־ריין געהערט דערציילן נסים פונם נייעם לאַנד. די קאַמאַשן־שטע־פּערס, וואָס האָבן זיך פונקט ווי ער אַרומגעדרייט ליידיק, האָבן צווישן זיך געשמועסט, אַז אַ בעל־מלאכה כאַפּט מען אויף מיט ביידע הענט, קאַמאַשן־שטעפּערס ווערן דאָרט אָפּגעגילט. דער מינדסטער מענטש דאָרט פּאָרט אַרום אין אַן אייגענעם אויטאָ־מאָביל און יעדער איינער האָט אַ הויז פאַר זיך ווי אַ פּריץ. ער האָט די אַלע גליקן איבערדערציילט פאַר גוטשען, גערעדט מיט אַזאַ ברען, ווי ער וואָלט דאָרט אַליין געווען און אַלץ געזען מיט די אייגענע אויגן. אויך גוטשע האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט אָן דעם נייעם לאַנד. זי האָט גאָרנישט באַלעמוטשעט און גענומען

אַרויספּאַרקויפן אַלץ פון שטוב. זי האָט פאַרזעצט דאָס איינ־ציקע בריליאַנטל, וואָס איז איר נאָך פאַרבליבן פון די גוטע צייטן, ווען איר פאָטער איז געווען אויף דער מדרגה, צוזאַמענ־געקראַצט ווו נאָר אַ גראָשן אויף די הוצאות פאַר מלכן. זי האָט פּונקט ווי ער געברענט, ער זאָל שוין וואָס גיכער אַוועק אין דעם גאָלדענעם לאַנד אַריין. אָבער אַז עס האָט זיך גענומען דערנענטערן די צייט, ווען מלך האָט געדאַרפט אַוועקפאָרן, האָט זי זיך מיטאַמאָל דערשראָקן פאַרן ווייטן, פרעמדן לאַנד. זי בלייבט דאָ נאַקעט און בלויז, ווער ווייס ווי לאַנג זי וועט זיך דאָ דאַרפן מוטשען איינע אַליין, האָט זי געוויינט פאַר מלכן, געקוקט אים שרעקעוודיק אין די אויגן אַריין.

— זיי נישט קיין קינד — האָט זי מלך געטרייסט — איי־דער דו וועסט זיך אומקוקן, וועל איך דיר אַרויסשיקן אַ שיפס־קאַרט מיט פּאַפּירן. וואָס מיינסטו, ס'שפּילט דאָרט אַ ראָלע אַ שיפסקאַרט אין אויסטראַליע? אַז מ'זאָגט, מ'שאַרט דאָרט גאָלד אין די גאַסן, דער פּונט איז בלאָטע...

אָבער קיין גאָלד אין די גאַסן האָט מלך נישט געשאַרט אין אויסטראַליע. אמת, מ'האָט אים צוזאַמען מיט די איבעריקע יידן, וואָס זענען מיט אים געפאָרן, גאָר פיין אָפּגעוואַרט ביי דער שיף מיט גרויסאַרטיקע, גלאַנציקע אויטאָס. אַ ברייטער פּאַרשוין אין אַ פּאָר ווייסע הויזן אויפן אָפּשטייענדיקן בויך — דער פּרעזידענט פון דער יידישער וועלקאָם־סאָסייטי — האָט זיך שטאַרק געפאָרעט מיט די עמיגראַנטן, געהאָלפן אָפּנעמען די קופערטס מיטן באַגאַזש און יעדן איינציקן אויסגעפרעגט, פונוואַנען ער קומט, וואָס פאַרא פאַך ער האָט.

— ביזט אַ שניידער, איז אָלרייט — האָט ער אַלעמען „געדוצט” און גערעדט מיט אַ פאַרצויגן ניגונדל, אַז מ'האָט קוים פאַרשטאַנען אַ וואָרט. ווער ס'איז נישט געווען קיין שניי־דער, דעם האָט ער ביטולדיק אַוועקגעמאַכט מיט זיין שמאַלציק־געלער, צעווירענער האַנט און געקנייטשט די ליפּן:

— נאָך אַ האָקער אין דער קאַנטרי...

— איך בין אַ קאַמאַשן־שטעפּער, אַ וואַרשעווער פאַכמאַן

— האָט זיך מלך געשטופּט צו אים, געמיינט, אַז ער וועט אים אויפכאַפּן מיט ביידע הענט.

— נאָ גוד, אַ האָקער! — האָט אים יענער פּלינק אָפּגע־פּאַרטיקט און זיך אפילו נישט אומגעקוקט אויף אים.

מיטן זעלבן „נאָ גוד" האָט מען אים אויך אָפּגעפּטרט אין דער וועלקאָם־סאָסייטי, וווּ ר'איז טאָג נאָך טאָג געלאָפן, מ'זאָל אים שאַפן אַרבעט. די מאַכערס פון דער סאָסייטי האָבן אים יעדעסמאָל אויפסניי אויסגעפרעגט דיזעלבע קשיות: ווי אַלט ער איז, צי ר'איז אַ בחור, צי אַ באַווייבטער, צי ר'האָט עפּעס געלט. מלך האָט אויף אַלעם געענטפערט גלאַטיק ווי אַ מזמור, אַריינגעוואָרפן אַן ענגליש וואָרט — „יעס", „נאָ" — מ'זאָל זען, אַז ער איז נישט קיין פאַרשלאָפענער. אָבער אַז מ'האָט אים געפרעגט, וואָס זיין פאַך איז, האָט ער אַ געפּאַלענער ביי זיך געשטאַמלט:

— אַ... אַ קאַמאַשן־שטעפּער...

— נאָ גוד, מ'דאַרף דאָ נישט קיין קאַמאַשן־שטעפּערס — האָט מען אים יעדעסמאָל געענטפערט דאָס אייגענע.

— יידן, כ'האָב אַ ווייב אינדערהיים! — האָט זיך מלך געבעטן מיט טרערן אין קול, נישט געוואָלט אָפּטרעטן, ביז מ'האָט אים געגעבן אַ בריוו צו דער פירמע „ליוויי האַזשער־מיללס" און אָנגעזאָגט, אַז ר'זאָל קיינעם נישט געבן דעם בריוו, נאָר דעם מיסטער ליוויי אין דער האַנט אַריין.

— ר'איז אונזערס אַ מעמבער, מיסטער ליוויי, יו אַנדער־סטענד? — האָט מען אים געזאָגט.

מיסטער ליוויי אָבער האָט אפילו נישט געוואָלט צונעמען דעם בריוו פון מלכס הכנעהדיק־אויסגעשטרעקטער האַנט. ער האָט בלויז פונדערווייטנס אַ קוק געטון אויפן קאָנווערט און בייז אַ טרייסל געטון מיטן קאָפּ.

— כ'דאַרף נישט קיינעם, כ'האָב גענוג „הענט".

— כ'האָב איבערגעלאָזט אַ ווייב אינדערהיים, גיט אַ ייד אַ טשענס — האָט מלך הכנעהדיק זיך געבעטן און געשטופּט אים דעם בריוו פון דער סאָסייטי אין די הענט אַריין.

— אַ ווייב, האַ? און איך האָב נישט קיין ווייב, נאָ סער!

— האָט מיסטער ליוויי זיך אויפגעכאַפּט פֿון פּאָטעל, און זיין געדונצלט פּליכל איז געווען פייער־פלאַם. — איינער אַליין האָב איך געסטראָגלט, אויסגעריסן געוואָרן... ס'האָט מיר קיינער נישט געגעבן קיין טשענסעס !... מיט די צען פינגער מיינע האָב איך מיך אַליין אַרויפגעאַרבעט, איינער אַליין ... — האָט ער געדעדט פלינק, מיט אַ פּאַרכליניעט קול און אויפגעהויבן צו מלכן זיינע דינע, קינדערישע הענטלעך, געפּאָכעט מיט פונאַנ־דערגעשפּרייטע פינגער אינדערלופטן. זיין קליין, איינגעשרומפּן גופל האָט איצט אַנטקעגן מלכס הויך־אויפגעשאָסענער גע־שטאַלט אויסגעזען נאָך קלענער, איינגעשרומפּענער. ער איז שטיל געבליבן, שווער איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, און מיט זיינע בולטע, אויסגעוועפּטע אויגן, וואָס זענען לויז געזעסן אין די ביינערדיקע אויגן־לעכער, אַז אָט־אָט פאַלן זיי אַרויס, האָט ער געקוקט אויף מלכן, געמאָסטן זיין הייך פון קאָפּ ביז פיס. מלך איז געשטאַנען אַ צעטומלטער, און זיינע גרויסע, קנאָכיקע הענט זענען אומבאַהאָלפן אַראָפּגעהאַנגען מיטן ברייט פון דער סאָסייטי צווישן די פינגער. מיסטער ליוויי האָט זיך שווייגנדיק באַ־טראַכט, זיך געווישט דאָס פּליכל און פּאַוואָליע, ווי ער וואָלט זיך אַליין נישט געטרויט די ווערטער, געזאָגט :

— דאַזן מעטטער... פאַלט אַריין אַן אַנדערש מאָל, אפשר וועט זיך עפּעס מאַכן, יו נאָו...

און ס'האָט זיך אָנגעהויבן פאַר מלכן אַ לויפעניש צום מיסטער ליוויי. מיסטער ליוויי האָט מיט פאַרזשמורעטע אויג: יעדעסמאָל אויפסניי געמאָסטן מלכס הויכע געשטאַלט, זיך גע־ווישט דאָס פּליכל, און מיט אַ קול פול אָנצוהערעניש געטענהט :

— כ'וואָלט אייך אפשר צוגענומען, אָבער ביי מיר צאָלט מען פולע ווייזשעס. כ'האָב פיינט מאָנקי ביזנעס...

— כ'דאַרף נישט קיין ווייזשעס, כ'האָב אַ ווייב אינדער־היים... — האָט מלך ווי אַן איינגעחזרטן פּיזמון אים יעדעסמאָל געענטפערט דאָס אייגענע, און מיסטער ליוויי האָט ישוב־הדעת־דיק געשאָקלט מיטן קאָפּ :

— וועלל, וועלל... מ'וועט געבן אַ ייד אַ טשענס. קומט אַריין אַן אַנדערש מאָל, מ'וועט שוין זען...

מלך האָט זיך קוים מיט צרות, נאָך אַ צייט לויפן און איינ־בעטן זיך, אַריינגעקריגן צו מיסטער ליוויי אין דער פאַבריק. ער האָט געטריי געהאָרעוועט ביים בלעכערנעם טיש לעבן די פּרעסן. די טעג האָבן זיך געצויגן לאַנג און פאַמעלעך אין דער געדיכטער, קלעפּיקער פאַרע. ער האָט געאַרבעט ווי אין אַ טשאַד, פאַרלוירן דעם חשבון פון די טעג און בלויז געלעבט מיט די פּרייטיקס, ווען ער האָט געקריגן דאָס פאַרקלעפּטע קאָנווערטל מיט די „וויידזשעס". ער האָט געציטערט איבער יעדן גראָשן, פּונקט ווי אין ווארשע זיך נישט פאַרגונען דעם ביסן און געטריי געזאַמלט פאַר גוטשען אויף אַ שיפסקאַרט. ער האָט זי כסדר גע־האַט אין זינען, נאָכאַנאַנד געטראַכט וועגן דעם טאָג, ווען זי וועט קומען צו אים צופאָרן. ער האָט זיך באַצייטנס אַרומגעזען וועגן אַ הייזל, אַ געפּוצטס, מיט אַ פראָנט־גערטנדל, גענומען מעבל אויף אויסצוצאָלן, און דוקא טייערס, פון גאָלדיק־העלער קאָליר, אַזוי ווי גוטשע האָט ליב געהאַט. ער האָט זיך פאַרשול־דיקט איבערן קאָפּ אַריבער, נישט געוווּסט ווי אַזוי ער וועט מיט זיינע „וויידזשעס" אַרויסקריכן פון די חובות. ער האָט גענומען זיך אַביסל צוריקהאַלטן מיטן שיקן אַ שיפסקאַרט. ווילאַנג גוטשע איז נישטאָ, קאָן ער אייגציען דעם פּאַסיק, זיך אויסצאָלן מיט קישקע־געלט. ס'האַרץ איז אים אויסגעגאַנגען נאָך גוטשען, ס'איז געווען פאַר אים אַן אָפּקומעניש יעדער טאָג, וואָס ער איז געווען פון איר אָפּגעשיידט. אָבער ער האָט אַלץ גענומען פאַר ליב, אַבי זי זאָל קומען צום גרייטן. ער האָט זיך באַצייטנס גע־פרייט מיט איר פרייד, ווען זי וועט דערזען דאָס שיינע הייזל, די אויסגעפּוצטע שטובן מיטן טייערן מעבל. זי וועט שטיין אַ פאַרגאַפטע, זיך גאָרנישט קאָנען זאַט אָנקוקן מיט די אַלע שיינע זאַכן, וואָס ער האָט פאַר איר אָנגעגרייט, און אירע אויגן וועלן לייכטן פאַר פרייד מיטן טיפן, ווייניקן גלאַנץ ווי אַמאָל, אין די מיידלשע יאָרן.

— זעסט, גוטשע, דאָס אַלץ איז דיין — וועט ער איר זאָגן און ביי דער האַנט זי אַרומפירן פון שטוב צו שטוב, בדייט אויפפּראַלן פאַר איר איין טיר נאָך דער צווייטער — ס'אַלץ פאַר דיינעטוועגן...

אָבער גוטשען איז נישט געווען באַשערט די פרייד. ער האָט אַזוי לאַנג באַלעמוטשעט מיטן שיקן די שיפסקאַרט, אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג, ביז ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה. צווישן די פרעסערס ביי מיסטער ליוויי אין דער פאַבריק האָט מען אַ שטיק צייט פריער שטאַרק גערעדט וועגן מלחמה. אָבער ר' עליע „מיט די פייפערס" האָט די אַלע רייד אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. ער האָט זיך ביטולדיק געקרימט אין זיין אַליך־ווייסערישן קמיץ־בערדל אַריין, געצייכנט מאַפּעס מיטן פינגער אויף דער דלאָניע, צעלייגט די פּאָליטיק אויף טעלערלעך:

— עט, בלאָטע... — האָט ער אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט — מ'עט אים צעמאַזשען אויף קרעפּל־פליש איינס־צוויי. דעם ימח־שמו! מיט יידן איז ער אַ גאַנצער קנאַקער. די וועלט אָבער ליגט, ברוך השם, נישט אין קימפּעט. ר'סטראַשעט בלויז. דער ימח־שמו, ס'איז נישט מער ווי פּיסק־מלאכה, הערכט מיך!

— אודאי פּיסק־מלאכה, וואָדען... — האָבן די פרעסערס און אויך מלך בתוכם מיטגעהאַלטן מיט ר' עליען. פונדעסטוועגן האָט מלך גענומען שטאַרק אונטערטאַיילן מיט די פּאַפּירן, זיך געבאָרגט געלט אויף רעכטס און אויף לינקס, כדי אויסצוקויפן די שיפסקאַרט, אָבער ביז מלך האָט זיך אויסגעגראַבלט, איז געקומען די ידיעה, אַז היטלער איז אַריין קיין פּוילן. דעם פרייטיק־צו־נאַכטס, ווען ס'איז אָנגעקומען די ידיעה, איז מלך געשלאָפן אַ טויט־מידער נאָך אַ גאַנצער וואָך אַרבעט. מיטאַמאָל האָט אים אויפגעוועקט אַ טומל. פון דער גאַס, וווּ מ'האָט קיינמאָל קיין שאָרך נישט געהערט, האָבן זיך געטראָגן מענטשלעכע קולות, טירן האָבן געקלאַפּט, ס'האָבן זיך געהערט לויפנדיקע טריט. מלך איז אַ דערשראָקענער אַראָפּ פון בעט, אַרויפגעכאַפּט אויף זיך די הויזן און אַרויס אינדרויסן. איבער דער גאַס איז געלאָפן אַ צעשויבערט שייגעצל מיט אַ פּאַק צייטונגען אונטער אָרעם און געוואַלדעוועט:

— עקסטראַ! עקסטראַ!

מלך האָט געכאַפּט אַ צייטונג. דאָס וואָרט „וואָר" האָט מיט גרויסע אותיות אַראָפּגעשריגן פון בלאַט. מלך האָט געקוקט דערויף אַ מבולבלער, גאָרנישט געקאָנט קומען צו זיך.

די גאַס אַרום האָט זיך געצונדן מיט ליכטיקע פּענצטער. פּיר־קאַנטיקע פּאַסן ליכט פון אויפגעפּראַלטע טירן האָבן געטאַנצט איבערן פינצטערן ברוק. מענטשן, האַלב־אויסגעטוענע, מיט פאַרשלאָפן־צעשויבערטע קעפּ האָבן זיך געזאַמלט אין קופּקעלעך און געפּאָכעט מיט פונאַנדערגעשפּרייטע צייטונגס־פּלאַכטעס, וואָס האָבן זיך מהומהדיק געווייסט אין טונקעלן חלל. מ'האָט הויך געערדט צווישן זיך, און די רייד האָבן זיך שטומפּיק אַריינ־געשניטן אין קילן, ביינאַכטיקן חלל אַריין. אַ הינטל מיט אַ פּאַר־ריסן ווײדל האָט זיך מיט אַ געבילעריי געטראָגן אַהין און צוריק איבער דער גאַס. אָן איינגעהאַלטן מיידלש געלעכטערל האָט זיך דראַבנע צעקייקלט אין דער לופט. מלך איז געשטאַנען איינער אַליין לעבן זיין הייזל. ער האָט געוואָלט צוגיין צו די מענטשן, אויסרעדן צו עמיצן אַ לעבעדיק וואָרט. אָבער ס'האָט פון זיי געשלאָגן אַ פרעמדקייט. זייערע קולות האָבן זיך ווי פון ערגיץ ווייט דערטראָגן צו מלכן. ער איז געשטאַנען אַ פאַרלוירענער. ווי ער וואָלט דאָ אַהער פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן, און אין קאָפּ האָט אים נאָכאַנאַנד געקלאַפּט ווי מיט אַ העמערל:

— ס'אַלץ אויס...

צווישן די פּרעסערס אין דער פאַבריק האָט זיך געקאָכט מיט דער מלחמה: אַזאַ אומגליק, אַזאַ בראָך! מ'האָט געקרעכצט אויף יד יידישע צרות, באַוויינט דאָס ביסל יידן אינדערהיים, און ר' עליע האָט יעדן טאָג בעתן „לאַנטש" צוזאַמענגענומען אַרום זיך דעם עולם און אויפן קול געלייענט די נייעסן פון דער מלחמה. ער האָט געלייענט פּאַוואָליע, מיט קאָפּ, פאַרזיכטיק געציילט די ענגלישע ווערטער איינס נאָך איינס, און ביי יעדן וואָרט, וואָס ער האָט נישט פאַרשטאַנען, איז ער געבליבן שטיל אַ ווײַלע, אַרויפגעשאַרצט די ברילן אויפן שטערן און געקוקט אויף טשאַרלין.

— טשאַרלי, ביזט דאָך עפּעס אַ גאַנצער קנאַקער אויף ענגליש, טאָ גיב־זשע אַ קוק, וואָס מ'מיינט דאָ. נאָר פּושע־נישט, מאַך נישט קיין פּוילע שטיק... ס'איז לעבנס־זאַכן...

טשאַרלי האָט בריהש אַ צי געטון די הויזן אַרויף, און זיינע פלינקע אייגעלעך זענען געלאָפן איבער דער צייטונג.

— עקסטערמינײשן... דעסטראַקשן... אַניהילײשן... — האָט ער געלײענט װאָרט בײ װאָרט, און ר׳ עליע האָט יאושדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— עקסטערמינײשן.. דעסטראַקשן... װײ איז צו אונז! אױ אונזערע ייִדן נעבעך אינדערהײם... מ׳דאַרף דאָך שרײַען געװאַלד אין די גאַסן, און דאָ קומט מען אָפּ מיט אַ „רעס־טראַקשן”, און פּטור...

מלך האָט אַ שװײַגנדיקער, מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ זיך צוגעהאָרכט צו די נײַעסן. ס׳האָט זיך אים נאָכאַנאַנד געדאַכט, אַז יעדעס װאָרט, װאָס ר׳ עליע לײענט, איז װעגן גוטשען: זי איז פֿאַרשפּאַרט אין געטאָ, װערט געיאָגט און געפּײניקט, מ׳סמט זי מיט גאַזן... ס׳האָט זיך אים געעקט די װעלט. ער האָט זי אױף אַ רגע נישט געקאָנט אַרױסשלאָגן פֿון געדאַנק. בײ דער אַרבעט האָט ער אין שװערן קרעכצן פֿון די פּרעסן רק געהערט איר נאָמען: גוטשע... גוטשע... ער איז געשטאַנען בײם בלע־בערנעם טיש אַרומגעהילט מיט פּאַרע, און אין דער פּאַרע האָט בסדר געשװעבט פֿאַר אים איר פּנים. אָבער עס איז געװען פֿאַר־װישט, צעשװומען װי די פּאַרע־קנױלן, װאָס האָבן זיך אים גע־דרײט פֿאַר די אױגן. ער האָט זי בשום אופֿן נישט געקאָנט זען קלאָר, לעבעדיק. ער האָט פֿאַרקװעטשט די אױגן, געװאָלט אַרױס־רופֿן איר בילד אין דמיון, אָבער אױך אין זײַן דמיון איז זי גע־שטאַנען אַן אומקלאָרע, אַ צעשװומענע, און װען ער פֿלעגט אומ־געריכט דערהערן טשאַרלין, װי ער רופֿט אים מיט אַ װײבעריש קול: מײלאָך! פֿלעגט אים אַרומכאַפּן אַ ציטער פֿון קאָפּ ביז פּיס. ער האָט שױן מער נישט געקאָנט אײַנשטײן אױף אַן אָרט. די אַרבעט איז אים געפֿאַלן פֿון די הענט. ס׳האָט אים געיאָגט אַהײם אין דעם שטילן הײזל אַרײַן. אַלץ איז דאָרט געשטאַנען גרײט פֿאַר גוטשען, געװאַרט, אין דער שטילקײט פֿון די אױס־געפּוצטע שטובן, אינם העלן גלאַנץ פֿון מעבל איז געלעגן פֿאַר־טײעט אַ בענקשאַפֿט, און אין דער בענקשאַפֿט האָט מלך גע־פֿילט אַ הײמישקײט, אַ נאָענטקײט. אַלץ דאָרט איז געװען אירס. בײ יעדן פּיצל, װאָס ער האָט געקױפֿט אין דער באַלעבאַטישקײט אַרײַן, האָט ער זי געהאַט אין זינען, זיך מישב געװען מיט איר.

ער האָט מיט געטריישאַפט אָפּגעהיטן יעטוועדער זאַך אין הויז און יעדן פּאַרנאַכט, ווען ר׳איז געקומען פון דער אַרבעט, האָט ער געפּוצט און געריימט די שטובן, געהאַלטן אַלץ פריש און ניי. אין דער נייקייט פון די זאַכן איז געווען ווי עפּעס אַ צוזאָג, אַ טיף־באַהאַלטענע טרייסט.

אַז ער איז פּאַרטיק געוואָרן מיטן רוימען, האָט ער זיך לאַנג, מיט שטילע, געמאָסטענע טריט געדרייט פון איין שטוב אין דער צווייטער, זיך געשפּיגלט אינם ביסל באַלעבאַטישקייט. אַממייסטן האָט ער ליב געהאַט זיך צו דרייען אין דער שלאָף־שטוב. דאָרט איז אַלץ געווען פּונקט ווי אין שווי־פּענצטער ביי שטשערבינסקי אויף קרולעווסקע. דאָס ברייטע טאָפּל־בעט מיטן הויכן קאָפּ־שטיק איז געשטאַנען אינדערשיף, איבערגעדעקט מיט אַ גאָלד־זיידענער קאָלדרע. אויף ביידע נאַכט־טישלעך ביי די זייטן בעט האָבן וואַרים געלויכטן צוויי נאַכט־לעמפּלעך מיט אַבאַזשורן פונם זעלבן גאָלדענעם זייד ווי די קאָלדרע און זיך איבערגעקוקט אינם גרויסן, געשליפענעם שפּיגל פון דער טואַלע־טע, אין דער גאָלדיק־העלער פּאָליטור פונם מעבל. אַלץ אַרום האָט זיך געמיניעט מיט אַ גאָלדענעם אָפּשיין, זיך געטונקט אין גאָלד. ס׳האָבן בלויז געפעלט אויף דער טואַלעטע די צוויי גאָלדענע לייכטערלעך מיט די געפלאָכטענע ראָזאַ ליכט, אַז אַלץ זאָל זיין אויף אַ האָר פּונקט ווי ביי שטשערבינסקין.

— ס׳וועלן זיין גאָלדענע לייכטערלעך אויך, כ׳וועל איר נישט זשאַלעווען, גוטשען — האָט מלך הויך געזאָגט, ווי ער וואָלט צו עמיצן גערעדט. עס איז אים איצט געווען עפּעס לייכט אויפן האַרצן. ער האָט זיך בנעימותדיק, מעשה באַלעבאָס, גע־דרייט איבער די אויסגעפּוצטע שטובן. אַלץ אַרום האָט ציכטיק, מיט אַ יום־טובדיקן גלאַנץ געבלאַנקט אינם שאַרפן עלעקטרישן ליכט. עס האָט זיך אים איצט אין דער יום־טובדיקער אויסגעפּוצט־קייט אַרום גאָרנישט געלייגט אויפן דעיון, אַז גוטשע איז אַזוי וויים פון אים, אַז זי איז ביי היטלערן אין די הענט און שטייט אויס די אַלע צרות און פּלאָגן, וואָס ר׳ עליע לייענט פון זיי כסדר אין די בלעטער. אַ באַהאַלטן מחשבהלע האָט זיך אים געפּלאָנטערט אין מוח, אַז זי האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט פון דער מלחמה.

זי איז ערגיץ אויפֿן וועג צו אים, אַ ליאַדע טאָג און זי איז דאָ...

אַ טיפֿע שטילקייט איז געווען צעגאָסן איבערן גאַנצן הויז, געוויִעט פֿון יעדן ווינקעלע אַרויס. מלך האָט לייכט און ווייך געשטעלט די טריט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט אויפֿצורודערן די שטילקייט אַרום. ער האָט געקוקט אויף די שיינע זאַכן, אַ גלעט געטון אַ בענקל, אַ שאַפֿע, און פֿון אַלץ, צו וואָס ער האָט זיך צוגערירט, האָט געשלאָגן אַ ליבע וואַרימקייט, ווי ער וואָלט אָנגערירט עפּעס אַ זאַך פֿון גוטשען. עס האָט זיך אים איצט אַזוי גוט און לייכט געטראַכט וועגן איר, ווי זי וואָלט געווען ערגיץ דערנעבן. ער האָט מיט אַ פֿאַרטאַיעטן אָטעם זיך איינגעהאָרכט אין דער שטילקייט. דאָס מינדסטע שאָרכעלע האָט אים אַדורכגענומען מיט אַ ציטער, ווי ער וואָלט זיך אָט־אָט געריכט אויף איר, אָט־אָט און זי קומט אים אַנטקעגן פֿון אַ זייטיקער שטוב אַרויס... אַלץ אַרום האָט געשפּיגלט, געגלאַנצט, געווען פֿול מיט דערוואַרטונג. ס'האָט זיך מלכן אַלץ געדאַכט, אַז ער הערט גוטשעס טריט, אָט צעפּייקלען זיך איבערן הויז אירע הויכע אָפּצאַסן... און שוין שפּעט אין דער נאַכט, ווען ר'איז געלעגן אין בעט אַ האַלב־פֿאַרשלאָפֿענער, האָט זיך גוטשעס געשטאַלט נאָכאַנאַנד געטראָגן פֿאַר זיינע אויגן. ער האָט זי געזען פּונקט ווי דעמאָלט, ווען ר'איז ס'ערשטע מאָל אַרויפֿגעקומען צו ר' מרדכין: אַ ווייטע און אַ שטאָלצע, מיטן דינעם שמייכעלע אויף די איידל־אָפּגעצויגענע באַקן, מיטן ברוינעם, צעבוואַליעטן קאָפּ האָ־שטאָלץ אַרויפֿגעהויבן. ער האָט זיך געדרייט אין בעט, נישט געקאָנט איינשלאָפֿן. דאָס גאַנצע הויז איז פֿול געווען מיט אַ ביינאַכטיק גראַבלעריי, מיט צוגעדושעטע שאָרכן. זיי האָבן זיך געטראָגן פֿון די ווענט, פֿון מעבל, פֿון אַלע ווינקעלעך, ווי ס'וואָלט זיך עמיצער אַרומגעדרייט. און אין דער פֿינצטערניש, וואָס האָט געדיכט און שוואַרץ ווי סמאָלע זיך געגאָסן פֿון איין שטוב אין דער אַנדערער, געפּלייצט דורך די אָפֿענע טירן, האָבן נאָכאַנאַנד אים געפּייקלט אין די אויערן גוטשעס טריט, אים כסדר אויפֿגעריסן פֿון שלאָף...

א. שולמאַן

# ווי האַלטן מיר מיט דער יידישער קולטור אין די עמיגראַציע־לענדער?

דעם 15טן נאָוועמבער, 1939, האָב איך צום לעצטן מאָל געזען וואַרשע. דער גרעסטער יידישער קיבוץ אין אייראָפּע איז שוין געלעגן דעמאָלט אין חורבות. די זעקס וואָכן דייטשע אָקופּאַציע האָבן אַ סוף געמאַכט צו דעם גאַנצן קולטורעלן בנין, וואָס איז געבויט געוואָרן במשך פון דורות. די דייטשע מיליטערישע מאַשין האָט אַדורכגעאַקערט און חרוב געמאַכט טויזנטער יידישע ישובים און איבער די קעפּ פון די לעבן־געבליבענע יידן זענען שוין דעמאָלט געהאַנגען די אָנזאָגן פון וואָס אַמאָל מער בלוטיקע און מער גרויזאַמע גזירות. דאָס יידישע פּוילן, דער שענסטער און פולבלוטיקסטער צענטער פון יידישן פאָלק, דער פאַרביקסטער און רייכסטער יידישער קולטור־קוואַל איז שוין דעמאָלט געשטאַנען ביי די ראַנדן פון אונטערגאַנג. אין אויסטראַליע, ווו כ׳בין מיטן נאָרמאַלן פּליטים־וועג מגולגל געוואָרן נאָך חדשים וואַנדערונגען, האָב איך צום ערשטן מאָל געזען אַ לעבעדיקן עקזעמפּלאַר פון אַ יידישן עמיגראַנטן־קיבוץ, און דאָ האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט דאָס פּראָבלעם יידישע קולטור און עמיגראַציע אין זיין גאַנצער און וויטיקלעכער גרויס.

אפילו נאָך פאַרן איצטיקן וועלט־קריג איז דאָס פּראָבלעם יידישע קולטור אויף עמיגראַציע געשטאַנען כסדר און אומאויפהערלעך אויף דער טאָג־אָרדנונג. די נייע יידישע צענטערס, וואָס זענען במשך פון די לעצטע הונדערט יאָר אַנטשטאַנען אין די נישט־אייראָפּעאישע לענדער, האָבן אַרויסגערופן אַ גרויסע באַאומרואיקונג. דער נייער שטייגער, וואָס די עמיגראַציע־מאַסן האָבן אויסגעבילדעט אין די נייע היימען, די סטאַטיסטישע טאַ־

בעלן, ווו יידישקייט האט אנגעהויבן צו פארנעמען וואס אמאל קלענערע פאזיצעס, זענען געווען א בארעכטיקטע סיבה פאר דער דאזיקער אומרואיקייט. די עמיגראציע־מאסן האבן זיך נישט בלויז געאגראפיש דערווייטערט פון זייערע פריערדיקע היימען, די דערווייטערונג האט זיך אנגעהויבן איינעסן אזוי ווי זשאווער אין די פארפרעמדטע מנהגים, זיטן און מענטאליטעט פון די עמיגראציע־מאסן. אבער אפילו פאר די גרעסטע פעסימיסטן, וואס האבן נאכגעפארשט מיט זארג די אנטוויקלונג־ליניעס פון דער יידישער עמיגראציע־קולטור, האט עקזיסטירט א דערפרייענדיקע דערשיינונג. די יידישע צענטערס אין די מעבר־לים לענדער זענען נאך כסדר געשטאנען און האבן זיך אנטוויקלט, מיטן פנים געווענדעט צו דער אלטער היים. די בליענדיקע יידישע קולטור אין מזרח און מיטל־אייראפע איז געווען דער קוואל פון וועלכן די עמיגראציע־לענדער האבן אומאויפהערלעך געצויגן זייער יניקה. די טרוקנדיקע אדערן פון די עמיגראציע־קיבוצים זענען כסדר אויפגעפרישט געווארן דורך פרישע בלוט־כוואליעס, וואס האבן געשטראמט פון פולסירנדיקן און ווירבלענדיקן יידישן קולטור־קוואל אין ווארשע, טשערנאוויץ און קאונע.

איצט אבער איז דער דאזיקער ליכט־קוואל פארלאשן געווארן. יעדער פון אונז גלויבט און האפט, אז דאס יידישע פאלק אין אייראפע איז נישט אונטערגעגאנגען, אז הונדערטער טויזנטער און מיליאנען יידן פון פוילן, רומעניע און אנדערע נאצי־אקופירטע לענדער וועלן איבערלעבן די שווארצע דערשיינונג, וואס הייסט היטלעריזם. אבער ווי מיר זאל זיך נישט טרייסטן און ווי מיר זאלן זיך נישט צווינגען צו גלויבן, אז די ידיעות פון נאצי־אייראפע זענען כאטש טיילווייז איבערגעטריבענע, ווייסן מיר אבער, אז ס'וועלן געדויערן צענדליקער יארן ביז די יידישע חורבות אין אייראפע וועלן צוריק אויפגעבויט ווערן, ביז דער יידיש־אייראפעאישער קיבוץ וועט צוריק באקומען זיין באפרוכפערונגס־כוח. דערווייל זענען די יידישע עמיגראציע־צענטערס פאראורטיילט אויף — זעלבסטשטענדיקייט. צי זענען זיי אבער בכוח אויסצוטראגן אויף זייערע פלייצעס די משא, מיט וועלכע יעדע זעלבסטשטענדיקייט איז פארבונדן?

מיר שטעלן די פראגע: צי זענען זיי בכוח און נישט — צי איז פאראן צווישן זיי דער גוטער ווילן — ווייל מיר גלויבן, אז נישט פרומע כוונות, נאר רעאל־ווירקנדיקע באדינגונגען שאפן די מעגלעכקייט פון האדעווען א זעלבסטשטענדיקע און אייגנארטיקע קולטור. און ווי טרויעריק און פעסימיסטיש עס זאל נישט אויספאלן אונזער ווייטערדיקער אויספיר, מוזן מיר דאך דעם דאזיקן טרויעריקן אויספיר דרייסט און ניכטער קוקן אין די אויגן אריין. דאס גרויסע אומגליק, וואס האט אונז גע־טראפן, דער חורבן פון אונזער פאלק, וואס האט נישט זיין גלייכן אין דער מענטשלעכער געשיכטע, מוז זיך קאטאסטרא־פאל אפרופן אויף אלע איבעריקע גלידער פון יידישן שטאם. דערויף טארן מיר נישט פארמאכן די אויגן איבזערע און ס'וועט אונז נישט העלפן, ווען מיר וועלן זיך באמיען צו פארדעקן די טראגישע ווירקלעכקייט מיט אן אפטימיזם וואס שטאמט פון גוטע, אבער אומבאגרינדעטע ווונטשן.

# I

דער פונדאמענטאלער אונטערשייד צווישן דער יידישער קולטור און די קולטורן פון די אומות העולם איז קודם־כל א געאגראפישער. די יידישע קולטור איז קיינמאל נישט געווען פאר־בונדן מיט א באגרענעצט און באשטימט ארט אויף דער מאפע. די יידישע קולטור איז קיינמאל נישט געווען די פונקציע פון איין קאטעגאריע אביעקטיווע באדינגונגען. צוזאמען מיטן יידישן פאלק האט זי אדורכגעמאכט די צוויי טויזנט־יעריקע וואנדערונגען איבער פארשידענע מדינות און געאגראפישע שטחים, ווו זי איז געשטאלטיקט געווארן אונטערן דרוק פון די אומעטום אנדערש־ווירקנדיקע היסטארישע פראצעסן. די אנט־וויקלונגס־ליניע פון דער יידישער קולטור זינט דעם צוזאמענ־ברוך פון יידישן שטאט, איז נישט קיין גראדליניקע און איינ־הייטלעכע — נאר א פארצווייגטע, פונאנדערגעוואקסענע און קוואליטאטיוו פארשידנארטיקע.

אין קעגנזאץ צו אלע אנדערע פעלקער, וועלכע האבן אדורכ־

געמאַכט זייערע אַנטוויקלונגס־פּראָצעסן, אויפגאַנג־פּעריאָדן און אָפּטמאָל אונטערגעגאַנגען אויף טעריטאָריש־באַשטימטע סצע־נעס, האָט זיך די געשיכטע פון יידישן פאָלק אָפּגעשפּילט אויפן ראַנד פון די געשיכטע־בלעטער. און דערפאַר איז די אַנטוויק־לונגס־ליניע פון דער יידישער געשיכטע געגאַנגען זיג־זאַגיק — אויפגאַנג אויף איין אָרט האָט זיך אָפּטמאָל צוזאַמענגעטראָפן מיט אונטערגאַנג אויף אַ צווייט אָרט, שטורם און דראַנג־פּע־ריאָדן זענען פאָרגעקומען פּאַראַלעל מיט פּראָצעסן פון פאַר־ניכטונג. געוועזן מאָמענטן, ווען גרויסע שטיקער פון יידישן פאָלק זענען אַוועקגעפאַלן אין ווירבלענדיקן פּראָצעס פון פרייוויליקער אַסימילאַציע; געוועזן מאָמענטן, ווען אַנדערע טיילן פונם פאָלק זענען פאַרשווונדן געוואָרן צוליב אויסערלעכע גוואַלדטאַטן. אָבער אין דער זעלבער צייט האָבן אַנדערע באַדינגונגען מעג־לעך געמאַכט, אַז דער איבערגעבליבענער קערן זאָל ווייטער שפּי־נען די געשיכטע פון אַ פאָלק, זאָל ווייטער שאַפן די ספּעציפיש־קייט פון אַן אייגנאַרטיקער קולטור.

די יידישע געשיכטע איז אומאויפהערלעך געפלאָסן אונ־טער דער דירעקטער ווירקונג פון צוויי שטענדיקע מיטבאַגליי־טערס — אַנטיסעמיטיזם און אַסימילאַציע. די יידישע געשיכטע איז פון אייביק אָן געווען אַ קייט פון פאַרפאָלגונגען און דיסקרי־מינאַציעס. די קלאַסן־געזעלשאַפטן פון אַלטערטום, מיטלאַלטער און מאָדערנע צייטן האָבן פון שטענדיק אָן אויסגענוצט דעם סאָ־ציאַליזם פאַר נאַראָנים פאַר זייערע קלאַסן־אינטערעסן. דער ייד איז אומעטום געווען דער שעיר לעזאזל, וועלכן דער פאַטרי־ציער, פעאָדאַלער הערשער און מאָדערנער בורזשואַ האָבן צו־געוואָרפן דעם פלעבעיער אַלס רעקאָמפּענסאַטע פאַרן געזעל־שאַפטלעכן נישט־יושר. די פּסיכאָלאָגיע פון אַ קלאַסן־קאָלעקטיוו איז אַן אכזריותדיקע — מיטן בלוט פון די שוואַכסטע ווערן געאיילט די רעדער פון דער געשיכטע.

פון דער צווייטער זייט איז איבער די בלעטער פון דער יידישער געשיכטע געהאַנגען די בייטש פון אַסימילאַציע. אַסי־מילאַציע איז אין פאַרלויף פון דורות געווען דאָס גאָלדענע טויער, וואָס האָט אַרויסגעפירט גרויסע טיילן פון די אָפּאָרטוניס־

טיש־געשטימטע פֿאָלקס־טײלן אויף יענער זײט פֿון — פּאָלי־טיש־נאַציאָנאַלע פֿאַרפֿאָלגונגען. צװישן די דאָזיקע צװײ מיל־שטײנער איז אָבער דאָס יידישע פֿאָלק נישט צעקרישלט גע־װאָרן. פּיזישע אויסראָטונג, אינקװיזיציעס מיט פּאָגראָמען פֿון אײן זײט און — העללעניזם, פֿראַנקיזם מיט מענדעלסאָניזם פֿון דער אַנדערער זײט — האָבן דאָס יידישע פֿאָלק נישט אָפּגע־מעקט. טראָץ דעם אַלעם האָט זיך געפֿונען דער גרויסער און — פֿאַר אידעאַליסטיש־דענקנדיקע היסטאָריקער — מיסטעריעזער כוח, װאָס האָט דאָס יידישע פֿאָלק אַרויסגעפֿירט פֿון די דראָ־ענדיקע פֿעלזן פֿון סצילאַ און כאַריבדאַ.

אין װאָס איז דער דאָזיקער כוח באַשטאַנען? װאָס האָט גורם געװען, אַז טראָץ אַלע אומגינסטיקע באַדינגונגען זאָל דאָס יידישע פֿאָלק עקזיסטירן און האָבן אַנטװיקלט אַזאַ גרויסע און אײגנאַרטיקע קולטור?

בירגערלעכע יידישע היסטאָריקער פּרובירן דאָס דאָזיקע רעטעניש פֿאַרענטפֿערן מיטן כוח פֿון דער יידישער רעליגיע, מיט װעלכער דאָס יידישע פֿאָלק האָט זיך אַרומגעהילט װי מיט אַ פּאַנצער קעגן די פֿאַרניכטונגס־כוחות פֿון אויסנװײניק. די פֿילאָזאָפֿישע שולע פֿון די דײטש־יידישע היסטאָריקער פֿון 19טן יאָרהונדערט, האָט באַטראַכט דאָס יידנטום אַלס אידעאַישן סיסטעם, װאָס לײטערט זיך און קריסטאַליזירט דורך דער געשיכטע און װאָס דאַרף אויספֿירן צװישן די אומות העולם אַ ספּעציעלע מיסיע, אַן אידעאישע שליחות פֿון פֿאַרשפּרײטן די אידעען פֿון רײנעם מאָנאָטעיזם, מענטשנליבע און פֿאָלקס־פֿאַר־ברידערונג. די נײַע אידעאַליסטישע קאָנצעפּציע װאָס איז פֿאָר־מולירט געװאָרן דורך די װאָרטזאָגער פֿון דער מאָדערנער, נאַ־ציאָנאַלער שיטה, האָט פֿאַרענטפֿערט דאָס דערהאַלטן זיך פֿון יידישן פֿאָלק מיטן אויסערגעװײנלעך־שטאַרקן נאַציאָנאַלן חוש הקיום, מיטן אויסערגעװײנלעך־שטאַרקן נאַציאָנאַלן באַװוסט־זײן. אָבער אַזױ װי אַלע אידעאַליסטישע טעאָריעס, דערפֿירן אויך די אויסגערעכנטע גיכער צו אַ פֿאַרטונקעלונג אײדער צו דער לעזונג פֿונם אװעקגעשטעלטן פּראָבלעם. דאָס רעטעניש פֿון קיום האומה איז בכלל קײן רעטעניש נישט. ס'איז גענוג צו באַ־

טראַכטן די יידישע קולטור פון אַן אַנדער קוק־ווינקל, ס'איז גע־
נוג נאָכצופאָרשן די אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק פּאַראַלעל
מיט זיין אַנטוויקלונג אַלס עקאָנאָמישער כוח און די דאָזיקע
פראַגע זאָל פאַרענטפערט ווערן.

קולטור איז אומעטום און אין אַלע באַדינגונגען דער אויס־
דרוק פון עקאָנאָמישן געבוי פון דער געזעלשאַפט. די מערקוויר־
דיקע ענלעכקייטן פון דער מאיא־קולטור אין מעקסיקע, פון דריי־
טויזנט יאָר פאַרן געבורט פון קריסטוסן און די עגיפּטישע קול־
טור פון די צייטן פון כעאָפּס זענען אַ רעזולטאַט פון די אידענ־
טישע באַדינגונגען אין וועלכע די פאַרשידענע קולטורן זענען אַנט־
שטאַנען. די ווייטקייט פון די צוויי געאָגראַפישע שטחים, אָפּגע־
טיילטע דורך אַן אָקעאַן, קאָן פונדעסטוועגן דעם דאָזיקן פאַקט
נישט פאַרלייקענען. די קולטורן פון די אַסיריער און באַבילאָנער
זענען געווען אַ דיאַמעטראַל־פאַרשידנאַרטיקע טראָץ דער געאָגראַ־
פישער נאָנטקייט. די קולטורן זייערע זענען באַשטימט געוואָרן
דורך די פאַרשידנאַרטיקע שטראָמען פון זייערע טייכן עאופראַט
און טיגער, וואָס האָבן גורם געווען די נישט־ענלעכע עקאָנאָמישע
סטרוקטור פון די צוויי שכנותדיקע לענדער. דאָס יידישע פאָלק
האָט געשאַפן אַ יידישע קולטור בלויז אין ד " געשיכטלעכע אָפּ־
שניטן, ווען ס'האָט געשאַפן אַ ספּעציפישע און אייגנאַרטיקע
יידישע עקאָנאָמיק. קיינער פון די יידישע היסטאָריקער האָט
נאָך ביז איצט נישט אָפּגעשאַצט ווי געהעריק דאָס יאָר 1179
פון דער היינטיקער צייט־רעכנונג און ס'איז כמעט ווי זיכער, אַז
ווען נישט די אויבערפלעכלך קליינע געשעעניש אין דאָזיקן
יאָר — אַ באַשלוס אויפן דריטן לאַטעראַנער קאָנגרעס אין רוים
— וואָלט די געשיכטע פון יידישן פאָלק אויסגעזען איצט אינ־
גאַנצן אַנדערש. דער באַשלוס פון לאַטעראַנער קאָנגרעס, וועל־
כער פאַרבאָט די קריסטן צו פאַרנעמען זיך מיט געלט־באָרגי
אונטער דער דראָאונג פון די גרעסטע קירכלעכע שטראָפן —
האָט געעפנט אַ וויכטיק קאַפּיטל אין דער יידישער געשיכטע
דער פערטער לאַטעראַנער קאָנגרעס אונטער דער אָנפירונג פון
אינאָצענטי דעם דריטן, וועלכער האָט געשטעמפּלט די יידן אַלס
פאַריער און ער האָט זיי באַפוילן אָנצוטון די געלע לאַטע, כדי

אזוי ארום זיי אָפּצוטיילן פון די „גלויביקע", האָט בלויז געחתמעט דעם צושטאַנד, וואָס איז געשאַפן געוואָרן מיט 74 יאָר פריער. דער יידישער האַנדל, וועלכער האָט געהאַלטן ביים רואינירט ווערן צוליב די קרייץ־צוגן און צוליב דער אויפריכטונג פון ניי־אַנטשטאַנענע גרויסע איטאַליענישע האַנדלס־צענטערס — האָט געפונען זיין רעטונג אין — וווכעריי. יידן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָלק פון באַנקירן און פּראַצענטניקעס, און מיר האָבן זיך גאָרנישט וואָס צו שעמען מיט אונזער פאַרגאַנגענהייט. די גאַנצע שאַנד פאַרן פלעק אונזערן פאַלט אויף די קעפּ פון די, וואָס האָבן געחתמעט דאָס פערגאַמענט־פאַפּיר אין יאָר 1179.

דאָס אויפשטעלן די געטאָ־מויערן אין דער דאָזיקער צייט איז שוין נישט געווען בלויז אַ דערנידערונגס־אַקט פאַר די געטאָ־איינוווינער. דאָס איז אויך אין אַ גרויסער מאָס געווען אַ פּאָרטי־פיקאַציע פאַר גערודפטע, וועלכע זענען צוליב זייער פּראָפעסיע געווען פאַרהאַסט ביי דער אַרומיקער באַפעלקערונג. מיר ווייסן נישט, וואָס ס'וואָלט געשען מיטן אייראָפּעאישן יידנטום, ווען נישט די רעאַקציאָנערע און אַנטי־הומאַניטאַרע באַשלוסן פון די פּויפּסטלעכע קאָנגרעסן. די געטאָ־מויערן האָבן נישט בלויז באַדעקט די אייראָפּעאישע ערד אַזוי ווי אַ קרעציקער אויסשלאָג אויף אַ מאָראַליש־צעפרעסענעם גוף — זיי האָבן אויך געשאַפן דעם באַסטיאָן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור.

ס'איז אפשר איינער פון די מערקווירדיקסטע פּאַראַדאָקסן וואָס די געשיכטע האָט אָפּגעטון דעם יידישן פאָלק. מיט דריי־הונדערט יאָר פאַר דער קריסטלעכער ערע, ווען ס'איז פאָרגעקומען די מאַסן־עמיגראַציע פון די פּאַלעסטינער יידן קיין עגיפּטן, ווו די אָנגעקומענע האָבן געגאָסן פון פולשטענדיקער קולטורעלער און פּאָליטישער פרייהייט אונטער דער הערשאַפט פון פּטאָלאָמיי, האָט די צאָל פון מיליאָן יידן גענומען צע־שמאָלצן ווערן אַזוי ווי שניי אונטערן אָנריר פון דער פרילינג־זון. דער אַטראַקציע־כוח פון דעמאָקראַטישן העללעניזם האָט פאַרטיפט דעם תהום צווישן די סעקולאַריזירטע יידן פון עגיפּטן מיטן דעמאָלטיקן פּאַלעסטינע־ייד. די סעפּטואַגינטאַ איז געווען

דער ערשטער שטאַפּל אויפן לייטער פון ווייטערדיקער אַסימי־לאַציע. אָבער די קולטורעלע אַסימילאַציע איז בלויז געווען אַ ווידערקול פון אַ פריערדיקער דערשיינונג. די העללעניזירטע יידן האָבן זיך, מיט עטלעכע רגעס פאַר דער גייסטיקער גלייכ־שאַלטונג, אַסימילירט ע ק אָ נ אָ מ י ש. זיי האָבן אָנגענומען די פּראָפעסיעס פון די עגיפּציאַנער, זיי האָבן זיך אָנגעהויבן באַשעפטיקן מיט ערד־אַרבעט, מיט פרייע פּראָפעסיעס און מלאכות פון דער אַלגעמיינער עגיפּטישער באַפעלקערונג. די גע־מיינזאַמע עקאָנאָמיק איז געווען די באַזע פון קולטורעלער פאַר־שטענדיקונג און — צוזאַמענגיסונג. דאָס זעלבע איז אויך פאָר־געקומען מיט אַ גרויסער טייל פון דער יידישער עמיגראַציע אין בבל און אין סיציליע, ווו יידן האָבן זיך באַשעפטיקט — צו־גלייך מיט די בעלי־הבתים זייערע — מיט אַגראַר־אַרבעט. אויך דאָ איז פּאַראַלעל מיט דער עקאָנאָמישער אַסימילאַציע — פאַר־געקומען די אַסימילאַציע פון זיטן און גייסט.

דער מיטלאַלטער האָט די אייראָפּעאישע יידן אָוועקגענו־מען די מעגלעכקייט פון דאָזיקן נסיון. די געטאָ־ווענט, וועלכע זענען אַנטשטאַנען אַלס רעזולטאַט פון דער יידישער אייגנאַרטי־קער באַשעפטיקונג, זענען גלייכצייטיק געוואָרן די שומרים פון יידישקייט.

נישט לאַנג אָבער האָט די געשיכטע באַהאַנדלט דאָס יידי־שע פאָלק אַזוי ווי פריער. די דערפינדונג פון פּולווער האָט אויפגעריסן מיט דער פאַרשימלטער געביידע פון פעאָדאַליזם. דער פונאַנדערוווקס פון די שטעט און אירע איינוווינער, די אַנט־דעקונג פון אַמעריקע, די ערשטע דערפינדונגען אויפן געביט פון אינדוסטרי און טעכניק האָבן אויפגעפּלאַצט דאָס אויפגע־בלאָזענע פאַרזעעניש און אויף דער איבערפלאַך האָבן גענומען אַרויפקומען רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען וועגן ברידערלעכקייט און גלייכהייט. אויף די פאַריזער סען־קיולאָטן האָבן די דאָזיקע לאָ־זונגען געווירקט אַזוי ווי האַשיש. אָבער די געשיכטע האָט פון אייביק אַ טבע צו שלייערן זיך אין פאַלשע גלעזלעך. הינטער די בונטאַריש־רויטע לאָזונגען זענען געווען פאַרשטעקט די אמת־דיקע כוונות פונם אויפקומענדיקן קאַפּיטאַליזם, וועלכער האָט

באַדאַרפט די פרייהייט און גלייכהייט פאַרן פונאַנדערבוי פון זיינע פאַבריק־קוימענס. די געביידע פון מיטלאַלטער איז זיך פונאַנדערגעפאַלן און צוזאַמען מיט איר זענען זיך אויך פונאַנדערגעפאַלן די ווענט פון די פינסטערע יידישע געטאָס. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט צורעכט געמאַכט אַן עוולה, וואָס איז במשך פון הונדערטער יאָרן באַגאַנגען געוואָרן לגבי יידן; יידן האָבן אויפגעהערט צו געניסן פון פ ר י ו ו י ל ע ג י ע ס — זיי האָבן צום ערשטן מאָל אין דער אייראָפּעאישער געשיכטע באַקומען ר ע כ ט. די עמאַנציפּאַציע פונם יידנטום איז געווען אַ פולשטענדיקע. דער געטאָ־ייד האָט פלוצלונג באַקומען די מעגלעכקייט אָנטייל צו נעמען אין עפנטלעכן לעבן, באַזוכן אוניווערזיטעטן, פאַרנעמען זיך מיט פרייע פּראָפעסיעס, אַריינצובאַקומען זיך אין ערטער, וועלכע זענען פריער געווען פאַר אים טאַבו. אויף דער פראַנצויזישער גילאָטינע האָבן, צוגלייך מיט צענדליקער טויזנטער אַנדערע, גענומען אויך פאַלן יידישע אָפּגעשניטענע קעפּ. די גלייכבאַרעכטיקונג איז געווען אַ קאָמפּלעטע. אָבער די דאָזיקע עמאַנציפּאַציע האָט גלייכצייטיק געטראָגן אין איר מוטערטראַכט דעם זוימען פון — חורבן. מיטן מאָמענט, ווען יידן האָבן גענומען אַרויסוואַנדערן פון די געטאָס און זיי האָבן באַקומען צוזאַמען מיט דער איבעריקער באַפעלקערונג אַ צוטריט צו דער אַלגעמיינער ווירטשאַפטלעכער שיסל — האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון גייסטיקער צופּאַסונג און קאָמפּראָמיסן. דאָס געזעץ פון מימיקרע איז אויך גילטיק אין דער ביאָלאָגיע פון האָמאָ סאַפּיענס. די שמד־כוואַליע אין די צייטן פון מענדעלסאָנען איז בלויז געווען דער קאָנסעקווענטער פּועל־יוצא פון אַ דערשיינונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פיל געלאַסענער מיט צענדליקער יאָרן פריער. און אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט עקאָנאָמישער צוזאַמענמישונג, מיט אַסימילאַציע פון שפּראַך, לבוש און זיטן.

דאָס שווערגעוויכט פון דער יידישער קולטור האָט זיך אָנגעהויבן אַריבערטראָגן אויף מזרח. און ווידעראַמאָל באַשטעטיקט זיך דאָ די זעלבע היסטאָרישע סיבה, וואָס האָט גורם געווען, אַז דווקא אין צוריקגעשטאַנענעם צאַרישן רוסלאַנד און

פוילן, זאָל זיך די יידישע קולטור צעבליען אין איר שענסטער פראַכט. די זוימען פון דער יידישער קולטור זענען דאָ געפאַלן אויף אַ פרוכטבאַרן גרונט, וואָס האָט געשאַפן גלענצנדע באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ יידי־שער אייגנאַרטיקייט. דאָס רעטעניש פון די פאַסנדע באַדינגונ־גען ליגט אינם וואָרט „צוריקגעשטאַנענעם". די יידן, וואָס זע־נען דאָ פריער נאָך אָהערגעקומען פון דייטשלאַנד און פראַנק־רייך, האָבן מיט זיך מיטגעברענגט די עקאָנאָמישע דערפאַרונג פון פראָגרעסיוון מערב. און דאָ אין די אָפּגעשטאַנענע עקאָנאָ־מיש — און במילא קולטורעל — לענדער, האָבן זיי געהאַט פרייע הענט צו אַנטוויקלען זייער אייגנאַרטיקן און זעלבסט־שטענדיקן ווירטשאַפטלעכן כוח.

אין דער צייט, ווען די קאַפּיטאַליסטישע רעוואָלוציע האָט איבערגעוועלגערט די אָרדנונג און האָט רעוואָלוציאָניזירט דאָס גאַנצע ווירטשאַפטלעכע און קולטורעלע לעבן פון מערב־אייראָ־פּע, זענען די יידן געוואָרן די איבערפלאַנצער פון די מערב־אייראָפּעאישע לאָזונגען אויפן מזרח, ווו די עקאָנאָמישע צוריק־געשטאַנענקייט האָט דערלויבט לענגער צו עקזיסטירן דעם פעאָדאַליסטישן אָנוווקס. יידן האָבן דאָ גענומען אַ גרויסן אָנ־טייל ביים פונאַנדערבויען דעם האַנדל, ביים פינאַנסירן אָדער דירעקט פונאַנדערבויען די אינדוסטרי, ביים אויפשטעלן שטעט, האַנדלס־צענטערס און אַ פאַרצווייגונג פון אַרבעט־וואַרשטאַטן. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די אייגנאַרטיקייט פון די יידישע באַשעפטיקונגען האָט גורם געווען די אויסבילדונג פון אַן אייגנ־אַרטיקער קולטור, יידן זענען דאָ געוואָרן אַ כוח. די געמיינזאַמע פראָפעסיעס און אינטערעסן, דאָס לעבן אין קאָמפּאַקטע מאַסן, האָבן פאַרשטאַרקט די געמיינזאַמקייט פון שפּראַך און קולטור. דער אַלגעמיינער נידעריקער לעבנס־ניוואָ פון דער אַרומרינג־לונג, האָט אויך נישט געקאָנט האָבן קיין אַטראַקציע־כוח פאַרן יידישן ישוב, וועלכער האָט אין זיך געטראָגן די עלעמענטן פון מערב און מאַסן־אַסימילאַציע האָט דאָ נישט געהאַט קיין באַ־גרינדונג.

אינגאַנצן אַנדערש האָט דאָ אויך געווירקט דער אויסער־

לעבער אַנטיסעמיטיזם, ווי ער האָט צום ביישפּיל געווירקט אין
ביסמאַרקס דייטשלאַנד. דאָרטן האָבן די אַנטיסעמיטישע כוואַ־
ליעס אָפּגעשוואַכט די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פֿון די יידן, וועל־
כע זענען געווען שיטער צעוואָרפֿן אין אַ ים פֿון אַן אַנדערער נאַ־
ציאָנאַליטעט, און די שוואַכערע האָבן גענומען זוכן עקזיסטענץ־
מעגלעכקייטן אויפֿן וועג פֿון צופּאַסן זיך צו דער אומגעבונג.
אין מזרח־איירּאָפּע האָט דער אַנטיסעמיטיזם און די פּאָגראָמען
געהאַט אַ פֿאַרקערטע ווירקונג. אַנטיסעמיטיזם איז דאָ געווען
אַן אָנגריף אויף די גרויסע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, וואָס יידן
האָבן דאָ געשאַפֿן אין פֿאַרלויף פֿון לאַנגע יאָרן, און אַלס נאַ־
טירלעכער רעפֿלעקס אויף די אַנטיסעמיטישע אָנגריפֿן איז גע־
קומען די אינסטינקטיווע זעלבסט־פֿאַרטיידיקונג פֿונם אָנגעגרי־
פֿענעם. יידן האָבן גענומען פֿירן אַ קאַמף מיט דער געפֿאַר, וואָס
האָט באַדראָט זייער קיום. ס׳וועט אפשר זיין אַ גוזמא צו זאָגן,
אָבער אַ גרויס שטיק אמת ליגט באַשטימט אין דער פֿעסטשטע־
לונג, אַז אין אַ גרויסער מאָס האָבן די פּאָליטיש־עקאָנאָמישע
אָנגריף־אַטאַקעס פֿון די אַנטיסעמיטן גורם געווען דעם פֿונאַנ־
דערוווקס פֿון דער יידישער קולטור אין מזרח־איירּאָפּע. כּדי
ווירקזאַמער צו פֿאַרטיידיקן זיך קעגן די אויסערלעכע שונאים,
האָבן זיך יידן ענגער צוזאַמענגעבונדן אין ברייט־פֿונאַנדערגע־
וואַקסענע און וועלטלעכע קהלות, געשאַפֿן גרויסע הילפֿס־אינ־
סטיטוציעס, פֿאַך־אָרגאַניזאַציעס, אַרבעטער־פֿאַריינען, קולטו־
רעלע געזעלשאַפֿטן. עס האָט זיך פֿונאַנדערגעוואַקסן אַ גרויסע
יידישע פּרעסע, יידישע קולטור האָט זיך געשאַרפֿט אין די טאָג־
טעגלעכע קאַמפֿן מיט די נישט־גינסטיקע אומשטענדן, די יידי־
שע קולטור האָט זיך געשמידט אין די פֿייערן פֿון קאַמף. אַלס
פּועל־יוצא פֿון דאָזיקן אומאויפֿהערלעכן שטרייט האָט זיך אויס־
געבילדעט דער טיפּ פֿון נאַציאָנאַל־באַוווסטזיניקן און שטאָלצן
ייד, וואָס האָט פֿאַרביסן געקעמפֿט פֿאַר זיינע מענטשלעכע און
יידישע רעכט. דער עקאָנאָמישער כּוח האָט דעם ייד דאָ געגעבן
דאָס באַוווסטזיין פֿון זיין וויכטיקייט און דעריבער האָט ער רע־
אַגירט אויף די אויסערלעכע עוולות מיט ווירדע. דער אַלטער
טיפּ פֿון קדוש־השמניק איז אונטערגעגאַנגען. דער מאָדערנע־

אַנטיסעמיטיזם האָט באַשאַפן אַ ייד, וואָס איז רייף געוואָרן צום קאַמף פאַר לעבן. חסידיזם און די פאַרשידענע משיחישע באַוועגונגען — וואָס זענען געווען דער דירעקטער פּועל־יוצא פון ערדישן פּעסימיזם און יאוש — האָבן אָנגעהויבן אָפּטרעטן זייער פּלאַץ די גרויסע, מאָדערנע פּאַרטייען, וואָס זענען אַנטשטאַנען אַלס קאַמף־אָרגאַנען פאַר עולם הזה. אפילו דער ציוניזם וואָס האָט געזוכט צו לעזן די יידן־פראַגע אויף דער ליניע פון די אַנטיסעמיטישע הנחות, האָט זיך לעצטנס אָנגעשטויסן אויפן קאַמף־גייסט פון די יידישע מאַסן. אין די אַזוי־גערופענע גלות־לענדער האָבן די יידישע מאַסן זיך לעצטנס גענומען אָפּקערן פון פּאָליטישן ציוניזם.

צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק האָט זיך די יידישע קולטור אַזוי ברייט פונאַנדערגעוואַקסן. יידישע ליטעראַטור האָט זיך צעבליט, יידיש איז געוואָרן די שפּראַך פון די מאַסן, דער אויסדרוק פון זייערע ליידן און פריידן, דאָס געווער אין זייער טאָג־טעגלעכן נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן קאַמף, די שפּראַך אין וועלכער ס'האָט זיך גענומען שאַפן אַ רייכע ליטעראַטור, פּרעסע, שולן און ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

*   *   *

אָבער פּאַמעלעך האָבן די אַסימילאַציע־טענדענצן פון מערב־אייראָפּע אָנגעהויבן צו געפינען זייער באַרעכטיקונג אויך אין די לענדער, ווו יידישע קולטור האָט דערגרייכט איר גייסטיקן קולמינאַציע־פּונקט. דאָס וואָס דער אַנטיסעמיטיזם האָט נישט געקאָנט דערגרייכן מיט זיינע געוואַלט־מעטאָדן, האָבן דערגרייכט די עקאָנאָמישע פאַרענדערונגען אין מזרח־אייראָפּע. דער וווקס פון אַלגעמיין־קולטורעלן ניוואָ פון דער „הערשנדיקער" באַפעלקערונג, האָט גורם געווען אַ פונאַנדערוווקס פון די „אייגענע" עקאָנאָמישע כוחות און אַן אויסבילדונג פון אַן אייגענעם קלאַס סוחרים און בעלי־מלאכות. די עקאָנאָמישע קריזיסן האָבן אויך געצוווּנגען די פּאַופּעריזירטע פּויערים־מאַסן צו פאַרלאָזן די דערפער און קומען אין שטאָט אַריין. זיי האָבן זיך געוואָרפן אויפן סטראַגאַן, מיט וועלכן די הערשנדיקע קלאַסן

האָבן פאַרבלענדעט דעם פאַרצווייפלטן פויער, וואָס האָט זיך געשטיקט אין די רייפן פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט. איבער דער אַנטיסעמיטיזם אין מיטלאַלטער האָט פאַרגעוואָרפן די יידן, אַז זיי פאַרנעמען זיך מיט נישט־ערלעכע פרנסות און האָבן גערופן די קריסטן צו פאַרניכטן די נעסטן פון באַנקירן און געלט־באָרגער, האָט דער מאָדערנער אַנטיסעמיטיזם געענ־דערט די מעטאָדן פון קאַמף. נישט צו פ אַ ר נ י כ ט ן די יידישע פּאָזיציעס האָבן די מאָדערנע אַנטיסעמיטן גערופן, נאָר צו פ אַ ר כ אַ פּ ן זיי, אַרויסצושטויסן די יידן פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און אַליין ווערן די אייגנטימערס פון יידישן סטראַגאַן. אָבער נישט די פּאָגראָם־לאָזונגען האָבן אַרויסגערופן די ווירטשאַפטלעכע איבערשיכטונג, נאָר פאַר־קערט — עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאַמעלעכע, אָבער אומ־רחמנותדיקע פאַרקלענערונג פון דער עקאָנאָמישער ראָלע, וואָס יידן האָבן געשפּילט אין די דאָזיקע לענדער. די ציפער־ענדערינג איז נאָך דערווייל געווען אַ נישט־וועזנטלעכע, אָבער אַ דראַ־ענדיקע.

די סיסטעמאַטישע פאַרקלענערונג פון דער עקאָנאָמישער ראָלע, וואָס יידן האָבן געשפּילט אין די דאָזיקע לענדער, האָט זיך אויך אָפּגעשלאָגן אויף זייער קולטורעלן כוח. צענדליקער טויזנטער אַרויסגעשטויסענע פון זייערע ביז איצטיקע פּאָזי־ציעס, זענען געצוווּנגען געווען צו זוכן פרנסה אין אַנדערע ווירטשאַפטלעכע צווייגן. אין די ביז איצטיקע „יידישע" פרנסות באַקומען זיך אַריין וואָס אַמאָל מער נישט־יידן און די איינ־הייטלעכע קולטורעלע רייף, וואָס האָט ביז איצט אַלעמען צו־זאַמענגעשמידט — הויבט אָן לויזער צו ווערן. די פאַרקלענע־רונג פון יידישן אַנטייל אין די אייגנאַרטיק־יידישע פרנסות פון איין זייט און דאָס אַריינקומען פון נישט־יידישע עלעמענטן אין די ערטער, וועלכע זענען פריער געווען באַהערשט אויס־

שליסלעך דורך יידן — האָט זיך אָפּגעשלאָגן אויפן ווקס פון דער אַלגעמיינער אַסימילאַציע.

* * *

די ריכטיקייט וועגן די גלייכצייטיק ווירקנדיקע ליניעס פון סאָציאַל־עקאָנאָמישן געבוי און קולטור באַשטעטיקט זיך בולט און פּלאַסטיש אין ראַטן־פאַרבאַנד. אפילו אָנהענגער פון סאָוויעט־רוסלאַנד זענען מודה, אַז די אַסימילאַציע צווישן די דאָרטיקע יידישע מאַסן איז אַ גרויסע און אַ רעטזלהאַפטע. רעטזלהאַפט דערפאַר, ווייל במשך פון די 27 יאָר זינט דעם אויסברוך פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, האָט דאָרט נישט געווירקט דער דעסטרוקטיווער כוח, וואָס האָט זינט דעם חורבן ירושלים באַגלייט דאָס יידישע פאָלק אַזוי ווי אַ טראַגישער שאָטן — דער אַנטיסעמיטיזם. די קנאַפּע פיר מיליאָן ראַטן־פאַרבאַנדי־שע יידן האָבן נישט געוווסט פון קיין נאַציאָנאַלע רדיפות. פאַר־קערט, די סאָוויעטישע קאָנסטיטוציע האָט יעדן פון די דאָרטי־קע נאַציאָנאַליטעטן פאַרזיכערט דעם מאַקסימום פרייהייט אין קולטורעלער און נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג. טאָ פונוואַנען נעמט זיך דאָרט דער גרויסער פּראָצענט פון רוסיפיצירטע יידן. פונ־וואַנען האָט זיך גענומען דאָס, וואָס אַ גרויסער טייל פון יינגן יידישן דור, וועלכער איז דערצויגן געוואָרן אונטער די פליגלען פון דער רעוואָלוציע, איז אַ רוסיש־דענקנדיקער און יידיש־אָפּגעפרעמדטער ?

דאָס דאָזיקע רעטעניש איז לגמרי נישט קיין רעטעניש, ווען מיר זאָלן זיך צוקוקן צו דער גרויסער איבערשיכטונג, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן די יידן במשך פון די עטלעכע־און־צוואַנציק יאָר סאָוויעטישער הערשאַפט. די מאַסן־פּראָדוקטי־וויזאַציע פון די הונדערטער טויזנטער קליינשטעטלדיקע לופט־מענטשן, האָט מיטאַמאָל אַריינגעוואָרפן די אַמאָליקע מנחם מענדלס אינם גרויסן קעסל פון די סאָוויעטישע פאַבריקן, קאָל־כאָזן און רעגירונגס־אַמטן. די יידישע מינדערהייט איז — אין עקאָנאָמישן זין — געוואָרן גלייכגעשאַלטעט מיט דער איבערי־קער 170 מיליאָניקער סאָוויעטישער באַפעלקערונג, האָט אויפ־

געהערט צו זיין דער אייגנאַרטיקער ווירטשאַפטלעכער כוח, ווי ער איז געווען ביים צאַריזם. האָט זיך אויסגעמישט מיט די רוסישע שכנים און במילא — איז ער געוואָרן אָנגעזאָפּט מיט אַלע אייגנשאַפטן פון דער אַרומרינגלונג — מיט דער שפּראַך, מענטאַליטעט און קולטור. די יידישע מאַסן אין ראַטן־פאַרבאַנד זענען אַסימילירט געוואָרן אָן דער פון אויבנווייניק אָנגעוואָרפענער צוואַנג־אַסימילאַציע. די אַסימילאַציע איז געווען אַ נאַטירלעכע, אַ קאָנסעקווענטער פועל־יוצא פון דער געענדערטער ווירקלעכקייט. ליבהאָבער פון דער יידישער קולטור קאָנען האָבן אַ פאַרדרוס צוליב דער אַנטשטאַנענער ווירקלעכקייט. אָבער דער דאָזיקער פאַרדרוס פאַרלייקנט נישט דעם פאַקט, אַז די דאָזיקע ווירקלעכקייט איז געקומען אַלס רעזולטאַט פון אַ דערשיינונג, וואָס איז אומבאַדינגט פּראָגרעסיוו אין יידישן לעבן — אַלס רעזולטאַט פון פּראָדוקטיוויזאַציע, אַלגעמיינע העכערונג פון קולטורעלן ניוואָ און פּראָגרעסיווע, סאָציאַלע ענדערונגען.

דער ביישפּיל פון ראַטן־פאַרבאַנד באַווייזט אונז נאָכאַמאָל, ווי ריכטיק ס'איז דער געדאַנק וועגן דעם ענגן צוזאַמענהאַנג צווישן יידישער עקאָנאָמיק מיט יידישער קולטור.

## II

עמיגראַציע איז שטענדיק געווען אַן אומטיילבאַרער עלעמענט פון דער יידישער געשיכטע. די גאַנצע יידישע געשיכטע איז דאָך אייגנטלעך איין גרויסער עמיגראַציע־צוג פון איין לאַנד אין אַ צווייטן. אין די דאָזיקע אַלע עמיגראַציע־וואַנדערונגען — ביז צו דער מאָדערנער מאַסן־עמיגראַציע פון 19טן יאָרהונדערט — איז פאַראַן אַ געמיינזאַמער כאַראַקטעריסטישער שטריך: דאָס יידישע פאָלק, אָדער טיילן פון יידישן פאָלק האָבן שטענדיק געוואַנדערט פון אַ העכער־אַנטוויקלט לאַנד אין אַן אַנדער לאַנד, וואָס איז טעכניש, אינדוסטריעל אָדער קולטורעל געשטאַנען נידריקער. די יידישע דערפאַרונגען אין האַנדל אָדער אין פאַרשידענע מלאכות האָבן באַוויזן פיל העכערס פון נידריקער־אַנטוויקלטע לענדער אַראָפּצובריינגען יידן און אַזוי אַרום

אויסצופֿילן דעם בלויז אין דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פֿון לאַנד. אָבער ביים סוף פֿון 18טן און אין אָנהויב פֿון 19טן יאָר־הונדערט האָט זיך דער שטראָם פֿון דער יידישער עמיגראַציע אויסגעדרייט אויף גאַנצע 180 גראַד. יידן פֿון צוריקגעשטאַנענעם צאַרישן רוסלאַנד האָבן אָנגעהויבן צו עמיגרירן אין די פֿאַריינקיטע שטאַטן. הונדערטער טויזנטער יידן פֿון מזרח־פּוילן, רומעניע און באַלטישע לענדער האָבן זיך צעשפּרייט איבער אַלע ווינקלען פֿונם ערד־קויל. די קליינשטעטלדיקע יידן פֿון צוריקגעשטאַנענעם מזרח־אייראָפּע האָבן גלייך ביים אַראָפּקומען אין די נייע וווין־ערטער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ דערשיינונג, וואָס האָט רעוואָלוציאָניזירט זייער גאַנצן לעבנס־שטייגער — אַ הויך־אַנטוויקלטע און מאָדערנע טעכניק. די אַלטע ספּעציפֿיש־אייגנאַרטיקע יידישע פּראָפֿעסיעס, וואָס די עמיגראַנטן־מאַסן האָבן יאָרן־לאַנג געהאָדעוועט אין זייערע פֿריערדיקע היימען — האָבן זיך אַרויסגעוויזן נ י ש ט פּאַסיק פֿאַר די נייע באַדינגונגען. און דעריבער האָט זיך דאָ געפֿאָדערט אַ באַלדיקע און גרונטלעכע איבערשיכטונג — אַן איבערשיכטונג, וואָס האָט אויפֿגעריסן די ביז־איצטיקע עקאָנאָמישע אייגנאַרטיקייט פֿון די אָנגעקומענע מאַסן. אויב מיר זאָלן צום דאָזיקן קאָלאָסאַלן איבערשיכטונגס־פּראָצעס צולייגן אונזער פֿריער באַגרינדעטע מאָס — אַז מיטן מאָמענט פֿון עקאָנאָמישער אַסימילאַציע פֿאַרגייט אויך די קולטורעלע זעלבסטשטענדיקייט — וואָלטן מיר געדאַרפֿט דערהאַלטן דעם פֿריער־אַרויסגעדרונגענעם פּועל־יוצא: איינשרומפּן און וועלקן צוזאַמען מיט דער פֿאַרקלענערונג פֿון דער יידישער זעלבסטשטענדיקער ראָלע אין דער ווירטשאַפֿט. — אַז די יידישע קולטור אויף עמיגראַציע האָט זיך גענומען און אַזוי ווי אין אַ געוויינטלעכן כעמישן פּראָצעס, ווו אַ רעזולטאַט קאָן פֿאָרויס באַשטימט ווערן דורכן אָנווענדן די זעלבע כעמישע עלעמענטן, אַזוי דערהאַלטן מיר אויך דאָ דעם פֿריערדיקן אויספֿיר. די טענדענץ־ליניעס פֿון דער יידישער קולטור אין די עמיגראַציע־לענדער זענען געווענדעט באַרג־אַראָפּ. און אויב מיר זאָלן אויפֿן סמך פֿון די דאָזיקע טענדענץ־ריכטונגען אַרויסדרינ־

וען נביאות אויף דער צוקונפט, וועלן מיר דערגיין צו א גאר פעסימיסטישן מוסר השכל.

דער גרעסטער יידישער קיבוץ אויף דער וועלט — אין די פאראייניקטע שטאטן — געפינט זיך אין א צושטאנד פון פונאנדערפאל. אין צוויי ענלעכע סימפאזיומס, וועלכע זענען לעצטנס אדורכגעפירט געווארן אין די צוויי וויכטיקסטע אמעריקאנער אויסגאבעס „צוקונפט" און „יידישע קולטור" איז אונטערגעפירט געווארן דער בילאנס פון די ביז־איצטיקע דערגרייכונגען אויפן געביט פון יידישער קולטור. ס'זענען אויך ארויסגעזאגט געווארן השערות וועגן די אויסזיכטן און פערספעקטיוון אויף דער נאנטסטער צוקונפט. דער גרעסטער טייל פון די אינטערפעלירטע טראגט זיך נישט ארום מיט קיין אילוזיעס. דער יידישער קיבוץ אין אמעריקע געפינט זיך אין א צושטאנד פון אנגליקאניזאציע. אויב אין איצטיקן מאמענט קאנען מיר שוין פארצייכנען א גרויסע אסימילאציע־כוואליע צווישן דעם איצטיקן דור פון די עמיגראנטן — איז די לאגע ביי דער אונטערוואקסנדיקער יונגער גענעראציע א קאטאסטראפאלע. „ענגליש — זאגט דר. ש. מארגאשעס אין דער „צוקונפט"־סימפאזיע — איז שוין געווארן די אויסשליסלעכע באדארף און קולטור־שפראך פון אונזער יונגן יידישן דור. די צאל יידיש־רעדער — כאטש זי שטעלט נאך אלץ מיט זיך פאר, לויטן גארנישט זיכערן חשבון פון דער לעצטער אמעריקאנער פאלק־ציילונג, א היפשן כוח — ווערט אלץ קלענער. און נישט בלויז דערפאר, ווייל די שטערבלעכקייט צווישן די עלטערע גרופעס, וואס באנוצן זיך מיט יידיש איז אן ערך גרעסער ווי די געבורטס־ראטע, וואס פראדוצירט אמעריקאנער יידישיסטן. אן ענלעכער פראצעס פון פונאנדערפאל פון די צאמען, וואס שאפן דיפערענצירונג קומט פאר אויפן געביט פון יידישער דערציאונג. מער ווי צוויי־דריטל פון דער גאנצער יידישער יוגנט אין שול־עלטער קריגט נישט קיין שום יידישע דערציאונג אין ניו־יארק. אין אנדערע יידישע ישובים איבערן לאנד איז די פראפארץ אביסל אן אנדערע, אבער דאס אלגעמיינע בילד ווערט דערפון נישט געענדערט. דערצו דארף מען אין זינען האבן, אז צווישן די דאזיקע וואס געניסן פון יידישן אונטערריכט איז

די הערשנדיקע שיטה — א מינימום יידישקייט א פאקט, וואס ווערט נישט פונדאמענטאל געענדערט דורך די העבערע קורסן אין העברעאיש און העברעאישער קולטור אין א טייל תלמוד תורות און העברעאישע שולן, וואס ווערן באזוכט, אגב, פון ווינציקער פון פינף פראצענט פון דער יאנגצער יידישער יוגנטלעכער באפעלקערונג אין אמעריקע".

דער יונגער יידישער דור ווערט דערצויגן אין ענגליש. אחוץ מיט די שול־קאנגרעגיישנס האט ער — מייסטנטייל — קיין געמיינזאמעס נישט מיטן יידישן פאלק. די עראזיע פון אסימילאציע גראבט טיפער. ס'איז נישט פאראן אין דעם מיליאניקן קיבוץ קיין אנזאג פון אן אונטערוואקסנדיקן דור יידישע שרייבער. נישטא קיין אונטערוואקסנדיקער דור יידישע אקטיארן, זשורנאליסטן, וויסנשאפטלער, קולטור־טוער. דער יידישער קיבוץ אין די פאריייניקטע שטאטן איז ענלעך צו אן עקרה, וועמענס מוטערטראכט איז א פארשלאסענע און מיטן פיזישן טויט פון דער מוטער איז דער שטאם פאראורטיילט צום אונטערגאנג. אמת, ס'זענען פאראן יידישע דענקער, וואס באטראכטן דעם נייעם ענגליש־רעדנדיקן און ענגליש־טראכטנדיקן יידישן דור פאר א פאזיטיווע דערשיינונג. אבער ווען מיר רעדן וועגן יידישע קולטור, מיינען מיר עפעס מער ווי אן אבאנאמענט אפצאל אין איינער פון די קאנגרעגיישנס.

דער אסימילאציע־שטראם אין די אנגלא־זאקסישע לענדער טראגט זיך מיט אזא דינאמישן כוח, אז ס'וואלט געווען א פעלער צו דערקלערן עס בלויז מיט דער אומבייטונג פון דער פראפעסיע און מיט די סיבות, וואס ווירקן פון אויסנווייניק.

ס'איז א נארמאלער פראצעס, אז קליינע קולטורן ווערן צעשמאלצן און אפגעווישט אין דער דירעקטער שכנות פון העבערע ציוויליזאציעס. די אזיאטישע וואנדאלן האבן טאקע גובר געווען די רוימישע חיילות און האבן צעפלינדערט דאס אפענבינישע האלב־אינזל. אבער דער סוף איז געווען, אז די בארבארן אליין זענען באזיגט געווארן אונטער דער ווירקונג פון דער

פיל העכערער ראמאנישער ציוויליזאציע. דער בארבארישער מיליטערישער זיג איז געווען בלויז אויבערפלעכלעך און עפעמערידיש — די בארבארן זענען פארשוווּנדן געוואָרן פון דער אויבערפלאך נאך איידער דער דור פון די באזיגטע האט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. זיי זענען פולשטענדיק אסימילירט געוואָרן מיט די העכער־אנטוויקלטע באזיגטע. דער פראצעס פון אסימילאציע צווישן די יידישע עמיגראנטן פון צוריקגעשטאנענעם מזרח־אייראפע איז דעריבער א נאטירלעכער און זעלבסטפארשטענדלעכער. אבער אין יעדן דעסטרוקציע־פראצעס איז פאראן א געוויסער סכום ווידערשטאנדס־פעאיקייט מצד דעם „מאריבונדום" — מצד דעם יחיד, וואס איז פארמשפט אויף אונטערגאנג. ווען מיר נעמען אבער אין באטראכט די שנעלקייט פון אסימילאציע־פראצעס צווישן די יידישע עמיגראנטן־מאסן, באגעגענען מיר זיך מיט א ווידערשטאנד פון א זייער קליינעם קאליבר. אויסער עטלעכע אנשטרענגונגען מצד געוויסע יידישיסטישע אדער פאליטישע צענטערס, באגעגנט איר זיך נישט מיט א גרויסן פארטיידיקונגס־שטראם, וואס זאל זיך ספאנטאניש אנטקעגנשטעלן דעם פראצעס פון ליקווידאציע. און די סיבה פון דער דאזיקער פאסיוויטעט ליגט — הויפטזעכלעך — אין דער פסיכאלאגיע פונם עמיגראציע־עלעמענט.

עקאנאמישע עמיגראציע איז דאך סוף־כל־סוף א באוועגונג, וואס די „אידעע" אירע איז די פארבעסערונג פון די מאטעריעלע און נ י ש ט פון די סאציאלע פאזיציעס. די אידעאלאגיע פון אזא מין אויסוואנדערונג איז גיכער אן עולם־הזהדיקע, אן ארגאניזירטער ווילן צו פארבעסערן דעם לעבנס־ניוואָ נישט אויפן באדן פון סאציאל־פאליטישע ענדערונגען, נאר אויפן וועג פון פארבעסערטע באדינגונגען אין דער זעלבער סאציאלער ארדנונג. אין דעם כאראקטער פון אזא מין באוועגונג ליגט דער זוימען פון דעם צוקונפטיקן קולטורעלן אפארטוניזם. די ניי־געשאפענע באדינגונגען פאדערן פונם אנגעקומענעם עמיגראנט נישט בלויז צו טוישן אדער צו פארפולקאמען די פראפעסיע זיינע — דאס נייע לאנד פאדערט פון אים אויך

דעם קרבן־עולה פון אסימילאציע. אנטקעגנשטעלן זיך דער דאָזיקער פאָדערונג פאַרלאַנגט שווערע אָנשטרענגונגען און דערויף איז דער קליינבירגערלעכער עמיגראַציע־עלעמענט נישט פעאיק. קליינבירגערטום איז פון כאַראַקטער מער אָפּאָטוניסטיש, געסטאַיעט און גענייגט באַאיינפלוסט צו ווערן פון קוואַנטיטאַטיוו־שטאַרקערע שטראָמען. און אַזוי ווי דאָס וואָרט „פרעמדער" און דער עיקר — „ייד" איז זיך אין די היינטיקע באַדינגונגען סותר מיטן באַגריף לעבנס־מעגלעכקייט, באַמיט מען זיך אָראָפּצורוימען פון וועג אַלע שטערונגען, וואָס פירן צום עולם־הזהדיקן ציל.

עס קלינגט אפשר מאָדנע — אָבער דער דעמאָקראַטישער כאַראַקטער פון דעם גרעסטן טייל עמיגראַציע־לענדער האָט אויך געווירקט אויף דער פ אַ ר ש נ ע ל ע ר ו נ ג פונם אַסימילאַציע־פראָצעס אויף די יידישע מאַסן. אויב אין די אַנטיסעמיטישע און ־רעאַקציאָנערע לענדער האָבן די יידן פאַרביסן געקעמפט פאַר מענטשלעכע און יידישע רעכט און האָבן אַרויסגעשטעלט מאַקסימאַלע פאָדערונגען, שטעלן זיי דאָ קיין מינימאַלע פאָדערונג אויך נישט אַרויס. די פרעמדקייט, די אָפּגעזונדערטקייט, די שווערע שפּראַך, די אייגענע אומגעלומפּערטקייט, די נייע מנהגים, צו וועלכע מען מוז זיך צופּאַסן און דער קליינבירגערלעכער כאַראַקטער פונם עמיגראַנט האָט גורם געווען אַ פולשטענדיקע פּאַסיוויטעט אויפן געביט פון קאַמף פאַר יידישע רעכט. דער אָנגעקומענער — אַ געדרודפּטער פון פּאָגראָמען, נאַציאָנאַלע דיסקרימינאַציעס, לאַנגע יאָרן פאַרפאָלגונגען און אומגערעכטיקייט, איז דאַנקבאַר דעם נייעם לאַנד, וואָס מען קאָן דאָ לעבן אַלס מ ע נ ט ש, און פאַר דעם פּרייז רעזיגנירט מען פון ווילן צו לעבן אַלס י י ד. אויב מען איז צוליב סענטימענט־סיבות אָדער צוליב פשוטער אומפעאיקייט נישט אויסגעשטעלט אויף ב אַ ל ד י ק ע ר גלייכשאַלטונג — וויל מען באַטש פון די קינדערס פּלייצעס אַראָפּוואַרפן די משא, וואָס איז בלויז אַ שטערונג צו פאַרשידענע שטאַפּלען פון וועלטלעכע תענוגים. אַחוץ דעם וואָלט די פאָדערונג פון קולטורעלער אוי־

טאָנאָמיע — למשל אין די פּאַריייניקטע שטאַטן אָדער אין אויס־טראַליע — געפינען זיך אין עלעמענטאַרער סתירה מיט דער אידעאָלאָגיע פון שמעלץ־טאָפּ־קולטור, וואָס ווערט געפּרעדיקט דורך די דאָרטיקע רעגירונגען. די אידעאָלאָגיע פון אויסבילדן אַ געמיינזאַם־אַנגלאָזאַקסישע קולטור אויפן חשבון פון אינטער־נאַציאָנאַלע באַשטאַנדטיילן.

„דער באַגריף נאַציאָנאַלע מינאָריטעט" — שרייבט זכריה שוסטער אין דער „צוקונפט"־סימפּאָזיום — „קאָן און טאָר דאָ (אין אַמעריקע) נישט עקזיסטירן, ווייל דערמיט וואָלט איר צו־געגעבן די עקזיסטענץ פון אַ נאַציאָנאַלער מאַיאָריטעט און דאָס וואָלט געווען אַ פּאַרלייקענונג פונם סאַמע יסוד פון אַמעריקאַ־ניזם. ווער איז דאָ די נאַציאָנאַלע מאַיאָריטעט? די סקאָטלענ־דער? די אירלענדער? די דייטשן? די סקאַנדינאַווער? די איטאַליענער? אַמעריקע איז אין תוך אַ שותפות — אַ גלייכע שותפות — פון פּאַרשידענע פעלקער, וואָס ווילן ווערן איינס פּאָליטיש און סאָציאַל, דאָס הייסט ווערן אויס נאַציאָנאַלע מי־נאָריטעטן, אָדער ריכטיקער — קיינמאָל נישט ווערן קיין מינאָ־ריטעטן. דאָס מיינט נישט, אַז זיי וועלן דאַרפן אויפגעבן זייערע באַזונדערע רעליגיעס און קולטורן און סענטימענטן, אָבער זי־כער קאָנען זיי נישט בלייבן נאַציאָנאַלע מינאָריטעטן אין דעם זין, ווי דער טערמין איז באַנוצט געוואָרן אין אייראָפּע. ווייל אויב מען וואָלט אַדורכגעפירט דעם פּרינציפּ פון מינאָריטעט אויף דער גאַנצער ליניע, וואָלט דאָס פּשוט געמיינט אומקערן אַמעריקע צוריק צו אירע אור־עלעמענטן און דערמיט אָפּמעקן דעם גאַנצן באַגריף און די עקזיסטענץ־פעאיקייט פון אַמעריקע".

צי די קאָנצעפּציע „מעלטינג פּאָט" שליסט איין די מעג־לעכקייט פון האַדעווען גלייכצייטיק אַן אייגנאַרטיקע קולטור מצד אַ נישט־אַנערקענטער נאַציאָנאַלער מינדער־הייט — איז אַן אַנדערע פראַגע. דאָ דעצידירט שוין נישט בלויז דער ווילן פון אַ קולטור־ליבהאָבער, דערביי ווירקן כוחות, וואָס זענען שטאַרקער ווי עמיצנס אַ פּרומער ווונטש. די געשיכטע פון יידישן פאָלק באַווייזט אונז פונקט דאָס היפּוכדיקע. אין די

עמיגראַציע־לענדער עקזיסטירן אַלע מעגלעכע פאַרניכטונגס־כוחות, וואָס גראָבן אונטער די סאַמע וואָרצלען פון אונזער קולטור־בנין — דער עקאָנאָמישער געבוי פון די יידישע עמיגראַציע־מאַסן, דער אָפּאָרטוניסטישער עמיגראַציע־עלעמענט און די אַסימילאַציע־פּאָליטיק פון די רעגירונגען. קעמפן מיט די אַלע אויסערלעכע פאַרניכטונגס־פאַקטאָרן — פאָדערט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען. דער איינציקער יידישער סאָציאַלער קלאַס, וואָס וואָלט פעאיק געווען אויפצונעמען דעם דאָזיקן קאַמף איז דער יידישער אַרבעטער־קלאַס, וועלכער האָט אין מזרח־אייראָפּע באַוויזן זיין דעטערמינירטן ווילן און פעאיקייטן צו האָדעווען און פאַרטיידיקן די יידישע קולטור. אָבער אַ גרויסער טייל פון די יידישע מיליאָניקע מאַסן האָט ביים אַריבערוואַנדערן אין די עמיגראַציע־לענדער אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די הויט פון אירע פריערדיקע קלאַסן־צוגעהעריקייט. די נייעסטע סטאַטיסטיק־אויסרעכנונגען באַווייזן, אַז ביים עמיגראַציע־יידנטום איז אַרמעטום פאַראַן אַ טענדענץ איבערצוגיין פון אַרבעטער־קלאַס צום מיטל־קלאַס, צו דערגרייכן זיכערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. און רייכע און זאַטע קלאַסן זענען שטענדיק אָן געווען די ערשטע צו לאָזן זיך אויף וועג פון קלענסטן ווידערשטאַנד און פון עגאָאיסטישער צופּאַסונג. אויב עס עקזיסטירט נאָך ביים היינטיקן טאָג אַ ברוך־טייל פון אַ יידישן אַרבעטער־קלאַס אויף עמיגראַציע, איז עס בלויז אַן איבערגייענדיקע דערשיינונג, אַ באַשעפעניש, וואָס טראָגט אין זיך אַלע פּסיכאָלאָגישע אָנדייטונגען פון קלאַסן־איבערשיכטונג.

אין דער אָנוועזנהייט פון גרויסן חורבן פון פּוילישן יידנטום איז די לאַגע געוואָרן נאָך מער טראַגיש. צי באַזיצן די יידישע עמיגראַציע לענדער, וואָס האָבן ביז איצט געלויכטן מיטן קולטורעלן אָפּשיין פון וואַרשע און ווילנע די כוחות צו שיינען מיט אַן אייגן פייער אויסצוטראָגן אויף זייערע פּלייצעס די משא פון אַ גרויסער און קערנדיקער יידישער קולטור?

די איצטיקע מלחמה טראָגט אין זיך אַלע פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן פון אַ נייער וועלט־אָרדנונג, וואָס וועט אויפגיין

איבער די חורבות פון אַן אָפּגעלעבטן סיסטעם. לאָמיר האָפן, אַז אין דער נייער ווירקלעכקייט, ווו דאָס יידישע פאָלק וועט אויסגעלייזט ווערן צוזאַמען מיט דער גאַנצער מענטשהייט וועלן געשאַפן ווערן פאַר דער יידישער קולטור באַדינגונגען פון אמת־דיקער פרייהייט — אַ פרייהייט, וואָס באַדייט נישט נאַציאָנאַלע איזאָלאַציע, נאָר גלייכבאַרעכטיקונג ביים אויפבויען אַ העכער־רע, אַלמענטשלעכע און סאָציאַליסטישע קולטור.

יאָסל בירשטיין

# לידער

* * *

אין די פאַלדן פון מיין באָבעס קלייד
טליען געלע תהילים־תפילות.
איז מיין באָבינקע אַליין אַ סידור
פון קלאָגיקע אַלטמאָדישע מגילות.

לויכט אַ ברוינער צער אין אירע אויגן
מיט דעם חן פון דורותדיקן טרויער.
איז איר בליק אַ פולער רעגן־בויגן —
אַ רעגן־בויגן פון באַדויער.

זענען מיט חרטה פול די טעג,
זענען שטילע ליידן אירע טריט.
זענען ווי די קנייטשן אויך אירע מחשבות,
איז אויך אַזוי שוין איר געמיט.

וואָס שטשירען זיי די גופים, ביסטרע ציין ?
וואָס וויל דער פחד אויף דער שויב ?
ס'איז דער סוד שוין מער נישט סוד,
ס'קומט אַ חשבון אויך נאָך טעג פון שטויב.

זיצט זי אומעטיק און שטילערהייט,
און מיט חן פון קלאָגנדיקע מגילות.
לייענט זי אין די פאַלדן פון איר קלייד
געלע, טליענדיקע, תהילים־תפילות.

* * *

איינגעגנורעט אין זעלנער־מאַנטל
ליג איך אויפן פוילן שטרוי,
אַזוי מיד, אַזוי מיד,
אַן אַלטער זקנדיקער ייד.
און קינס האַנט איז צאָרן
און קינס פויסט נאָך אַלץ אַ שווערד.
קין וואַליעט.
הבל מורמלט: „שלאָג".

עס יושעט תענוג אין אַ האַנט אַזאַ וואָס שלאָגט,
פאַראַן אויך פרייד אין בויגן זיך צו דר'ערד,
פאַראַן אַ תענוג אויך אין בויגן זיך צו דר'ערד.
נאָר ס'איבלט שוין אַזוי פון קינס לאַפּעס
מערער נאָך
פון מורמלען: „שלאָג".

גראָב איך זיך אין זעלנערדיקן מאַנטל.
וואָס וויל דער גרינער מאַנטל פון מיין לייב?
וואָס גראָב איך זיך אין שוויים־פאַרפוילטן שטרוי?
אַזוי מיד, אַזוי מיד,
אַ זקנדיקער ייד.

אָ, אין דער וויסטער וואַיעניש פון בלוט און שדים־רייד,
וואָס האַלט ער נאָך, מיין זיידע, כהנדיק די הענט צעשפּרייט?...

* * *

דיין פאַרנאַכטיק פּנים, מידער ייד, דו.
דיין פאַרנאַכטיק פּנים רוט אויף מיין געזיכט.
בין איך פול מיט נאַכט, ווי ערד אין בין־השמשות ליכט,
און מורמל שאָטנדיקע לידער.

בין איך די שפּראַצונג נאָך דיין ווידוי?
און אָנשטאָט צו זייגן פרייד פון דורותדיקן טרויער
קרים איך אויס אַ ליפּ, שווייג אויס שטום באַדויער,
און היל זיך טיפער נאָך אין שאָטנדיקע לידער.

גאָר נאָענט איז מיר דיין איבעריקער גוף אויף בייזער וועלט דער
אַזוי היימיש, עפּעס אַזוי מאַמישדיק דיין שוים איז,
אַז נאָכגיביק גראָב איך איין דאָרט מיין געזיכט
און פאַרוויג זיך אין זיין בין־השמשות ליכט.

* * *

אונטער מיינע וואַקלדיקע טריט
פּלאָנטערט זיך דער גורל פון אַ ייד.
גלאָץ איך פאַרטאַמניעט אויף דעם רויכיקן אָרום
ווי אַן אָפּגעריסענער נאָר מיט אָנכוונהדיקע הענט
און זאָג: מיינע מחשבות זענען שפּאַלטן אויף געפּלאַצטע ווענט
און אַ בייסיקע חרטה אויף מיינע ליפּן שטומט.

ווייס איך; פאַרפּלאָנטערן וועל איך זיך אין יאושדיקן גאַנג
און צום אין־סוף — אמת פון נישט־זיין
וועל דערקומען אפשר, וועל דערגיין
ווי אַן אויסגעדראַוונט ביכל, ווי אַ פאַרגעסן געזאַנג.

נאָר ס׳איז שוין אַזוי די טבע פון יעדן געמיט
אין אַ ווינקל, פאַרבאָרגן, צו נעסטלען אַ טויב.
זאָג איך שטילערהייט און מיד,
נישט קיינער און נישט איך אַליין זאָל הערן:
גלויב... גלויב...

אהרן פּאַטקין

# די צוקונפט פון יידן און יידישקייט אין אויסטראַליע

## I

דאָס קעפּל פון מיין אַרטיקל „די צוקונפט פון ...” קלינגט ווי עפּעס נביאותדיק. פאָרויסזאָגן היינט־צו־טאָג וועגן דעם גורל פון יידן און יידישקייט אין אויסטראַליע, ווען אַלץ אין דער נאָך־מלחמהדיקער וועלט איז אַזוי נעפּלדיק און אַזוי איינגעהילט אין סודי סודות פון גאַנץ אומבאַקאַנטע פּאָליטישע און סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע פּראָצעסן, זעט אויס ווי צו פּרעטענדירן אויף פּאַלשע נביאות. אויפן האָריזאָנט פון אונזער טראַגישער ווירקלעכקייט האָבן זיך באַוויזן קלאָרע און אומצווייידייטיקע סימנים פון דער קומענדיקער מפּלה פון אונזערע שונאים. אָבער דאָס איז בלויז די ערשטע העלפּט פון דעם לאַנג־דערוואַרטעטן נצחון. דאָס איז בלויז דער מלחמה־נצחון, דער זיג פון כלי־זיין, פון איין באַוואָפּנטער קאָאַליציע קעגן דער צווייטער.

אונזער ביטערע דערפאַרונג אָבער פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, פון 25 יאָר צוריק, האָט אונז געלערנט, אַז ס'איז ווייט ניט גענוג דעם קריג אויף די שלאַכטפעלדער צו געווינען און דעם שונא אַוועקשטעלן אויף די קני און דיקטירן אים שלום־באַדינגונגען. נאָר ס'איז איצט כמעט פון אַלעמען אָנערקענט, אַז די ערשטע און בפּרט די צווייטע וועלט־מלחמה איז לויט איר תוך אַ פולשטענדיקע סאָציאַלע רעוואָלוציע.

ביידע מלחמות האָבן ממש ווי אויפגעדעקט די ביז איצטיקע פאַרשלייערטע אינערלעכע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע סתירות אין דעם גאַנצן נערוון־סיסטעם און אונזער מאָדערנער

ציוויליזאַציע. און דערפאַר טאַקע ליגט קיין שום צביעות נישט אין דעם וואָס דער בלוטיקער קאַמף, אין וועלכן אַזויפיל מענטש־לעך בלוט ווערט פאַרגאָסן, ווערט אָפט און מיט רעכט אויסגע־טייטשט אַלס אַ מלחמה פון צוויי קעגנזייטיקע אידעאָלאָגיעס, וועלט־אָנשויאונגען, וואָס זענען זיך סותר.

קיינער שאַפט זיך נישט קיין אילוזיעס, אַז אויף מאָרגן נאָך דעם טריאומפאַלן נצחון איבער די שוואַרצע און מערדערישע כוחות פון דעם נאַצי־פאַשיזם וועלן מיר אויפבלעטערן צוריק קאַפּיטל געשיכטע — סעפּטעמבער, 1939, און ממשיך זיין פון דאָרט דעם ווייטערדיק גאַנג פון אונזער לעבן און ווירקלעכקייט. יעדער בר־שכל מוז באַגרייפן, אַז אויב דער צוקונפטיקער שלום וועט נישט זיין געבויט אויף גאַנץ נייע יסודות פון סאָציאַלן יושר און באַפרייאונג פון אַנגסט און נויט (אַטלאַנטיק טשאַר־טער), וועט אויך דער דאָזיקער צווייטער שלום זיך פאַרוואַנדלען אין אַ צייטווייליקן וואָפנשטילשטאַנד. ניט בלויז די מלחמה מוז מען געווינען, נאָר אויך דעם שלום. און דער קאַמף פאַר דעם סאָציאַלן און פּאָליטישן אינהאַלט פון דעם שלום וועט זיך אָנ־הויבן אויף מאָרגן נאָך דעם, ווען די שטורעמדיקע קולות פון די מלחמה־האַרמאַטן וועלן אַנטשוויגן ווערן.

צו דעם קאַמף, אָדער גענויער געזאָגט, צו דעם אמתן שלום־נצחון, ווערן שוין איצט געמאַכט ערנסטע פאָרבאַרייטונגען. זיי באַשטייען אין פאַרשידענע אומצאָליקע פרידנס־פּראָגראַמען, אויסגעאַרבעט און פאַרעפנטלעכט פון פרייע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, פון קירכלעכע, רעליגיעזע אַנשטאַלטן 1) א. אַ. וו. זיי געפינען זיך אין אַזעלכע אָפיציעלע דאָקומענטן, ווי דער „אַטלאַנטיק טשאַרטער", דעקלאַרירט פון טשערטשילן און רוז־וועלטן אין אויגוסט, 1941, אין די באַקאַנטע „4 פרייהייטן" פון רוזוועלטן און אין אַ סך ענלעכע אינטערנאַציאָנאַלע אָפי־ציעלע און האַלב־אָפיציעלע דאָקומענטן.

---

1) די קאַטוילישע קירכע אין מעלבורן האָט נישט לאַנג אויסגעאַרבעט אַן אויספירלעכן שלום־פּלאַן, וועלכן זי האָט אָפי־ציעל צוגעשטעלט דער רעגירונג אין קאַנבערא.

ס'איז קלאָר דעריבער, אַז אונזער יידישער צוקונפטיקער גורל אין דער גאַרער וועלט און נישט בלויז דאָ אויף דעם פינפטן קאָנטינענט העננט אָפּ לגמרי פון דעם נצחון פון די פרייע און פּראָגרעסיווע כוחות אויפן וועלט־פראָנט פון שלום. זעלבסט־פאַרשטענדלעך, ווען די הערשאַפט אין אונזער געזעלשאַפט־לעבן לעבן און אין אַנדערע סאָציאַל־קולטורעלע באַציאונגען וואָלט געהערן די ראַציאָנעלע כוחות פון דעם מענטשלעכן מין, וואָלט די אויפגאַבע פון די אַרכיטעקטן פון דעם קומענדיקן שלום־טעמפּל זיין אַ סך לייכטער. ווי דאָקטוי־רים, וועלכע זענען איינגעלאַדן צום קראַנקן־בעט פון אַ חולה מסוכן, וואָלטן זיי צוערשט לויט געוויסע סמנים פעסטשטעלן דעם סאָציאַלן און פסיכאָלאָגישן דיאַגנאָז פון דער קראַנקהייט און נאָכדעם אויפן יסוד פון דער דיאַגנאָז דורכפירן מיט אַ פעס־טער האַנט אַ סיסטעם פון קוראַציע.

ליידער אָבער געפינט זי די מאָדערנע סאָציאַלע דיאַגנאָס־טיק נאָך אין אירע קינדער־וויקעלעך. מיר שטייען ביים קראַנקן־בעט פון דעם חולה, מיר רעגיסטרירן די מייסטע סימפּטאָמען פון זיין חולאת. ליידער אָבער איז דער רופא אין דערזעלבער צייט דער חולה און פאַרקערט. יעדער פון אונז, דער „רופא־חולה", טייטשט אויס די סמנים פון דער סאָציאַלער קראַנקהייט ווי ער וויל און שרייבט־צו זיינע אייגענע סאָציאַל־מעדיצינישע רעצעפּטן. ס'איז דעריבער דערווייל נאָך אוממעגלעך צו קאָנט־ראָלירן די בלינדע כוחות און פאַקטן פון אונזער אינווייניקסטן לעבן, וועלכע ווירקן און באַאיינפלוסן אונזערע סאָציאַלע באַצי־אונגען אין זייער ברייטן פאַרנעם.

דערפאַר טאַקע זענען אַלע שלום־רעפאָרמאַטאָרן און צווי־שן זיי אויך די שענסטע און אויפריכטיקסטע רעוואָלוציאָנערע גייס־טער פון דער צוקונפטיקער נאָך־מלחמהדיקער וועלט געצוווּנגען צו „טאַפּן אין דער פינצטערניש". זיי ווייסן און פילן, אַז אַ סך טויבע און בלינדע פאַקטאָרן ווירקן אין דעם פּראָצעס פון דער מענטשלעכער געשיכטע, וועלכע ווייסט נישט פון ליידן, ווייסט נישט פון טראַגיק, ווו יעדער שטראַל־ליכט פון מענטשלעכער באַפרייאונג מוז זיך דורכשלאָגן דורך אומצאָליקע געדיכטע

וואָלקנס, און ווו יעדער פונק פון אמתער הומאַניטעט מוז באַ־קעמפן אַ ים פון פינצטערניש.

טראָץ דעם קאָנען מיר זיך נישט אָפּזאָגן פון אונזער אויפ־גאַבע אָנצוצייכענען פּלענער, אָנצומערקן ריכטונגען פון אַנט־וויקלונג לויט די טענדענצן, וועלכעווירקן אין אונזער ווירק־לעכקייט שוין היינט. איינגאַנצן פאַרלאָזן זיך אויף די בלינדע כוחות פון דער געשיכטע טאָרן מיר נישט. מיר מוזן אָנשטרענ־גען אַלע אונזערע ראַציאָנעלע קרעפטן, כדי די באַהאַלטענע סודות פון דער געשיכטע אויפצודעקן און ווי וויט מעגלעך איר גאַנג צו קאָנטראָלירן.

## II

ס'איז אַקסיאָמאַטיש קלאָר, אַז אַ פּרוכטבאַרע און קרעאַטי־ווע יידישקייט אויף אַזאַ וויטן פון די גרויסע יידישע ישובים קאָנטינענט, ווי אויסטראַליע, איז בלויז מעגלעך אויפן יסוד פון אַ נאָרמאַלער און דינאַמישער יידישער באַפעלקערונגס־אַנטוויק־לונג. ביז דער מלחמה זענען די אויסזיכטן אין דעם פּרט געווען גאַנץ טרויעריק. זינט 1936, ווען דער שרייבער פון די שורות האָט אָנגעוויזן אויף די טענדענצן פון פיזישן אונטערגאַנג פון דעם אויסטראַלישן יידישן קיבוץ, האָבן זיך באַוויזן עטלעכע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן אויף דעם געביט. און דר. י. ח. דזשענ־טילים בייטראַג אין דעם צווייטן אויסטראַליש־יידישן אַלמאַנאַך פון 1942 איז פאַרענדיקט מיט גאָר אַ פּעסימיסטישער נאָטע. „אונזער עצם־עקזיסטענץ", זאָגט דזשענטילי, „איז דאָ באַ־דראָט. און עס איז טאַקע דער חוב פון אונזערע לעזער זיך ערנסט צו פאַרטראַכטן, איידער די נאַכט פון אונטערגאַנג גייט אַראָפּנידערן איבער דעם יינגסטן יידישן קיבוץ".

מיר טאָרן זיך אין דעם הינזיכט נישט נאַרן. מיט אַ ביאָ־לאָגיש דעגענערירענדן 25 אָדער 30 טויזנט־קעפּיקן יידישן ישוב קאָן מען קיין פּלענער אָדער אפילו סתם נביאות וועגן אַ שאַפנ־דער יידישקייט אין אויסטראַליע נישט רעדן. אויב מיר רעדן פון אַזעלכע פּלענער איז פשוט דערפאַר, ווייל מיר גייען אַרויס

פון דער הנחה, אַז נאָך דער מלחמה וועט אויסטראַליע זיין גע־צווונגען צו עפענען אירע פאַרמאַכטע טויערן אויף פאַר אַ טייל פון יידישע אימיגראַנטן פון מזרח־אייראָפּע.

איידער אָבער מיר גייען־צו צו דער אַנטוויקלונג פון דער איינציק־לאָגישער הנחה און אַנאַליזירן די מעגלעכע יסודות פון אַ יידישער נאָך־מלחמהדיקער אימיגראַציע אין אויסטראַליע, איז כדאי זיך אָפּצושטעלן אויף דעם אַלגעמיינעם באַפעלקע־רונגס־פּראָבלעם אין אויסטראַליע, ווי זי שטעלט זיך פאָר וויסנ־שאַפטלעך אין איר סטאַטישער און דינאַמישער אַנטוויקלונג און וואָס פאַר אַ פּלאַץ זי פאַרנעמט אין די רעקאָנסטרוקטיווע נאָך־מלחמהדיקע פּלענער. ס'איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַ קומענדיקע יידישע אימיגראַציע וועט זיך מוזן איינפּאַסן אין די ראַמען פון אַן אַלגעמיינער אויסטראַלישער אימיגראַציע־פּאָליטיק. די באַפעלקערונגס־פּראָבלעם אין אויסטראַליע האָט לעצטנס, בשעת דער מלחמה מיט יאַפּאַן, אָנגענומען שטריכן פון טיפער ערנסטקייט און אומרואיקייט.

אַלע געדענקען די פינצטערע כמאַרע, וועלכע האָט פאַר־וואָלקנט די שטימונגען פון גאַנץ אויסטראַליע מיט צוויי יאָר צוריק, ווען די כוואַליעס פון דער יאַפּאַנישער אינוואַזיע האָבן געפערלעך באַדראָט די ברעגן פון דעם קאָנטינענט.

אייגנזאַם און פאַרוואָרפן איז געשטאַנען אַ קליין פאָלק פון זיבן מיליאָן — מענער, פרויען און קינדער — אין אַ שטורעמ־דיקן ים פון הונדערטער מיליאָנען אַזיאַטן, פאַרשיכורט פון דעם נצחון פון זייער פאַרביקן שכן — יאַפּאַן. אויסטראַליע צוזאַ־מען מיט ניי־זעלאַנד איז פשוט געווען הילפלאָז. די צוויי ייִנג־סטע קינדער פון דער גרויסער בריטישער וועלט־משפחה האָבן זיך מיטאַמאָל דערפילט אינגאַנצן פאַריתומט. די אַלטע מאַמע, ענגלאַנד, וועלכע האָט זיי אויסגעהאָדעוועט אין משך פון 19טן יאָרהונדערט האָט זיך מיטאַמאָל אַליין געפונען אין אַזאַ שרעק־לעכער סכנה פון איר עצם־קיום, אַז זי האָט אירע ווייטע און באַליבטע צוויי קינדער אין דעם פּאַציפישן ים מיט גאָרנישט געקאָנט העלפן.

אויסטראַליע און ניי־זעלאַנד האָבן זיך דערצויגן אויף דעם

געדאַנק, אַז אין צייט פון סכנה וועט דער ענגלישער פלאָט וואָס געוועלטיקט איבער אַלע ימים זיי אויסהעלפן. לײדער אָבער האָט דער געדאַנק, וועלכער איז געווען ריכטיק ביז נאָך דער לעצטער מלחמה, עקספּלאָדירט אין דער איצטיקער צווייטער מלחמה. אויסטראַליע האָט לית ברירה געמוזט זיך ווענדן נאָך הילף צו די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. צום גליק, האָבן די לעצטע באַטראַכט אויסטראַליע און ניי־זעלאַנד אַלס די איינציקע סטראַטעגישע באַזעס צו באַזיגן יאַפּאַן אין דעם דרום־פּאַציפיק, און האָבן איבערגענומען אויף זיך די אָנפירונג פון דער מלחמה אין דעם וועלט־טייל.

אויסטראַליע איז ממש ווי דורך אַ נס נצול געוואָרן פון אַ שרעקלעכער מפּלה, וועלכע האָט זי באַדראָט. זי האָט זיך מיט דער הילף פון אַמעריקע אַרויסגעראַטעוועט פון סכנה. אָבער די פראַגע — וואָס ווייטער — עגבערט דעם מוח און ווייטיקט אין האַרץ. נאָך דער מלחמה וועט גרויס־בריטן זיין פיל באַשעפטיקט מיט דער עקאָנאָמישער רעקאָנסטרוקציע און פּאָליטישער רעאָרגאַניזאַציע פון אייראָפּע, און זי וועט בשום אופן נישט קאָנען „טאַנצן אויף צוויי חתונות". זי וועט נישט קאָנען גלייכצייטיק העלפן צו רעהאַביליטירן די אַגראַרישע לענדער פון מזרח־, צענטראַל־ און דרום־אייראָפּע, און אַבסאָרבירן די אַגראַרישע פּראָדוקציע פון אויסטראַליע און ניי־זעלאַנד. אויך די ענגלענדער באַזיצן בלויז איין מאָגן, און זיי וועלן מוזן עסן ברויט, פלייש און פּוטער אָדער פון אייראָפּע אָדער פון אויסטראַליע. אויסטראַליע גיט זיך אָפּ אַ קלאָרן דין וחשבון, אַז ענגלאַנד וועט מוזן נאָך דער מלחמה, כדי צו געווינען און באַפעסטיקן דעם שלום, ב ל ײ ב ן  ש ט ײ ן אין אייראָפּע און פיל ווייניקער זיך אָפּגעבן מיט די אינטערעסן פון אירע ווייטע דאָמיניעס.

אויסטראַליע און ניי־זעלאַנד וועלן דעריבער זיין מער אָנגעוויזן אויף זייערע אייגענע כוחות און, אויף אַקטיווער מיטאַרבעט מיט אַמעריקע. סטאַביליטעט און גלייכגעוויכט אין דעם פּאַציפיק מיט זיינע כמעט טויזנט מיליאָן יאַפּאַנער, כינעזער מאַלאַיער א. אַ. וו. וועלן זיין די הויפּט־פּראָבלעמען פון דער

אויסטראַלישער אויסערן־פּאָליטיק. און שוין איצט דענקט מען דאָ זייער שטאַרק ווי די סטאַביליטעט צו שאַפן.

איינע פון די הויפּט־מיטלען פאַר דעם צוועק איז ווי אַמ־שנעלסטן צו פאַרגרעסערן די באַפעלקערונג פון אויסטראַליע לכל הפחות ביז צו 20,000,000 מענטשן.

דער אויבנדערמאַנטער שלום־פּלאַן פון דער אויסטראַלי־שער קאַטוילישער קירכע באַטאַנט די אַבסאָלוטע נויטיקייט דעם פּלאַן פאַר א צוואַנציק־מיליאָניקער באַפעלקערונג אַמשנעלסטן דורכצופירן. „די איצטיקע באַפעלקערונג", אַרגומענטירן די אויסטראַליער קאַטאָליקן, „באַשטייט בלויז פון 7,000,000, און ס'איז קלאָר, אַז מיטלען מוזן אָנגענומען ווערן תיכף ומיד דעם בלויז אויסצופילן. זאָל די איצטיקע טענדענץ אַרבעטן אויטאָמאַטיש, אָן שום השפעה פון דרויסן, הייסט ממש פירן אויס־טראַליע צו אַן אָפענער קאַטאַסטראָפע. דער נצחון אין דער מל־חמה וועט זיין אַ ווערטלאָזער, אויב די באַפעלקערונג פון דעם קאָנטינענט וועט זיין באַדראָט מיט דער נאַכט פון אונטערגאַנג. בלויז אַ קנאַפּע וואָך מיט אַן אַעראָפּלאַן פאַרנעמט דער מהלך צווישן אויסטראַליע און איר מיליאַרד אַזיאַטישע שכנים. בלויז אַ משוגענער קאָן זיך דענקען, אַז מיר קאָנען איינהאַלטן דעם אויסטראַלישן קאָנטינענט מיט אונזער אונטערגייענדער באַ־פעלקערונג פון 7,000,000".

קלאָרע און אומצווייפלדייטיקע ווערטער, וועלכע זענען באַ־שטעטיקט פון ריין־סטאַטיסטישע דאַטעס. די צאָל פון אויסטראַ־לישע געבורטן פאַלט פון יאָר צו יאָר. אין 1860 זענען 42.6 קינדער געבוירן געוואָרן דאָ אויף 1000 איינוווינער. אין 1940 איז די צאָל געפאַלן אויף קוים 18 קינדער. לויט די גענויע השערות פון אויסטראַלישע סטאַטיסטיקער־געלערנטע איז דער ביאָלאָגישער חורבן פון אויסטראַליע אָן אַ מאַסן־אימיגראַציע זיכער ווי דער טאָג. דאָס יאָר 1955 איז אָנגעוויזן אַלס דער שפּיץ־פּונקט פון דעם וווקס פון דער באַפעלקערונג, און נאָך דעם וועט זיך אָנהויבן דער באַרג־אַראָפּ. די קאַטאַסטראָפע, אַלזאָ, דערנענטערט זיך פאַר אונזערע אויגן, און זי מוז אויס־

געמיטן ווערן, אויב מען וויל ראַטעווען אויסטראַליע פון זי־
בערן אונטערגאַנג.

די לאָגיק פון דעם אַרגומענט איז פשטות אַליין. זי איז
צוגענגלעך פאַר יעדן מענטשן אין דער גאַס. און ווען לאָגישע
אַרגומענטן וואָלטן געהערשט אין מענטשלעכע באַציאונגען,
וואָלט די אויסטראַלישע רעגירונג שוין לאַנג געדאַרפט אויס־
אַרבעטן און פאַרעפנטלעכן אַן אימיגראַציע־פּלאַן אַלס אַ טייל
פון אירע נאָך־מלחמהדיקע רעקאָנסטרוקציע־פּלענער. ליידער,
וואָגט נישט די רעגירונג אַרויסצוטרעטן מיט אַן אָפענער דער־
קלערונג אין דעם וויכטיקסטן ענין אַן וועלכן ס׳הענגט ממש
אָפּ די צוקונפט פון אויסטראַליע.

ראָבערט מענזיס שוין נאָכדעם, ווי ער האָט געמוזט פאַר־
לאָזן זיין הויכן פּאָסטן אַלס פּרעמיער, האָט טאַקע שטאַרק אַפּע־
לירט צו דער עפנטלעכקייט וועגן דער שטאַרקער נויטיקייט צו
עפענען די טויערן פון אויסטראַליע פאַר אַ מאַסן־אימיגראַציע.
דערזעלבער מענזיס אָבער האָט גערעדט אינגאַנצן אַנדערש,
ווען ער איז געווען בראש פון דער אויסטראַליער רעגירונג.

אָט האָט דער גענעראַל־אַטאָרניי דר. ה. עוואַט, פאַרעפנט־
לעכט אין נאָוועמבער, 1942, אַן אָפיציעל בוך וועגן „נאָך־
מלחמה־רעקאָנסטרוקציע”. דאָס בוך איז צוגעגרייט געוואָרן
זייער זאָרגפעלטיק ספּעציעל פאַר די מיטגלידער פון דער קאָנ־
פערענץ צו באַטראַכטן באַשטימטע ענדערונגען אין דער פע־
דעראַלער קאָנסטיטוציע. דאָס בוך באַהאַנדלט זייער בפרטיות
אַלע פּראָבלעמען פון „מלחמה און שלום”, פּאַסט־אויף
דעם נאָך־מלחמהדיקן מאָרגן סיי אין דער גאָרער וועלט,
סיי אין אויסטראַליע פול מיט פאַרשטענדניש, מיטן פּנים צו
אַ נייער סאָציאַלער און פּאָליטישער סיסטעם, געבויט אויף די
יסודות פון דעם „אַטלאַנטיק טשאַרטער” און רוזוועלטס „פיר

פרייהייטן" 1). ער זאָגט דאָרטן צו אַלע גוטע זאַכן, ממש אַ גן־עדן אויף דער אויסטראַלישער ערד. ער זאָגט אָבער נישט קיין איין־איינציק וואָרט וועגן דעם באַפעלקערונגס־פּראָבלעם בכלל און וועגן אימיגראַציע בפרט. דר. עוואַטס שווייגן אין דעם ענין איז באמת גאָר נישט צופעליק. אפשר האַלט ער זיך פעסט אין 1943 אָן זיינע געדאַנקען, וועלכע ער האָט אַזוי אָפנהער־ציק אַרויסגעזאָגט אין 1926 אויפן וועלט־אימיגראַציע־קאָנגרעס אין לאָנדאָן, אין וועלכן ער האָט זיך באַטייליקט אַלס פירער פון דער אויסטראַלישער אַרבעטער־דעלעגאַציע. ער האָט דע־מאָלט נישט בלויז פאַרגעטערט די „ווייסע אויסטראַליע"־פּאָלי־טיק, נאָר אויך עצות געגעבן די אייראָפּעאישע פעלקער ווי צו לעזן זייערע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָבלעמען אָן עמיגראַציע אין די וויטע לענדער.

די רעגירונג אין קענבערא איילט זיך נישט, ווייל זי גלייבט נישט אַפּנים, אַז מיט לאָגיק קאָן מען רעגירן אַזאַ לאַנד ווי אויסטראַליע. זינט צענדליקער יאָרן האָט מען איינגערעדט דעם אויסטראַלישן מענטש פון אַ גאַנץ יאָר, אַז אויסטראַליע מוז זיין אי „ווייס", אי 98 פּראָצענט בריטיש, אַז בלויז אַלס אַ ראַסן־ריינע בריטישע דאָמיניע אין דעם פּאַציפיק קאָן זי באַ־דעכטיקן איר היינט און איר מאָרגן. מען האָט איינגערעדט דעם עולם אַזויפיל, אַז מען האָט אַליין אָנגעהויבן גלויבן, אַז צוויי מאָל צוויי איז פינף. וואָרום דער 98 פּראָצענט בריטיש איז אַ לחלוטין פאַלשע השערה, וועלכע איז סותר אַלע סטאַ־טיסטישע פאַקטן.

יעדנפאַלס האָט זיך די אויסטראַלישע פּאָליטיק בנוגע אי־מיגראַציע נאָך דער מלחמה דערווייל נישט געריררט פון אירע אַלטע פּאָזיציעס. דאָס אַליין שוין שאַפט ווייניק אָפּטימיזם בנוגע

1) דעם 6טן יאַנואַר, 1941, האָט רוזוועלט אין זיין דער־קלערונג צום אַמעריקאַנער קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן באַטאָנט די 4 פרייהייטן אַלס די זיילן פון דער צוקונפטיקער וועלט: א) פרייהייט פון וואָרט, ב) פרייהייט פון רעליגיעזן גלויבן, ג) באַפרייאונג פון אָרימקייט, ד) באַפרייאונג פון מלחמה־אַנגסט.

א מאַסן־אימיגראַציע פון אייראָפּעאישע יידן נאָך דער מלחמה. דער אָפּטימיזם אָבער ווערט נאָך מער אָפּגעשוואַכט, ווען מען הערט זיך צו צו די שטימען פון דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג וועגן א יידישער אימיגראַציע קיין אויסטראַליע. וועגן דעם רעדט מען נישט אָפן, מען שרייבט נישט וועגן דעם קיין אַרטיקלען אין די צייטונגען און מען הערט נישט פון אַזעלכע דרשות נישט אין פּאַרלאַמענט און נישט אויף אַנדערע פּאָליטישע פּלאַטפאָרמען. אָבער אַמאָל רייסט זיך אַרויס דאָ און דאָרט א וואָרט וואָס באַווייזט גאַנץ גענוי וואָס ליגט אויפן הארצן.

ס'זענען באַקאַנט די ווערטער, מיט וועלכע דער אויסטראַלישער רעגירונגס־רעפּרעזענטאַנט אויף דער עוויאַנער קאָנפערענץ אין 1938, מר. ט. ווייט, כאַראַקטעריזירט די באַציאונג פון אויסטראַליע צו אַן אימיגראַציע פון פאַרפאָלגטע דייטש־יידישע פּליכטלינגע. „מיר האָבן נישט, דאַנקען גאָט, אין אויסטראַליע קיין ראַסן־פּראָבלעם און מיר ווילן עס נישט שאַפן אין דער צוקונפט". קורץ און שאַרף, אַריינלאָזן יידן אין אויסטראַליע הייסט, לויט ווייטן, שאַפן א ראַסן־פּראָבלעם, פּלאַנצן א באָדן פאַר אַנטיסעמיטישע שטימונגען און דערמיט שטערן דאָס פּאָליטישע און געזעלשפטלעכע גלייכגעוויכט, מיט וועלכן אויסטראַליע באַרימט זיך. דאָס איז געווען אין 1938. האָט זיך די שטימונג אפשר געענדערט זינט דעמאָלט. האָבן זיך אפשר די אויסטראַלישע הערצער געריהרט, הערנדיק פון דעם ים פון פּיין און צרות, וועלכער האָט זיך אויף אונז אויסגעגאָסן אין היטלערס אייראָפּעאישן גיהנום?

מיר האָבן געהערט א סך אויסדרוקן פון מענטשלעכער מיטלייד און מיטגעפיל אין אונזער טיפער נאַציאָנאַלער טראַגעדיע. אָבער, ליידער, ווערטער ווערן נישט אויסגעדריקט אין מעשים. אָט דאָס אויבנדערמאָנטע מעמאָראַנדום פון דער קאַטוילישער קירכע שטרייכט אונטער בפירוש, אַז בלויז דאָרפישע, פויערישע עלעמענטן זענען נויטיק אַלס אימיגראַנטן. „עס וואָלט זיין נוצלאָז", זאָגט דאָס מעמאָראַנדום, „צו שאַפן א פּלאַן פאַר אַן אימיגראַציע פון שטאָטישע עלעמענטן. ערשטנס, וועלן מיר האָבן צופיל שטאָטישע איינוווינער צום סוף פון דער מלחמה,

און צווייטנס, האַלטן נישט די שטאַטישע עלעמענטן פון דער מצוה פון פרו ורבו". אין אַלגעמיין, זענען די קאַטאָליקן ביי דער מיינונג, אַז אויסטראַליע דאַרף אַריינלאָזן אימיגראַנטן בלויז פון ענגלאַנד און פון די אייראָפּעאישע פעלקער, וועלכע זענען באַקאַנט מיט זייער הויכן געבורטס־סטאַנדאַרד.

דער נאָמען ייד ווערט דאָ נישט דערמאָנט נישט לגנאי און נישט לשבח. מען רעדט אַלגעמיין אין אַבסטראַקטע כללים. מיר פאַרשטייען אָבער גענוי וואָס מען מיינט דערמיט. די קאַטאָליקן, וועמענס דעה אין אינערלעכע פּאָליטישע אָנגעלעגנהייטן און בפרט אין דער לייבאַר־פּאַרטיי איז כמעט ווי אַנטשיידענד, האָבן זיך כמעט ווי אָפן אַרויסגעזאָגט קעגן אַ יידישער אימי־גראַציע. איך גלויב, אַז ס'איז שוין נישט מער קיין סוד, אַז דיזעלבע איינפלוסרייכע קאַטוילישע געזעלשאַפטלעכע און פּאָ־ליטישע פאַקטאָרן האָבן אַ סך געווירקט קעגן דעם באַקאַנטן קימבערליי־פּלאַן פון דר. שטיינבערגן. אויב דער קימבערליי־פּלאַן איז פּאָליטיש כמעט ווי באַגראָבן געוואָרן, מוזן מיר גע־דענקען, אַז זיינע סברנים זענען געווען אין דער ערשטער רייע די קאַטוילישע פּאָליטיקער. אויב קימבערליי איז צוגעפּאַסט פאַר אַ ישוב, האָבן די קאַטאָליקן אייגענע בעלנים דערויף — דאָרפּי־שע, פּויערישע עלעמענטן פון דעם פרומען קאַטוילישן איטאַ־ליענישן האַלב־אינזל...

## III

דאָס זענען אַלץ לעבעדיקע, רעאַלע פאַקטן, מיט וועלכע מיר אויסטראַלישע יידן, די שארית הפליטה פון אַן ערך 30,000 נפשות, דאַרפן און מוזן זיך רעכענען. אַ פולבלוטיקע יידישע קהלה, אַ קרעאַטיווע יידישע קולטור זענען אוממעגלעך דאָרט ווו עס הענגען די שאָטנס פון ממשותדיקן פיזישן אונטערגאַנג. מיר טאָרן זיך נישט נאַרן אין חשבון און אַריינפאַלן אין חלום־שטימונגען. פאַר אונזערע אויגן זענען חרוב געוואָרן דאָ אין אויסטראַליע באַדייטנדע יידישע קהלות. אין האָבאַרט און לאָנ־צעסטאָן זענען די בתי־מדרשים ביז גאָר נישט לאַנג געווען ממש

מיט גראָז פאַרוואַקסן. און ווען נישט די נײַ־אָנגעקומענע פאַר מנינים דײַטשע אַנטלאָפענע, וואָלט דאָס יידישע ליכט דאָרט אינגאַנצן אויסגעלאָשן געוואָרן.

געווים, וועט זיך קיינער פון אונז נישט פאַרלאָזן אויף דעם הייפעלע נײַ־אָנגעקומענע דײַטשע יאַהודים, אַז זיי וועלן אויפבויען די חורבות פון יידישקייט אין אויסטראַליע. אָבער טראָץ דעם האָפן מיר! יידן זענען בכלל אָפּטימיסטן, און מיר גלויבן באמת, אַז אויב אויסטראַליע וועט געצוווּנגען זײַן עפענען אירע ברעגעס פאַר אַ מאַסן־אימיגראַציע פון אייראָפּע, וועלן מיר יידן שוין ממילא אויך זיך אַרײַנגנבענען אין קלענערע אָדער גרעסערע צאָלן. אָט האָט אויסטראַליע פאַר דער מלחמה באַשטימט אַן אימיגראַציע־קוואָטע פאַר יידישע פליכטלינגע פון 15,000 אויף דרײַ יאָר. מען קאָן מיט זיכערקייט פאָרויסזאָגן, אַז אַזאַ אינפילטראַציע פון איינצלנע טויזנטער יידישע אימיגראַנטן אַ יאָר וועט פאָרקומען נאָך דער מלחמה אַלס אַ צושטייער פון אויסטרליע צו איינער פון די אומרואיקסטע פראַגן פון אונזער צײַט.

אָט די טויזנטער אימיגראַנטן וועלן מסתמא זיך באַזעצן אָדער אין די הויפּט־שטעט — מעלבורן, סידני א. אַנד. אָדער גרופּירן זיך אין קלענערע און גרעסערע ישובים אין דער סביבה פון די הויפּט־שטעט, אָבער זייערע הערצער און אויגן וועלן זײַן געווענדט צו די אַלטע גרעסערע יידישע קיבוצים. אַזאַ אימיגראַציע וועט לכל הפחות אָפּשטעלן דעם ביאָלאָגישן אונטערגאַנג פון דער עקזיסטירנדער יידישער באַפעלקערונג און דערמיט שאַפן מעגלעכקייטן פאַר אַ מער אָדער ווייניקער פאַרצווייגטער יידישער קולטורעלער אַרבעט מיטן פּנים צו די גרויסע קוואַלן פון יידישן נאַציאָנאַלן גייסט אין אייראָפּע, ארץ־ישראל און אַמעריקע.

דער קליינער אויסטראַלישער יידישער קיבוץ וועט ציען זײַן קולטורעלע יידישע יניקה פון די אַלע דרײַ קוואַלן. וועלכער קוואַל פון די דרײַ וועט מער באַפרוכפּערן זײַן באָדן, וועלכע זריעות אָדער פלאַנצן וועלן זיך מער אָננעמען, קאָנען מיר איצט נים פאָרויסזאָגן. אַלס אַ ציוניסט גלויב איך, אַז נישט בלויז

דאָס הײפעלע ײדן אין אויסטראַליע, נאָר אויך די גרעסטע ײדי־
שע קיבוצים אין אײראָפּע און אַמעריקע װעלן אָטעמען און לעבן
מיט דעם קולטורעלן חיות פון ארץ־ישראל, דער אײנציקער
פּלאַץ, װו ס'קאָן זיך אַנטװיקלען אַ טאָטאַלע ײדישע ציװיליזאַ־
ציע. אָבער נישט דאָ איז דאָס אָרט דאָס פּראָבלעם פון דעם
שטאַנדפּונקט צו באַהאַנדלען. מיר שטײען דאָ פאַר אַן אַנדער
זײער ערנסטן און אינטערעסאַנטן קולטור־פּראָבלעם, װאָס פאַר־
לאַנגט אונזער צושטײער אַלס פאָלק, װאָס „װיל נישט און קאָן
זיך נישט אַסימילירן".

די פראַגע איז פון דער גרעסטער באַדײטונג פאַר דער צו־
קונפט נישט בלויז פון דעם ײדישן קיבוץ דאָ, נאָר אויך פון
דעם גאַנצן פּנים פון דער אויסטראַלישער קולטור. און ס'איז
כדאי דאָ אביסל זיך צו פאַרטראַכטן.

דער אָנגענומענער כּלל, אַז אויסטראַליע איז 98 פּראָצענט
בריטיש איז בלי ספק סותר אַלע סטאַטיסטישע אויסטײטשונגען
פון באַשטימטע פעסטגעשטעלטע פאַקטן. אָבער אין דעם כּלל
איז אײנגעשלאָסן נישט אויף אַזױפיל דער געדאַנק פון אַ קוואַנ־
טיטאַטיװן „זײן", װי דער טיפערער װוּנטש פון אַ קוואַליטאַ־
טיװן קולטורעלן „מוז". אַלע נישט־בריטישע אײנװאַנדערער, סײ
דײטשן אָדער איטאַליענער, װעלכע ברענגען מיט זיך די צװײ
עלטסטע און באַדײטנדסטע קולטורן פון דער מאָדערנער אײ־
ראָפּעאישער װעלט, סײ יוגאָסלאַװן און גריכן, װעלכע קעמפן
מיט שטאָלץ און אויסדויער פאַר זײערע מער ײנגערע קולטור־
נאַציאָנאַלע װערטן, סײ מיר ײדן, װאָס ברענגען אַהער אין אונ־
זערע רוק־זעק אַ גײסטיקן באַגאַזש און אַ קולטורעלע טראַדיציע,
װעלכע ציט זיך זינט משה רבנו, — אַלע אַריבערגעקומענע אַהער
מוז זיך לאָזן צעשמעלצן אין אײן טאָפּ פון לכל הפחות 98 פּראָ־
צענט בריטיש — אין שפּראַך, אין מנהגים און אַלגעמײנע קול־
טורעלע באַגריפן.

כאַראַקטעריסטיש איז, אַז אויסטראַליע אַלײן, װעלכע האָט
זיך שוין לאַנג געמאַכט פּאָליטיש און עקאָנאָמיש אינגאַנצן
זעלבסטשטענדיק און אומאָפּהענגיק פון איר מוטערלאַנד — ענג־
לאַנד, איז עד היום אין גײסטיקן און קולטורעלן זין די זעלבע

בריטישע קאָלאָניע ווי מיט 100 יאָר צוריק. אויסטראַליע פאַרזוכט אפילו נישט באַפרוכפּערט צו ווערן פון פאַרשידענע קולטור־פּלאַנצן, וועלכע די אימיגראַנטן ברענגען אַהער אריבער. באַלד ווי דער ניי־געקומענער אייראָפּעאישער אימיגראַנט שטעלט זיין פוס אויף די ברעגעס פון אויסטראַליע, באַקומט ער פולע בירגערלעכע רעכט, דעמאָקראַטישע פרייהייט א. אַ. וו. ער מוז אָבער דערפאַר באַצאָלן מיט שפּראַך־ און קולטור־שמד. ער מוז שיקן זיינע קינדער אין די אַלגעמיינע פאָלקס־שולן וווּ זיי מוזן זיך איינפּאַסן אין אַ גאַנץ פרעמדער סביבה און מענטאַליטעט, וועלכע זיי געפינען נישט ביי זיך אין דער היים. ווען זיי קומען צוריק פון שול. דאָ און דאָרטן טרעפט מען נאַציאָנאַלע קלובן, פאַריינען — איטאַליענישע, גריכישע, די „קדימה" א. אַ. וו. אָבער דער דורכשניטלעכער אויסטראַליער באַטראַכט זיי מיט אַ קאָמפּלעקס פון אינסטינקטיווער גאווה — „סופּעריאָריטי קאָמפּלעקס" — און גלייכצייטיק אַלס אינזלען פון נאַציאָנאַלן סעפּאַראַטיזם, וועלכע שטייען אין וועג פון דעם 98 פּראָצענט בריטיש קולטורעלער אַסימילאַציע.

אין דער דערציאונגס־ליטעראַטור אין אויסטראַליע, ווי אויך אין דער אַלגעמיינער פּובליציסטיק ווערט די פראַגע פון פאַרשידענע נאַציאָנאַלע שטראָמען אין אויסטראַלישער ווירקלעכקייט קיינמאָל נישט דערמאָנט. די פראַגע קומט אַפּנים גאָר נישט צום באַוווסטזיין פון די, וועלכע זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער צוקונפט פון לאַנד און פאָלק.

אַזאַ נעגאַטיווע אָדער אין בעסטן פאַל אינדיפערענטע באַציאונג מצד דער אויסטראַלישער געזעלשאַפטלעכקייט צו נאַציאָנאַלע קולטורן פון איינוואַנדערנדע אייראָפּעאישע מינאָריטעטן, אַ באַציאונג, וואָס האָט אגב קיין שום בייזע כוונות נישט, איז אין עצם גענומען אַ דירעקטע ירושה פון דעם 19טן יאָרהונדערט. די אידעע, אַז אַ פאָלק קאָן זיך אויפהויבן צו דער קולטור־מדרגה פון אַ נאַציע און אין דערזעלבער צייט פּאָליטיש בלייבן אַ באַשטאַנדטייל פון אַ מלוכה ווו די הערשנדע מאַכט געהערט צו דער מערהייט פון אַן אַנדערער נאַציע, איז נאָך עד היום נישט

אינגאנצן קלאָר דעם געזעלשאַפטלעכן באַוווסטזיין פון די אַנגלאָ־
זאַקסישע פעלקער.

אין מיין נישט לאַנג פאַרעפנטלעכטער ענגלישער בראָשור „ציוניזם — זיינע איצטיקע אויפגאַבן און נאָך־מלחמהדיקע ציל"ן האָב איך באַהאַנדלט די פראַגע אַביסל מער באריכות. דאָ וויל איך בלויז אונטערשטרייכן, אַז אויב אין ענגלאַנד און אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון לאָגישער דיפע־רענצירונג צווישן מלוכה און נאַציע, האָט ער אָבער נאָך נישט דערגרייכט די ברעגעס פון אויסטראַליע. דאָ האַלט מען זיך נאָך פעסט ביי דעם אַלטן כלל, אַז מלוכה און נאַציע מוזן זיך אי־דענטיפיצירן. אמת, אין די אַזוי־גערופענע אינטעלעקטועלע קרייזן שטודירט מען גאַנץ פלייסיק און מען פאַרשטייט אויך דאָס פּראָבלעם פון נאַציאָנאַלע מינאָריטעטן אין מזרח־ און צענטראַל־אייראָפּע. אָבער, מערקווירדיק, עס ווערט באַטראַכט אַלס אַ ריין־לאָקאַל אייראָפּעאיש פּאָליטיש פּראָבלעם, וואָס באַזיצט נישט קיין אוניווערסאַל־הומאַניטאַרישן כאַראַקטער. דאָס וואָס ביי אונז אין אייראָפּע איז שוין לאַנג אויסגעליטן גע־וואָרן און אַריינגעדרונגען אין דעם אלף־בית פון פּאָליטישער גראַמאַטיק, אַז יעדע נאַציאָנאַלע קולטור האָט דאָס רעכט אויף פרייער אַנטוויקלונג און זעלבסטבאַשטימונג אַזוי ווי יעדער רע־ליגיעזער גלויבן, ווערט דאָ אין אויסטראַליע באַטראַכט אַלס אַ געדאַנק וואָס ליגט זיך נישט אויפן פשוטן שכל. דאָ רעדט מען נאָך אַלץ מיט דער שפּראַך פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע פון 150 יאָר צוריק.

קלערמאָן טאָנער, רעדנדיק פון דער טריבונע פון דער פראַנ־צויזישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג וועגן יידישער עמאַנציפּאַ־ציע, האָט גאַנץ אָפן קאָמענטירט: „יידן אַלס נאַציע קומט גאָר־נישט, יידן אַלס מענטשן קומט אַלץ". די פאָרמולע, וועלכע האָט באַקרוינט די יידישע עמאַנציפּאַציע אין מערב־אייראָפּע אין משך פון דעם גאַנצן 19טן יאָרהונדערט, ווערט בפועל ממש פּראַקטי־צירט דאָ אין אויסטראַליע בנוגע נאַציאָנאַלע מינאָריטעטן. אי־טאַליענער, גריכן, יוגאָסלאַוון, יידן אַלס מענטשן זענען פריי־

בירגער מיט אַלעמען גלייך. אַלס נאַציעס אָבער ווערן זיי פּשוט איגנאָרירט. און ווען זיי פּאַרזוכן זייער קולטורעלן פּנים צו באַווייזן, ווערט דאָס, אין בעסטן פֿאַל, אויפֿגענומען אַלס „רייצנדע עקזאָטיק”. אין ערגסטן פֿאַל אָבער אַלס נאַציאָנאַלער סעפּאַראַטיזם, וועלכער דאַרף באַקעמפּט ווערן.

## IV

איך בין אין דער מיינונג, אַז די פּאָליטיק פֿון קאָמפּראָמיסלאָזער אַסימילאַציע פֿון נישט־בריטישע איינוואַנדערונגס־פֿאָלקסגרופּן וועט מוזן נאָך דער מלחמה אַדורכמאַכן אויך אין אויסטראַליע אַ ראַדיקאַלע ענדערונג. די גאַנצע פֿראַגע פֿון אימיגראַציע שטעלט זיך איצט גאַנץ אַנדערש פֿאָר, ווי פֿאַר דער ערשטער אָדער אפֿילו ווי פֿאַר דער איצטיקער צווייטער מלחמה. מיט יאָרן צוריק האָט דאָס אַרטיקל „אייראָפּעאישער עמיגראַנט” נישט געפֿעלט. אייראָפּע אין 19טן און אָנהויב פֿון 20טן יאָרהונדערט איז געווען איבערבאַפֿעלקערט, און געטריבן פֿון פֿאַרשידענע נישט בלויז ריין־עקאָנאָמישע, נאָר אויך סאָציאַלע און פּאָליטישע גורמים, האָט זיך דער עמיגראַציע־שטראָם פֿון אייראָפּע גוואַלטיק געגאָסן אין די מעבר־לים לענדער. אַנדערש זעט אויס די לאַגע איצט און בפֿרט אויף מאָרגן נאָך דער מלחמה, ווען אייראָפּע וועט זיך אַליין נויטיקן אין מענטשן־קראַפֿט פֿאַרן ווידעראויפֿבוי פֿון די שרעקלעכע חורבות.

אָט באַמערקט אַן אויסטראַלישער סאָציאָלאָג, וו. ד. פֿאָרסיט, אין זיין בוך „דער מיטאָס פֿון אָפֿענע שטחים” 1) אַז סיי דער ענגלישער, סיי דער אייראָפּעאישער קאָלאָניזאַציע־דראַנג איז ממש ווי אויסגעגאַנגען. די סקאַנדינאַווישע לענדער, אַזוי ווי ענגלאַנד, וועלן זיך נויטיקן אין א י מ י ג ר אַ צ י ע און נישט אין ע מ י ג ר אַ צ י ע. אפֿילו די דרום־ און מזרח־אייראָפּעאישע לענדער זענען נישט קיין זיכערע קוואַלן פֿון עמיגראַציע־מאַטעריאַל. פֿאָרסיט איז אַ מומחה אויף דעם געביט פֿון

1) W. D. Forsyth. The Myth of Open Spaces, 1941.

אימיגראַציע. ער־האָט שטודירט דעם ענין אויפן אָרט אין ענג־לאַנד און אייראָפּע.

אַלזאָ, מיר מוזן אָננעמען די הנחה, אַז אויסטראַליע וועט זיך אַ סך מער נויטיקן אין אייראָפּעאישע אימיגראַנטן ווי אייראָפּע וועט קאָנען געבן. אין אַזעלכע פֿאַלן „באַצאָלט מען אַ פּרייז”. נישט בלויז די סקאַנדינאַוויער אָדער האָלענדער, נאָר אויך די קלענערע מיוחסים פֿון דרום־אייראָפּע, ווי די איטאַליענער, גריכן און יוגאָסלאַוון, וועלן פֿאַרלאַנגען אַ באַשטימטע פּאָזיטיווע באַציאונג צו זייער שפּראַך און קולטורעלע ווערטן. זייערע טענות וועלן זיין קודם־כל שטאַרק אונטערשטיצט מיט דער לאָגיק פֿון ערפֿאַרונג.

אין אַמעריקע, למשל, האָט די סאַמע אידעע פֿון דעם „נאַציאָנאַלן שמעלץ־טאָפּ” לעצטנס אַזויפֿיל געליטן אין פּרעסטיזש, אַז אפילו רוזוועלט אַליין האָט דאָ נישט לאַנג אין אַ רעדע צו קאָרעספּאָנדענטן וועגן דער צוקונפֿטיקער אימיגראַציע געמוזט זיך מודה זיין, אַז מיט דעם „שמעלץ־טאָפּ” האָלט עס אַביסל שמאָל. „ווען דער שמעלץ־טאָפּ”, האָט פּרעזידענט רוזוועלט באַמערקט, „זאָל דורכגעפֿירט ווערן אויף אַ פּלאַנירטן אופֿן, קאָנען אויסגעמיטן ווערן די פֿאַרגאַנגענע טעותן”. אָנשטאָט דער שמעלץ־טאָפּ־אידעע ווערט אַרויסגערוקט דער געדאַנק פֿון „קולטורעלן פּלוראַליזם”. די אידעע ווערט איצט שטאַרק באַהאַנדלט אין דער אַמעריקאַניר פּעדאַגאָגישער און סאָציאָלאָגישער ליטעראַטור.

אָט שטייט אַ פּראָפֿעסאָר פֿון סאָציאָלאָגיע, סטאָנקלוויסט, אין זיין בוך „דער ראַנד־מענטש” (The Marginal Man):

„אין די פֿאַרייניקטע שטאַטן זענען אַ סך אימיגראַנטן און באַזונדערס די קינדער פֿון עמיגראַנטן תיכּף גרייט זיך צו באַפֿרייען פֿון זייער טראַדיציאָנעלער ירושה. זיי מישן דאָ צוזאַמען גוטע און טרייע בירגערשאַפֿט מיט פֿולקאָמער 100־פּראָצענטיקער קולטורעלער אויסגלייכונג. גאַנץ להיפּוך, די פֿיינסטע בירגער פֿון פֿרעמדער אָפּשטאַמונג זענען נאָר די, וועלכע זענען געווען פֿעאיק אויפֿצוהאַלטן דאָס בעסטע פֿון זייער היימישער

ירושה און גלייכצייטיק האָבן זיי זיך באַמיט איבערצונעמען דאָס בעסטע וואָס אַמעריקע האָט געקאָנט געבן".

אַ זייער אינטערעסאַנט בוך אונטער דעם נאָמען : „אונזערע ראַסן און נאַציאָנאַלע מינאָריטעטן" אונטער דער רעדאַקציע פון אַ באַקאַנטן ניו־יאָרקער פּראָפעסאָר, דזשאָרדזש פּיין, איז דערשינען אין 1937. דאָס בוך באַשטייט פון אַ רייע אַרטיקלען פון פאַרשידענע פּראָפעסאָרן און סתם געלערנטע סאָציאָלאָגן.

דאָרטן לייענט מען אַזעלכע ווערטער : „די פּאַבליק סקול באַהאַנדלט די אימיגראַנטישע קינדער ווי איינגעבוירענע, זי איגנאָרירט אינגאַנצן זייער קולטורעלן הינטערגרונט... די למודים זענען באַשטעמפּלט מיט אַמעריקאַנער טראַדיציעס. שפּראַך איז נישט בלויז אַ מעדיום פון סאָציאַלן קאָנטאַקט, שפּראַך איז אויך דער אויסדרוק פון נאַציאָנאַליטעט. מיט איר זענען פאַרבונדן אַ סך אינטימע זכרונות, אַ סך טיפע איבערלעבונגען. דורך שפּראַך ווערט די געשיכטע, די טראַדיציעס, די זכרונות פון אַ פאָלק און פון לאַנג־פאַרגאַנגענע עפּאָכעס אַ טייל פון אונזער לעבעדיקן היינט... מען האָט פאַרזען דעם פונדאַמענטאַלן אמת. אַז נישט דער פריערדיקער קולטורעלער הינטערגרונט און נישט די שפּראַך דורך וועלכער ער קומט צום אויסדרוק קאָנען פאַרניכטעט ווערן דורך שנאה אָדער אומקלוגע באַשטימונגען. מען האָט פאַרגעסן, אַז דער אימיגראַנט איז אַ מענטשלעך באַשעפעניש, נישט קיין פּוסטער חלל וואָס מען קאָן אָנפילן מיט וואָס מען וויל. מען האָט פאַרגעסן, אַז אין אימיגראַנטס נשמה לעבט אַ רייכע און פילזייטיקע קולטור־ירושה, און ווייל מען האָט דאָס נישט באַמערקט, האָבן אַלע באַמיאונגען פון אַמעריקאַניזאַציע נישט געהאַט קיין דערפאָלג... דעם אימיגראַנטס קינד האָט מען געדאַרפט דערמוטיקן צו לערנען די שפּראַך פון די עלטערן, צו רעספּעקטירן און טייער האַלטן זייערע טראַדיציעס, פונקט אַזוי ווי די טראַדיציעס פון דעם לאַנד וואָס האָט זיי אויפגענומען... ווען מען וואָלט געלערנט די קינדער אָפּצושאַצן די עלטערנס ירושה, וואָלטן אויסגעוואַקסן שטאָלצע מענטשן, מענטשן מיט אַמביציעס און ממילא אויך מיט כאַראַקטער, און דאָס וואָלט

געוועזן אַן אמתע דערגרייכונג מיט וואָס אונזער לאַנד וואָלט גע־
קאָנט שטאָלצירן".

ס'איז קלאָר פון די פּאַרקירצטע ציטאַטן וווּ דער ווינט
בלאָזט אין אַמעריקע. דער „שמעלץ־טאָפּ" האָט געפּלאַצט. זיין
גרונט־אידעע, אַז יעדע איינוואַנדערנדע פאָלקס־גרופּע מוז מקריב
זיין איר מוטערשפּראַך און קולטור־ירושה אויף דעם מזבח פון
אַזוי־גערופענער אַמעריקאַניזאַציע, האָט באַוויזן אַזויפיל שאָטן־
זייטן, אַז מענטשן מיט אַן אמתן אַמעריקאַנער גייסט און נשמה
זוכן אַ גאַנץ נייעם באַזיס, אויף וועלכן די צוקונפט פון דער אַמע־
ריקאַנישער קולטור זאָל געבויט ווערן. דער באַזיס מוז זיין
אַזוי קאָנסטרואירט, אַז „די פאַרגאַנגענע טעותן פון דעם שמעלץ־
טאָפּ זאָלן אויסגעמיטן ווערן" (פּרעזידענט רוזוועלט). אַמעריקאַ־
ניזם אַלס אַ ניי וואָרט אין מענטשלעכער ציוויליזאַציע טאָר
בשום אופן נישט נאָכמאַכן די אייראָפּעאישע פעלקער־קולטורן,
וועלכע גייען אַרויס פון דער הנחה, וואָס איז געבליבן בירושה
פון די אַמאָליקע רעליגיעזע מלחמות. אַמאָל האָט עס געהייסן:
Cuius regio eius religio — „וועמען געהערט די מלוכה, יע־
נעם געהערט די אמונה". נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע
האָט מען אָנשטאָט אמונה אָדער רעליגיע אַוועקגעשטעלט
„נאַציאָנאַליטעט".

אַמעריקאַניזם טאָר בשום אופן נישט זיין אַ קולטור פון
אַ מערהייט וואָס צעשמעלצט אין איר ברען־טאָפּ אַלע אַנדערע
קולטורן, שפּראַכן, לעבנס־שטייגערס א. אַ. וו. אַמעריקאַניזם
באַדייט פּילזייטיקייט, אַ פּ ל ו ר אַ ל ע קולטור וואָס נעמט
אַריין דאָס בעסטע און דאָס שענסטע פון אַנדערע נאַציאָנאַלע
קולטור־אוצרות, וועלכע די איינוואַנדערנדע פעלקער־גרופּן
ברענגען מיט זיך קיין אַמעריקע. „אַמעריקע איז נישט אייראָ־
פּע", זאָגט ש. ניגער אין זיין „צוקונפט" אַרטיקל פון נאָוועמ־
בער 1942 — „וואָס וועט ווערן פון יידן אין אַמעריקע". „אין
ענגלאַנד, אין פראַנקרייך, אין דייטשלאַנד, אין איטאַליע איז
סיי די מאַטעריעלע ציוויליזאַציע, סיי די גייסטיקע קולטור ענג־
ליש, פראַנצויזיש, דייטש אָדער איטאַליעניש. ביי אונז אין אַמע־
ריקע איז די (מאַטעריעלע) ציוויליזאַציע איינהייטלעך אַמערי־

קאַניש, בעת די גייסטיקע קולטור איז אין איר יסוד און אין אירע פּאָטענצן פּלוראַליסטיש. און וואָס מער די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע וועט זיך אַנטוויקלען, אַלץ מער וועט דער פּרינציפּ פון קולטור־פּלוראַליזם אַנטקעגנגעשטעלט ווערן דעם טאָטאַליטאַרן מעטאָד פון גלייכשאַלטונג, אַלץ מער וועט די גלייכהייט פון פרייע גרופּעס קאָנקורירן מיט דעם גייסט פון עפּעס א „העררען קולטור". אָט די נייע שיטה פון קולטור־פּלוראַליזם, וועלכע באַקומט אַלץ מער און מער אָנהענגער אין אַמעריקע, אַנטשפּרעכט פּונקט די נייע געדאַנקען־שטראָמען, וועלכע פליסן פון די פיינסטע קעפּ פון מאָדערנע באַקאַנטע פּאָליטיקער און סאָציאָלאָגן. ס'איז געווען איבערצובלעטערן די פאַרשידנאַרטיקע ליטעראַטור איבער דער נייער נאָך־מלחמה־וועלט, פון אַזעלכע מענטשן ווי גענעראַל סמוטס, עדוואַרד בענעש, האַראָלד לאַסקי, האַנס קעלסען, פּראָפעסאָר קאַרר און אַנדערע כדי צו באַגרייפן דעם ראַדיקאַלן איבערברוך אין דעם פּראָבלעם פון פאָלק און קולטור נישט בלויז אין די אייראָפּעאישע לענדער, נאָר אויך אין ענגלאַנד און אַמעריקע.

אויסטראַליע איז אָנגעוויזן נאָך דער מלחמה נישט בלויז צו עפענען אירע ברעגעס פאַר אימיגראַציע, נאָר זי צו סטימולירן. איינע פון די פונדאַמענטאַלע סטימולירנדע כוחות וועט זיין דער קולטורעלער פּלוראַליזם. זעלבסטפאַרשטענדלעך, ס'איז שווער פאָרויסצוזאָגן די קאָנקרעטע פאָרמען, וועלכע דער קולטור־פּלוראַליזם וועט אָננעמען סיי אין אַמעריקע, סיי אין אויסטראַליע. דאָס איז אַ דויערנדער שאַפנדער פּראָצעס פון די אינטימסטע ווערטן פון מענטשלעכן גייסט, און זיי ווערן נישט געבוירן פון „היינט אויף מאָרגן". יעדער קולטור־פּראָצעס פאַרלאַנגט קאַמף און אויסדויער. דערווייל איז אויסטראַליע כמעט ווי גאָר נישט צוגעגרייט איבערצובויען איר נאַציאָנאַלע קולטור אויף פּלוראַליסטישע יסודות. די נייע שיטה איז איר דערווייל גאַנץ אומבאַקאַנט, וואָרום זי לעבט נאָך אַלץ אין דעם „גן־עדן" פון דעם 19טן יאָרהונדערט. איך בין אָבער זיכער, אַז אונטער דער השפּעה פון אַמעריקע, וועלכע וועט נאָך דער מלחמה אַ סך נענטער זיין צו אויסטראַליע, און אונטער דעם דרוק פון די אי־

מיגראַנטישע פאָלקס־גרופּן, וועלכע וועלן האָבן אַ גאַנץ באַ־
דייטנדע דעה אין דעם ענין, וועט אויך דאָ דער געדאַנק פון קול־
טורעלער צוזאַמענאַרבעט פון פאַרשידענע פעלקער דורכדרינגען
דאָס באַוווסטזיין פון דער בריטישער מערהייט. ס'מוז בלויז
קלאָר זיין דער ציל און די ריכטליניע. קלאָרקייט אין דעם ענין
וועט פאַרלייכטערן דעם קאַמף און פאַרקירצן דעם וועג.

## V

מען דאַרף נישט זיין קיין נביא כדי פאָרויסצוזאָגן, אַז די
צוקונפט פון יידן און יידישקייט אין אויסטראַליע הענגט אָפּ
קודם־כל פון אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאַסן־אימיגראַציע
אַלס דער איינציקער גורם, וועלכער קאָן אָפּשטעלן אונזער ביאָ־
לאָגישן אונטערגאַנג און שאַפן אַ געזונטע באַזע פאַר אַ וועל־
כער ס'איז נאַציאָנאַלער קולטור־טעטיקייט. אָבער קיין אימיגראַ־
ציע וועט נישט קאָנען באַנייען און אָנשטעקן מיט קרעאַטיווער
דינאַמישער קראַפט אַ יידישן מינאָריטעט־ישוב, ווען ער וועט
געצוווּנגען ווערן אָפּצוגעבן פאַר אַ טאָפּ לינזן פון דעמאָקראַטי־
שע בירגערלעכע רעכט די בכורה פון זיין היסטאָרישער קולטור
און נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט.

מיר טאָרן זיך נישט נאַרן אין חשבון. אויב אויסטראַליע
וועט אויך להבא באַשטיין אויף איר רעכט אָנצוואַרפן איר ענג־
לישע קולטור אויף אַלע נאַציאָנאַלע גרופּן, ווען זי ערלויבט
זיך צו באַזעצן אויף איר טעריטאָריע, אויב זי וועט פאָרזעצן
אויך נאָך דעם קריג די דזשענטעלמעניש־רעזערווירטע, אָבער
דאָך גאַווהדיקע באַציאונג צו שפּראַך־ און קולטור־אַנדערשקייט.
אין אַנדערע ווערטער, אויב אויסטראַליע וועט באַשטיין, אַז זי
איז פּטור פון אַלע מאָראַלישע פאַרפליכטונגען לגבי אירע נאַ־
ציאָנאַלע מינדערהייטן און אַז דאָס איינציקע וואָס זי קאָן זיי
אָנבאָטן איז דעם „שמעלץ־טאָפּ", דעמאָלט זע איך נישט קיין
צוקונפט פאַר אַ שאַפנדער יידישקייט אין אויסטראַליע. דער
ערשטער דור פון אימיגראַנטן וועט ווי ביזאַהער ציען זיין גייס־
טיקע יניקה פון דער אַלטער היים און שאַפן אילוזיעס פון קול־

טורעלער און אפילו פּאָליטישער כלל־ישראל־טעטיקייט אַרום די בתי־מדרשים, פאַרשידענע חברות, קלובן און פאַריינען.

דאָס זענען אָבער בלויז אילוזיעס אָן אַ פעסטן באָדן אויף וועלכן מען קאָן עפּעס בויען פאַר דער צוקונפט. עס וועט ווילנדיק נישט ווילנדיק אויסוואַקסן אַ דור פון יידישע עם־הארצים, פון יידן, וועלכע פאַרשטייען נישט אַ וואָרט עברי אָדער יידיש, אַ דור פון צוויי מאָל אַ יאָר בית־מדרש־יידן, ווען ס׳וועט אפילו פעלן די טיף־איינגעוואָרצלטע אָנציאונגס־קראַפט פון אַ קאַפּיטל תהלים, צו וועלכן ס׳האָבן זיך געצויגן די לעכצנדע הערצער פון אַמאָליקע היימישע פשוטע עם־הארצים. עס וועט אויסוואַקסן אַ דור, וועלכער וועט טראָגן אויף זיך דעם אויסערלעכן שטעמפּל פון יידישקייט; יידן־מענטשן, וועלכע וועלן אַנערקענט ווערן אַלס „אַנדערע" סיי פון פריינט, סיי פון פיינט. די „אַנדערע" אָבער וועלן זיין אָרים אין יידישן גייסט אָנצופילן דעם חלל צווישן זיי און דער אַרומיקער סביבה פון דער הערשנדער קולטור. דער דעגענערירונגס־פּראָצעס וועט אָנגיין אַמאָל שטאַרקער, אַמאָל שוואַכער. גאַנצע שטיקער פון יידן און יידישקייט וועלן אָפּפאַלן און אינגאַנצן צעשמעלצט ווערן. אָבער צי וועט פון אונזער אָרימקייט די אויסטראַלישע קולטור „באַרייכערט" ווערן, איז אַ גרויסע פראַגע. אַזאַ שוואַכער און פוסטער דור, וואָס האָט פאַרהפקרט זיין גייסטיקע ירושה, איז אַ זייער אָרימער צושטייער צו דעם אַרומיקן בשותפותדיקן לעבן.

און דאָ שטייט פאַר אונז יידן, וועלכע „קאָנען זיך נישט און ווילן זיך נישט אַסימילירן" אַ נייע פאַראַנטוואָרטלעכע ציווילזירנדע אויפגאַבע אין אויסטראַליע. מיר דאַרפן אָנשטעקן אונזערע הערשנדע שכנים מיט דער דינאַמיק פון קולטורעלן פּלוראַליזם, באַוועגן זיי צו אַנערקענען דעם גייסטיקן צושטייער, וועלכן נאַציאָנאַלע קאָלעקטיוון קאָנען בייטראָגן צו דעם אַלגעמיינעם קולטורעלן אוצר, איבערצייגן זיי מיט די ווערטער פון דער באַרימטער אַמעריקאַנער שרייבערין פּערל באַק, אַז אַמעריקע נויטיקט זיך אין די סטימולירנדיקע גייסטיקע עלעמענטן פון די אימיגראַנטן.

אויסטראַליע נויטיקט זיך אין זיי נאָך אפשר מער ווי אַמע־

ריקע. און ווען מיר וועלן געפינען דעם אינערלעכן מוט און דראנג צוזאמען מיט די פאסיקע ווערטער דאס פראבלעם אויף דער הויך פון אן אלגעמיין פראבלעם פון קולטור און גייסט אוועקצושטעלן, וועט אונזער קול געפינען זיין אפקלאנג אין די הערצער פון די אויסטראליער.

דאס וועט זיין אן אנדער אויסטראליע, שוין נישט מער א גייסטיקע קאלאניע פון דעם אייראפעאישן בריטישן אינזל. עס וועט אויסוואקסן דא אויף דעם פינפטן קאנטינענט א נייע ציוויליזאציע, אנגעזאפט מיט די שעפערישע גייסטיקע כוחות פון אלע פעלקער, וועלכע האבן זיך דא באזעצט. עס וועט זיך שאפן א בשותפות'דיקע מענטשלעכע קולטור. אבער אין דער־זעלבער צייט וועט יעדער שותף ציען זיין אייגענע גאלדענע קייט פון גייסט און טראדיציע, וועלכע וועט זיך יעדעס מאל אנקניפן אין דעם אלגעמיינעם שעפערישן קולטורעלן פראגרעס.

* * *

דאס ארטיקל האט בכיון אויסגעמיטן צו באטראכטן „די צוקונפט פון יידן און יידישקייט אין אויסטראליע” אין פאל פון א טעריטאריאלער לעזונג פון דער פראבלעם, ווי, למשל, דער קימבערליי־פראיעקט. דאס איז א פראגע פון א לחלוטין אנדערן באנעם מיט גאנץ אנדערע פערספעקטיוון.

## הערץ בערגנער

# צווישן הימל און וואַסער

### ראָמאַן

## I

שוין די פינפטע וואָך ווי די אַלטע און ברודיקע גריכישע פראַכט־שיף האָט זיך מיד און אָן כוחות געשלעפּט איבער די צעכוואַליעטע וואַסערן און קיין ברעג האָט מען אַלץ נישט געזען. די שיף האָט געסאַפּעט, געקרעכצט פון אַלטקייט, זיך געלאָזט וואַרפן פון די גרינע כוואַליעס, וואָס האָבן זיך געשפּילט מיט איר, ווי יונגע קינדער מיט אַ זקן, אַן עובר־בטל. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז די שיף האָט פאַרלוירן דעם וועג און וועט זיך שוין אַזוי אייביק אויפן ים שלעפּן. מ'האָט מער נישט געזען ווי הימל און וואַסער, און די יידן אויף דער דעק זענען שוין מיד געווען פון קוקן כסדר אין דער ווייטקייט אַריין, טאָמער וועט פון ערגעץ אַרויסשווימען אַ פּאַס לאַנד. די יידן האָבן זיך צוגעוווינט צו דער זון, וואָס האָט בייטאָג געבלאַנקט מיט אַזאַ ווייסקייט, אַז מ'האָט נישט געקענט אָפן האַלטן די אויגן, פּונקט ווי זיי האָבן זיך צוגעוווינט צו דער פינסטערניש ביינאַכט, ווען איינער האָט נישט דערקענט דעם צווייטן. דער באַפעל, אַז מ'טאָר נישט אָנצינדן ביינאַכט קיין ליכט, אפילו קיין שוועבעלע נישט, איז געקומען באַלד, ווען די שיף איז אַרויסגעשווומען אויפן ברייטן ים אַרויס . . .

אײן די פינסטערע נעכט, בעת קיין לבנה איז אויפן הימל נישט געשטאַנען, האָט זיך צו דער שיף צוגעקלעפּט אַזאַ געדיכטע שוואַרצקייט, ווי סמאָלע. די שיף האָט זיך פּאַוואָליע געשלעפּט, ווי אַ שוואַרצער ארון. די יידן האָבן זיך דעמאָלט פאַרלוירן

געוואָגלט אויפן דעק, אויף די שמאָלע, אויסגעריבן־גליטשיקע שטיגעלעך, וואָס האָבן זיך געדרייט ווי שרויפן. זיי האָבן מיט די הענט בלינד געטאַפּט אין דער פינסטערניש, ארויף איינער אויפן אַנדערן, זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. די מענער האָבן אַרומגעזוכט זייערע ווייבער און די ווייבער זייערע מענער. קינדער, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע מאַמעס, האָבן זיך געריסן אין דער פינסטערער נאַכט, אָנגעוואָרפן אַ מורא מיט זייערע דערשראָקענע קולעכלעך:

— מאַ־אַ־מע!... — האָבן זיך די קינדער געריסן — ווו ביזטו, מאַמעליו־ו!...

גוטע פריינט, וואָס האָבן בייטאָג גאַנצע שעהן געשמועסט צווישן זיך, זענען פאַרביי זיך דורכגעגאַנגען, ווי פרעמדע, מיט אומצוטרוי זיך אָפּגעטרעטן דעם וועג און ערשט אין די שטימען דערקענט איינער דעם צווייטן. דאָס באַקאַנטע קול האָט אַ וואָרעם געטון, צוגעצויגן צו זיך און דערפרייט, ווי מ׳וואָלט מיטאַמאָל געפונען אַ טייערע לאַנג־פאַרלוירענע זאַך:

— דאַכט זיך, אַז פאַביאַש?... איאָ?... — האָט איין ייד אָפּגעשטעלט דעם צווייטן, אָנגעטאַפּט אים פאָרזיכטיק מיט די הענט, זיך איינגעקוקט אין אים פון דער נאָענט, ווי אַ קורצזיכטיקער — דאַכט זיך, אַז כ׳האָב נישט קיין טעות?... האָ?

— יאָ.. יאָ... געטראָפן!... דאָס בין איך טאַקע, פאַביאַש!... אָבער ווו קריכט דאָס אַ ייד אַזוי שפּעט ביינאַכט אין אַזאַ חושך!... ס׳איז דאָך סכנות־נפשות!... די פינסטערניש קען מען אָנטאַפּן מיט די הענט!...

כאָטש דער קאַפּיטאַן האָט געהייסן זיצן אין די קאַבינעס, זיך גיין לייגן פרי שלאָפן, האָט קיינער נישט געקענט איינזיצן אויף אַן אָרט — ס׳האָט יעדן געטריבן אַרויס. ווער האָט דאָס געקענט זיך גיין אַזוי פרי לייגן? ס׳איז דאָך פון טאָג צו טאָג געוואָרן ערגער! איבער נאַכט זענען געבוירן געוואָרן נייע גזרות, געקלעפּט אויף די אָפּגעקראָכן־אַלטע, ברודיק־פאַרפּעצטע ווענט פון דער שיף, געשריבן מיט אומהיימלעך־גרויסע, אויף דער גיך אָנגעוואָרפענע, אומגעלומפּערטע אותיות. אָט האָבן זיך די יידן

אין איין שיינעם טאָג אויפגעהויבן און אויף די ווענט געטראָפן אין דער איילעניש צוגעשניטענע פּלאַקאַטן פון פּראָסטן פּאַק־פּאַפּיר, וואָס האָבן נאָך פריש געשמעקט מיט טינט, און באַפוילן, מען זאָל נישט נוצן קיין וואַסער. מען זאָל נוצן דאָס וואַסער בלויז אין נויט־פאַלן צום טרינקען. יעסן האָט מען געגעבן מער נישט ווי צוויי מאָל אין טאָג און דאָס ביסל געקעכץ איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן קלענער און איינגעשרומפּענער. פונדעסט־וועגן האָבן די פּלאַקאַטן געוואָרנט דעם עולם זיך צו פאַרהאַלטן רואיק, נישט אַרויסצורופן קיין פּאַניק.

די לעצטע ווערטער, אַנשטאָט צו באַרואיקן, האָבן נאָך מער געשראָקן, אָנגעוואָרפן נאָך אַ גרעסערע מורא און דער עולם האָט גענומען דרינגען, אַז ס'איז מן־הסתם זייער ביטער. מ'וויל גאָר־נישט אויסזאָגן, ווי ביטער ס'איז! מ'האָט צוביסלעך אינגאַנצן אויפגעהערט צו קוקן אין דער זייט אַריין, ווו די גזרות זענען איבער נאַכט אַרויסגעשפּרונגען, מורא געהאַט פאַר די פרישע צרות, און כדי זיך אַביסל צו באַרואיקן, איז מען נישט־געבעטנ־ערהייט געקראָכן איינער צום אַנדערן אין די קאַבינעס אַריין. די ייִדן האָבן גערעדט וועגן די אַלע מדינות, ווו ס'איז זיי אויסגע־קומען זיך צו וואַלגערן, זינט זיי זענען אַנטלאָפן פון דער היים, און זיך איבערגעשטיגן אין די בקיאות וועגן דעם נייעם לאַנד אויסטראַליע, ווו זיי פאָרן איצט. כאָטש קיינער האָט נישט קיין סך געהערט וועגן דעם נייעם לאַנד, האָט פונדעסטוועגן יעדער איינער געוווּסט צו דערציילן פּלאַי־פּלאַים וועגן די מענטשן דאָרט, וועגן דעם פירעכץ און מנהגים און טאַקע וועגן דעם לאַנד גופא...

פּאַביאַש, אַ קליינער און אַ רירעוודיקער יונגערמאַן, וואָס ווייסט שטענדיק מער פון אַלעמען און קיין שום זאַך אין דער וועלט קען אים שוין מער נישט איבעראַשן, ווייל ער האָט שוין אַלץ פון פריער געהערט און געוווּסט, האָט געהאַט אַ פולן בויך מיט ידיעות וועגן אויסטראַליע. ער ווייסט גענוי, אַז דאָס לאַנד, וואָס איז אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט ים, האַלט זיך אויס פון פיש, וואָס מ'צעשיקט איבער דער גאַנצער וועלט... אָבער ר' זיינוול ראָכמאַן, וואָס האָט קיינמאָל נישט געליטן פּאַביאַשעס

גרויסהאַלטן־זיך און אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט זיין בקיאות אין אַליע, האָט שטענדיק געזוכט עפּעס אַ זאַטשעפּקע, כדי צו ווייזן, אַז פּאַביאַש ווייסט גאָרנישט און איז מער נישט ווי אַ פלאַטער־קאָפּ און אַ גרויסער פּלוישער. ער האָט טאַקע פּאַביאַשן איבערגעשפּאַרט, געמאַכט אים אויסאויסדרייען און גע־זאָגט, אַז אין דער מדינה לעבן גאָר די מענטשן פון האַליע. אַזוי־ווי דאָס לאַנד איז נאָך ווילד און פאַרמאָגט אַ סך וועלדער, לעבן די מענטשן דאָרט פון האַליע, וואָס זיי צעשיקן ווו די וועלט האָט נאָר אַן עק...

הערהערט אַזעלכע דיבורים, האָט עס דער פרוי האָדעס, אַ וואַרשעווערין פון דער היים, וואָס האָט שטענדיק שטאָלצירט מיט איר גרויסשטאָטישקייט, אַ הייב געטון פון אָרט. זי האָט געזאָגט, אַז נישט פּאַביאַש און נישט ראָכמאָן ווייסן וואָס זיי רעדן. דאָס לאַנד האַלט זיך אויס נישט פון פיש און נישט פון האָליע. אויסטראַליע איז אַ מדינה פונקט ווי אַלע אַנדערע מדינות מיט אַ סך גרויסע שטעט. זאָל ר׳ זיינוול ראָכמאָן און פּאַביאַש נישט דרייען קיין ספּאָדיק און מאַכן פון אויסטראַליע עפּעס אַ מדבר.

און כדי צו ברענגען אַ ראיה צו אירע רייד, האָט זי באַלד געררופן אירע צוויי טעכטערלעך, וואָס זענען אין שקאָלע געגאַנגען און ווייסן אויך עפּעס. מיט די קינדער האָט זי זיך שטענדיק ליב געהאַט צו באַרימען און פאַרצושטעלן, צי ס׳איז געווען אויפן אָרט, צי נישט, געהאַלטן שטאַרק פון זייער געראָטנקייט...

אָבער די טעכטערלעך, נאָך גאָר יונגע קינדער, האָבן זיך נישט צוגעהערט צו דער מאַמען און זענען צו איר נישט צוגע־קומען. ווי שטענדיק זענען זיי פאַרטון געווען אין זייער ליאַלקע, מיט וועלכער זיי האָבן זיך ארומגעפירט פון אינדערפרי ביז ביינאַכט. די ליאַלקע איז געווען דאָס איינציקע פאַרמעגן זייערס, וואָס זיי האָבן אַרויסגעראַטעוועט אין דער גרויסער בהלה, בעת די שטוב זייערע איז חרוב געוואָרן און יעדער האָט געכאַפּט אין די הענט אַריין וואָס ער האָט נאָר געקענט און אַנטלאָפן קוים מיטן לעבן. זיי האָבן געכאַפּט די ליאַלקע. איצט איז שוין די ליאַלקע

אַלט און אָפּגעריבן, מאַכט שוין מער נישט צו די אויגן בעתן שלאָפן און לאָזט שוין מער נישט אַרויס קיין דערשראָקענעם קוויטש, אַז מ׳טוט זי אַ דריק ביים בייכל. אָבער די מיידעלעך האָבן זיך נישט געשיידט מיט איר, געשלאָפן מיט איר צוזאַמען, געפירט זי ביי די הענטלעך שפּאַצירן, ווי אַ קליין קינד. און דאָס ייִנגערע מיידעלע האָט גערעדט אין דער ליאַלקע אַריין די זעלבע רייד, וואָס די מאַמע רעדט צו איר אַלעמאָל בעת זי דערזעט זי און דערפרייט זיך אויפסניי, וואָס זי איז ניצול געוואָרן פון אַלעם בייזן און געפינט זיך שוין איצט אויף אַ זיכער אָרט:

— פּאַטשיעכע מיינע!... אוצר מיינער!... — האָט דאָס קינד געפּיעשטשעט די ליאַלקע, פּונקט ווי די מאַמע פּיעשטשעט זי — אַ ברכה אויף דיין קעפּל!... ס׳האַרץ וואַקסט אין מיר ווען כ׳קוק דיך אָן... און ס׳האָט דאָך נישט געפעלט קיין האָר, כ׳זאָל דיך שוין מער נישט האָבן!... אָבער ווו איז דיין טאַטעליו, ווו?!... ווו איז אַהינגעקומען דער לאַכטיקער שפּייזער מיינער?... גאָט געטרייער אין הימל...

ביי די לעצטע ווערטער האָט די קליינע פאַרבראָכן מיט די הענטעלעך, פאַרגלאָצט די אויגן צום הימל און זיך געמאַכט ווישן די טרערן מיטן טיכעלע, פּונקט ווי די מאַמע טוט דאָס.

די קינדער זענען געווען גאַנצע טעג פאַרנומען, פאַרקאָכט אין זייער אייגענער וועלט, אַרומגעיאָגט זיך איבער דער דעק, זיך אַזוי צוגעוווינט צו דער שיף, צום אייביקן וואַסער, צום הימל, אַז זיי האָבן שוין מער נישט געדענקט אין קיין יבשה. בלויז די גרויסע האָבן געזוכט אין דעם ווייטן מרחק, אין דעם הימל, אין דעם וואַסער, וואָס האָט שוין אַזש אָנגעהויבן צו שווינדלען אין אויג. זיי האָבן געליטן פון דער ים־קרענק, געבראָכן מיט דער גרינער גאַל, נישט געהאַט מער קיין כוח דאָס אַלץ איבערצוטראָגן. ר׳ לייזער דער שפּייז־קרעמער האָט געזאָגט תהלים, געלערנט פון אַ ספר אַרויס, געטענהט, אַז אַ ייִד טאָר נישט פאַרלירן דעם בטחון ביז צו דער לעצטער רגע. אַ ייִד דאַרף האָבן אמונה, גלויבן אין דעם אייבערשטן! ער האָט געזאָגט אויף זיך, אַז ער האָט נישט מורא פאַרן טויט, ווען דאָס איז דעם

איבערשטנס רצון, ווען דאָס איז אים אָנגעצייכנט מן השמים. ס'איז אים בלויז אַ שאָד, וואָס ער וועט נישט קענען קומען צו קבר־ישראל... און פּאַביאַש האָט געשריגן, אַז נישט אין דער היים, וווּ מען האָט חרוב געמאַכט זיין שטוב, צוגעראַבעוועט ביי אים אַלצדינג, צעטרעטן מיט די פיס און איבערגעלאָזט אין איין העמד, איז אים באַשערט געווען צו שטאַרבן, נאָר דאָ אין ים. ס'האַרץ רייסט אים, אַז ער קוקט אויף זיינע שוואַלבן. מילא ער יאָק ער, אָבער וואָס זענען זיי נעבעך שולדיק? אַז די וואַסערן זענען נישט זיכער און דער קאַפּיטאַן, דער גריך, זעט עפּעס אין זיינע אויגן נישט אויס צו זיין קיין גריך. ער וויל עס גאָרנישט פאַרן מויל ברענגען, דער קאַפּיטאַן זעט אויס צו זיין אַ דייטש, אַ שונא־ישראל! אַז דער ערל גייט אַרום בייז, שווייגט און שווייגט!

אין איין שיינעם טאָג איז פּאַביאַש געקומען צולויפן העגדום־פּענדום אַראָפּ צו די יידן אין די קאַבינעם אַריין מיט אַ געשריי:

— ס'איז אַ מעשה אָן אַ סוף!... כ'קען שווערן, אַז די שיף גייט צוריק!... כ'האָב אַליין געזען מיט מיינע אויגן, ווי די שיף האָט זיך אויף צוריק פאַרקערעוועט! אַז כ'האָב שטענדיק גע־טענהט, מ'דאַרף קוקן דעם קאַפּיטאַן אויף די הענט! מי־יודע ווו דער ערל גייט אונז פאַרשלעפּן!... אַז ער וויל דווקא אומ־ברענגען דאָס ביסל יידן!... יעדן קען איינלייגן וויפיל, אַז דער גוי איז אַ דייטש!... ער איז אַזוי אַ גריך, ווי יעך בין אַ טערק!...

די יידן, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען ווי נעבטיקע, צוגעגעבן זיך אַליין קוראַזש, נישט פאַרשטאַנען, וואָס די שיף שלעפּט זיך און שלעפּט, זענען געבליבן דערשראָקן, באַלד אָבער אַרויס מיט אַ טענה צו פּאַביאַשן. דער עיקר האָבן אָבער אַ גרויסע טענה געהאַט צו אים די ווייבער:

— בייסט אייך אָפּ די צונג!... — האָבן זיי אַלע מיטאַמאָל געשריגן — אַז אַ מענטש האָט איינגענומען פּלוידער־וואַסער, גייט אַרום און בעבעט, ווי אַ יידענע! קוקט אים נאָר אָן דעם העלד!... אַ שיינער מאַנספּאַרשוין זענט איר!... אויך מיר אַ מאַנספּאַרשוין צום טיש!...

פּאַביאַש האָט זיך נישט געקאָנט מער אַרויסדרייען פון די

ווייבער, זיך שוין מער נישט ארויסגעבאפט מיט א וואָרט, ארומ־געגאַנגען און געשטיקט אין זיך. ער האָט נישט געענטפערט אפילו דעם בארימטן ווארשעווער דאָקטאָר, דעם האַלבן עובר־בטל, מיט דער גרויער פּאָלקע און מיט די גרויע, שטאָלצע, פּריציש־דיקע וואָנסעס, וואָס האָט אים געהאַלטן אין איין פאַר־טשעפּען. דעם בארימטן ווארשעווער דאָקטאָר האָבן די דייטשע סאָלדאַטן דערמאָנט מיטאמאָל אין זיין יידישן אָפּשטאַם, גערופן אים שמוציקער „הונדקערל" און „זאו־יוד" און ביי אים אין דער וווינונג, אין זיינע אויגן, אויפגעהאַנגען דעם איינציקן זון זיינעם. זינט דעמאָלט האָט זיך דער דאָקטאָר אויפגעהערט צו וואשן, צו קעמען די שטענדיק זאָרגפעלטיק־געפלעגטע פּאָלקע זיינע, ארומ־געגאַנגען פארוואָרלאָזט, מיט אַן אָפענעם קראַק און מיט א האַלבן עובר־בטלדיקן שמייכל אויפן פּנים. דאָס ווייב זיינס איז אייביק נאָך אים נאָכגעלאָפן מיט א נאַס האַנטוך, ווי נאָך א פּיצל קינד, כדי אים אָפּצוּווישן דאָס פּנים און די הענט. אויף דער שיף האָט זיך דער דאָקטאָר געטוליעט צו די יידן, רק געטאַפּט די קינדערלעך ביי די קעפּלעך, געהאַט כסדר גדולד אויסצוהערן די ווייבערישע קרענקן און געמאַכט מיט פּאַביאַשן אַלעמאָל דאָס זעלבע הלצהלע:

— ס'גלוסט זיך נישט, פּאַניע פּאַביאַש, צו מאַכן איצט א גורעק אין ים אריין... הע?... ס'וואַסער מוז זיין נאַס...

דער דאָקטאָר האָט אים נישט אָפּגעלאָזט, געקוקט אים פאַרשנדיק אין פּנים אריין מיט זיין נאַריש, גוט שמייכעלע, דער־ציילט עפּעס וועגן זיין איינציקן זון, פונקט ווי וועגן א לעבעדיקן און בעת־מעשה אַנגעוויזן אים מיט א יונג גלוסטיק פּייערל אין די טרערנדיק־אַלטע אויגן אויף דעם פּאָרל, וואָס האָט זיך נישט געמישט צו קיינעם, געוועזן פארטון אינגאַנצן מיט זיך. פון דעם פּאָרל האָט די גאַנצע שיף גערעדט, זיך געחידושט, וואָס א מאַן מיט א ווייב, שוין נישט גאָר קיין יונגע, שיידן זיך נישט איינער פון אַנדערן, קוקן זיך אזוי פארליבט אין די אויגן אריין, ווי אויפצומאָרגנס נאָך דער חתונה.

און נאַטאַן און אידע זענען טאַקע פארנומען געווען מיט

זיך, פּאַרטון אין זייער אומגליק, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זיי אַזוי פּלוצים. און אפשר איז דאָס נישט אַן אומגליק, אַזוי לאַנג ווי זיי קענען נאָר זיצן אַזוי נאָענט פון זיך. באַהאַלטן און טיף־פאַרגראָבן האָט דאָך געטליעט אַ פריייד אין זיי. און זיי האָבן די פריייד דערשטיקט אין זיך, דערוואָרגן, זיך אַליין געזידלט פאַר זייערע זינדיקע מחשבות. אָבער די גאַנצע צייט, וואָס זיי האָבן זיך געשלעפּט צוזאַמען, זענען זיי פונדעסטוועגן נישט אָפּ־געטרעטן איינער פון צווייטן, געהאַט אַ פּאַרטיקן תירוץ, אַז דווקא איצט, אין דעם גרויסן אומגליק, וואָס האָט זייביידן געטראָפן, מוזן זיי אַכטונג טון אויף זיך. אויך אין גריכנלאַנד ביי דעם יידישן סוחר, וואָס האָט זיי אויפגענומען מיט אַזאַ ברייטער האַנט, געגעבן זיי אַ דאַך איבערן קאָפּ און מיט געוואַלט זיי אויפגעזעצט אויף דער שיף, האָבן זיי זיך צוזאַמען געהאַלטן. די גאַנצע צייט, וואָס די שיף האָט זיך געשלעפּט, געסקריפּעט מיט איר פאַרזשאַווערטן אינגעווייד, זיך געוויגט אויף די צעשטורעמ־טע וואַסערן, ווי אַן אַלטער צעבראָכענער קאַסטן האָט נאַטאַן נישט אָפּגעלאָזט אידען אפילו אויף קיין איין מינוט. זי קען זיך נאָך חלילה אַ מעשה אָנטון! אין איר גרויסן אומגליק מוז זי אים האָבן פאַר אַן אָנשפּאַר. און נאַטאַנען איז גוט געווען צו זיצן אַזוי נאָענט פון אידען, פון גאָרנישט טראַכטן און אין זינען האָבן בלויז איין זאַך, אַז די שיף זאָל זיך אַזוי שלעפּן און שלעפּן און זיך קיינמאָל צו קיין יבשה נישט דערשלעפּן, ווו ער וועט אויפסניי מוזן אַריינקריכן אין לעבן אַריין מיט די אַלע צרות און דאגות. בעסער זאָל די שיף שווין אַזוי אייביק בלייבן אויפן ים...

אין די לבנהדיקע נעכט זענען זיי געזעסן נאָענט צוגערוקט, געקוקט אין וואַסער אַריין, געזען, ווי די לבנה ברעכט זיך אויף די כוואַליעס אויף קליינע שערבעלעך, גיסט זיך, ווי צעשמאָלצן זילבער, טיף אין די אָפּגרונטן אַריין. און בשעת דער ים האָט געשטורעמט, ווילד געשריגן און געברומט, געעפנט ריזיקע פּיס־קעס, ווי טיפע תהומען, געבויגן די שיף, דאָ אויף רעכטס און דאָ אויף לינקס, זי פאַרדעקט מיט די שוימיקע וואַסערן, זענען זיי נישט אַנטלאָפן אין די קאַבינעס אַריין. זיי האָבן זיך פאַר־

שטעקט אין אַ ווינקל, געזען, ווי ס'איז מיטאָמאָל פינסטער געוואָרן, אַ נעפּל האָט אַרומגענומען דעם ים, צוזאַמענגעגאָסן אים מיטן הימל אין איין שטיק רויך. בליצן, ווי פייערדיקע רוטן, האָבן געשניטן, געשפּאָלטן דעם שווער־אָנגעפּעלצטן הימל, זיך געוויקלט ווי ברענענדיקע שלאַנגען און אַלעמאָל די פינסטערניש אָנגעצונדן, געלאָזט די וועלט שטיין אויף אַ רגע אין אַ פלאַם־פייער. דער ים האָט געוואָיעט, געהיילט, געברילט, מיט טויזנטער קולות געשריגן פון די טיפענישן, זיך פאַרגאַנגען אַלעמאָל העכער און העכער. דונערן האָבן זיך טויב געקייקלט איבער די הימלען, זיך געשיט, ווי מען וואָלט גרויסע געשמידטע פעסער ערגעץ געקוילערט און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז די גאַנצע וועלט טרייסלט זיך, ברעכט זיך... נאַטאַן און אירע זינען געשטאַנען אין אַ ווינקל, ליב געהאַט זיך צוצוקוקן צו דעם ווילדן שפּיל, כאָטש אין קאָפּ האָט שוין זייער שטאַרק געשווינדלט, אַלץ האָט פאַר די אויגן געטאַנצט, געשפּרונגען, זיך געדרייט. זיי זענען געשטאַנען הינטער דער צוים פון שטריק, וואָס האָט זיך געצויגן לענג־אויס דער דעק, כדי נישט צוצולאָזן קיינעם דאָרט־אַהין, ווו דאָס וואַסער האָט כסדר אַרויפגעכלאַפּעט. אַלע האָבן געליטן פון דער ים־קרענק, נישט געהאַט מער וואָס אויסצוברעכן, אַרומגעגאַנגען, אָדער געלעגן האַלב־פאַרחלשט, בלויז זיי האָבן זיך עפּעס נישט געפילט אַזוי שלעכט און געקוקט דער סכנה גלייך אין די אויגן אַריין.

יעדעס מאָל, בשעת אַ כוואַליע האָט זיך מיט אַ ווילד געברום צוגעקייקלט צו דער שיף, ווי זי איינצושלינגען, האָט זיך אירע מיט גרויס שרעק צוגעטוליעט צו נאַטאַנען. ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך מיט אַ סך פאַרזיכטיקייט און צערטלעכקייט און דערפילט דעם זעלבן אומרו, פונקט ווי דעמאָלט, מיט יאָרן צוריק, בעת דער פאָטער אירער האָט זי געשלאָגן און ער האָט זי אַרויסגעריסן פון זיינע הענט און זי איינגעשטילט. ער האָט דעמאָלט געגלעט אירע צעפּלאָשעטע האָר, אירע וויינענדיקע מיידלעריש־ווייכע אַקסלען, געשפּירט ווי אירע הייסע טרערן ברענען אים די פינגער, פילן אים אָן מיט אַ ציטער, צינדן אים אָן אינגאַנצן. אויך האָט אירע דערפילט דעמאָלט אַז נאַטאַן איז איר ווייט נישט גלייכ-

גילטיק. כאָטש נאַטאַן איז געווען איר עלטערער שוועסטערס מאַן, האָט זי זיך אַלעמאָל שטאַרקער איינגעגנורעט אין אים און געזוכט ביי אים שוץ. זי האָט געוואָלט, אַז זיינע גלעטן זאָלן גאָר קיינמאָל נישט אויפהערן. זיי האָבן אַזוי אַנגענעם־זיס געהיילט די ווייטיקן און די בושה, וואָס דער טאַטע אירער האָט זי, אַ כלה־מיידל שוין, אין זיינע אויגן געשלאָגן...

אויך איצט אויף דער שיף, ווו דער גורל האָט זיי בײדע, ווי אויף צולהכעיס, פאַרוואָגלט, האָט זיך אידע געפילט גוט לעבן נאַטאַנס זייט, כאָטש זי האָט דאָס נישט געוואָלט מודה זיין, פאַרשריגן אין זיך דעם אמת. פונקט ווי אידע האָט נאַטאַנען דערמאָנט אין זיין היים, אין זיין ווייב און קינד, אַזוי האָט נאַטאַן אידען דערמאָנט אין דער היים, אין איר מאַן און קינד. זיי האָבן זיך ווייניק געמישט צו די אַלע מענטשן אויף דער שיף, געזעצן באַזונדער, פאַרטון אינגאַנצן אין זייער גרויסן צער. כאָטש אידע האָט זייער אָפט נאַטאַנען נישט געוואָלט זען און געזעסן ביי זיך אין דער קאַבינע, האָט אָבער נאַטאַן זי כסדר אויפן אויג געהאַט, געפילט, אַז ער טאָר זי איצט נישט פאַרלאָזן. און אַז דער ים האָט געשטורעמט, איז נאַטאַן דווקא באַשטאַנען אויף דעם, זי זאָל בלייבן מיט אים אויפן דעק, דאָס וועט איר מאַכן פאַרגעסן אַביסל אין די צרות, זי אַביסל באַרואיקן. אין דער סכנה האָט נאַטאַן, נאָך מער ווי אַלעמאָל געפילט ווי אידע איז אים נאָענט, ווי זי דערמאָנט אים אין זיין ווייב און קינד, וואָס זענען פאַרלוירן געוואָרן ערגעץ אויפן וועג, בשעת זיי זענען פון דער היים אַנט־לאָפן. ער האָט געפילט דעמאָלט, מער ווי אַלעמאָל, ווי אידע דערמאָנט אים אין די אַמאָליקע יאָרן, ווען זי איז נאָך אַ מיידל געווען און זיך אַרומגעדרייט, ווי אַ פרעמדע, אין זיין שווערס שטוב, וואָס האָט זיך די לעצטע ציטן שטאַרק געוואַקלט און דער דייטש האָט זי שוין צו דער רעשט אָפּגעווישט, אָפּגעמעקט אינגאַנצן...

## II

געוועזן איז דאָס מיט יאָרן צוריק, דעמאָלט נאָך אין װאַרשע אויף דער פראַנציסקאַנער, וווּ נאַטאַנס שוועער האָט געהאַט אַ לעדער־קרעמל, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט דער שטוב. ער, נאַטאַן, איז געווען אַ סטודענט, וואָס האָט שוין לאַנג אויפגעגעבן דאָס שטודירן, ווייל ער האָט שוין מער קיין כוח נישט געהאַט צו הונגערן און זיך געמוזט אַרומזען וועגן עפּעס אַ תכלית. אָבער דער נאָמען „סטודענט" איז אים שוין געבליבן לעולם־ועד. מיט דעם נאָמען האָט מען אים גערופן ביים שוועער אין שטוב און מיט דעם נאָמען האָבן אים גערופן די שכנים — אפילו די קינדער אין הויף:

— נאַטאַן, יאַנקלס איידעם, דער סטודענט מיט די הויזן צעטרענט...

קיינמאָל האָט נאַטאַן שוין נישט געקאָנט פון דעם נאָמען פּטור ווערן, כאָטש ער האָט דאָס געגאַרט, געוואָלט פאַרווישן אַלע סמנים פון זיין אַמאָליק סטודענטישקייט. אָבער מען האָט אים נישט געלאָזט די סמנים פאַרווישן. ווייל אָט דער שוועער זיינער, אַ האַרעפּאַשנער, געזונטער ייד, וואָס האָט אים אין די אויגן אריין געחוזקט פון זיין סטודענטישקייט, האָט הינטער זיינע אויגן זיך געריממט זייער דערמיט און זאָל גאָט שומר ומציל זיין טאָמער האָט ווער אַ שלעכט וואָרט געזאָגט וועגן אים. נאַטאַן האָט געוווסט, אַז הינטער זיינע אויגן, גרויסט זיך גאָר דער שוועער מיט זיין „טיליגענטנעם" איידעם פאַר אַלע פּראָווינצער סוחרים, וואָס קומען צו אים אין קראָם אריין. ער שלעפּט אַרויס דאָס סטודענטישע היטל, וואָס ער, נאַטאַן, האָט עס שוין פון לאַנג פאַרוואָרפן, בלאָזט עס אָפּ פון שטויב, גלייכט אויס דאָס האַלב־אָפּגעפּליקטע גאָלדענע בענדל, פּוצט אָפּ מיט אַן אַרבל דעם גלאַנציק־לאַקירטן דאַשיק.... ער האַלט דאָס היטל לאַנג אין דער האַנט, ווי עפּעס אַ טייערן אַנטיק, ווייזט עס אַלע.. דאָס איז אָבער אַלץ געווען הינטער די אויגן. אין די אויגן האָט דער שוועער געקוקט אויף אים מיט חוזק, געלאַכט פון זיינע איידעלע הענט, וואָס האָבן נאָך אַלץ נישט געקאָנט אויפהויבן די שווערע פּעק לעדער, בשעת

ער אליין, אַז עלטערער ייד שוין, האָט זיי געהויבן אַזוי גרינג, ווי עפּעס אַ לייכט פעדערל. און כאָטש נאָטאַן האָט געאַרבעט, איבער די כוחות געאַרבעט, געוואָלט ווייזן, אַז ער איז דאָ אין שטוב נישט קיין איבעריקער, אַז ער פאַרדינט כשר דאָס ברויט פאַר זיין ווייב און קינד, האָט אים דער שווער פונדעסטוועגן גערופן:

— קעסט־קינד...

בכלל האָט זיך נאָטאַן דאָ, אין דער שטוב, ניט אַריינגעפּאַסט, ער האָט זיך נישט געקענט צופּאַסן צו זיין ווייב פייגעלע, מיט וועלכער ער האָט זיך כמעט אינערגעץ נישט געקענט באַווייזן. חתונה געהאַט מיט איר, ווייל ער האָט נישט געהאַט מער קיין כוח צו הונגערן. צום מסחר האָט ער אינגאַנצן נישט געטויגט. געמאַכט אַלץ אומגעלומפּערט און פאַרדרייט. טיילמאָל האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין פאַרשידענע געדרייטע סוחרישע קונצן, געוואָלט אָפּנאַרן די וועלט. אָבער די סוחרים האָבן אים באַלד גע־פּאַקט ביי דער האַנט און ער האָט אויסגעזען נאַריש, זיך נישט געוווּסט וויאַזוי אַרויסצודרייען פון דעם גאַנצן עסק. און טיילמאָל איז ער געווען ערלעך — אַ ריינע נשמה. אָבער נישט דאָס און נישט יענץ האָט געטויגט צום מסחר און דער סוף איז געווען, אַז ער איז קיינמאָל קיין מבין אויף אַ שטיקל לעדער נישט געוואָרן.

פּונקט דאָס זעלבע איז געווען מיט זיין האַלטן זיך מיט די מענטשן אין שטוב. טיילמאָל האָט ער זיך אין שטוב געהאַלטן זייער פּשוט, זיך געמאַכט קליין, נישט אַרויסגערעדט קיין הויך וואָרט, נישט געטשעפּעט קיין פליג אויף דער וואַנט. באַלד האָט ער אָבער געזען, אַז דאָס טויג נישט, אַז מען הייבט זיך מיט אים אין שטוב אָן צו שאַפן, ווי מיט אַ שיק־ייִנגל, און ער האָט פאַריסן דעם קאָפּ, גענעבן אָנצוגעהערן, אַז מען זאָל נישט פאַרגעסן ווער ער איז.

איין ליכטיקער פלעק אין שווערס שטוב מיט די מאָסיווע מאַהאָגענע בעטן, מיט די בייכיקע שאַפעס, מיטן אומגעלומפּערט־גרויסן טיש און שווערן שטיי־זייגער, וואָס האָט אומעטיק און האַמעטנע־איינטאָניק אויסגעקלאַפּט די שעהן, איז געווען אידע,

זיין ווייבס יינגערע שוועסטער. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז די פאַרשטייט אים און פילט מיט אים מיט. ביינאַכט, בעת ער איז אין שטוב געזעסן און געלייענט אַ ביכל און אידע איז אריינגע־פאַלן מיט גאַס און ווינט אין די ברוינע קאַשטאַן־האָר, אין די העל־ברוינע, געלבלעך־בורשטינענע אויגן, וואָס זי האָט אַ טבע געהאַט כסדר פול מיט קינדישן חן צו מרוזשען, אין דער גע־שפּאָלטן־פולער אונטערשטער ליפּ, האָט ער דערפילט, אַז ס׳קומט אריין אַ שטיק פון זיין אַמאָליק לעבן און זיין גאַנגדיקע בענק־שאַפט פאַרשווינדט מיטאַמאָל.

אַלעמאָל, בעת אידע איז אריינגעקומען, האָט זיך באַלד פון דער שלאָף־שטוב  אין אָנטועכץ אַרויסגעשאַרט דער פאָטער אירער, וואָס האָט נישט צוגעטון קיין אויג, געוואַרט אויף דער טאָכטער און באַלד אויסגעשאָסן:

— פון וועלכן געיעג קומסטו איצט, האַ?... — האָט ער גע־רוקט מיט רוגזא דאָס יידישע היטל אויפן קאָפּ — ווו שלעפּט זיך דאָס אַ מויד ביז אַזוי שפּעט אין דער נאַכט אריין!...

אידע האָט געענדיקט גימנאַזיע, געוואָלט ווייטער שטודירן, אָבער דער פאָטער האָט זי נישט געלאָזט:

— יאַך דאַרף נישט קיין גומנאַזיע!... ס׳איז נישט קיין שום תכלית! — האָט ער געשריגן, אַז שכנים זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן אויף בייז ווונדער — גענוג גומנאַזיע!... כ׳דאַרף נישט מער קיין קעסט־קינד, וואָס קען קיין קאַץ דעם ווײדל יישט צובינדן... פוילן גנב וועט אַ ייד נישט לאָזן שטודירן... ס׳איז אַן עבירה די האָרעוואַניע! שפּילסט׳ך מיט פאָליאַק גנב!...

אידע, אַ גרויסע עקשנטע און אַ צולהכעיסניצע, האָט גע־שטרייקט מיטן עסן, גאַנצע וואָכן דעם פאָטערס שוועל נישט איבערגעטרעטן. דער פאָטער האָט זי אָבער אויפן אויג געהאַט, געוווסט אירע גענג. ווען זי׳ איז נישט געווען אינדערהיים, האָט ער שטענדיק געניששטערט אין אירע זאַכן. און איינמאָל, דעמאָלט פונקט ווען ער איז ביי אירם אַ פּעקל בריוו געשטאַנען, געלייענט די ליבע-דערקלערונגען פון אירם אַ באַקאַנטן בחור, איז אידע אריינגעקומען. דער פאָטער האָט זיך נישט געמאַכט זי זען, ווייטער געלייענט דעם בריוו, אומישנע פאַרדרייט די ווערטער, כדי זיי

זאָלן קלינגען וואָס קאָמישער. פּלוצים האָט ער זי דערזען, גע־מאַכט אַ דערשראָקן פּנים, וווילעריש אַ פאַרשאַרץ געטון דאָס יידישע היטל הויך אויפן שטערן און כלומרשט גאַרנישט אויסן זייענדיק, זי געפרעגט:

— ווער איז דאָס דער יונגערמאַן?... — האָט ער אָנגעוויזן אויף אַ פאָטאָגראַפיע — זעט עפּעס אויס צו זיין אַ משוגענער פון די באָניפראַטן... קוקטץ נאָר אָן דעם הולך! אַפּנים, אַז ער האָט נישט אויף אַן אָנבייסן...

אידע איז בלאַס געוואָרן, מיט כּעס צוגעמרוזשעט די אויגן, אַז מען האָט מער נישט אַרויסגעזען ווי צוויי גיפטיקע שפּעלטע־לעך און מיט גאַל אַרויסגעוואָרפן פון זיך דאָס איין־און־איינציקע וואָרט:

— חוצפּה!...

מער האָט נישט געפעלט. דער פאָטער, אַ געזונטער ייד, אַ גרויסער עקשן און אַן אויפּס־כּוח־גייער, וואָס האָט אפילו איין „שטיבל" זיך באַלד געריסן מיט די פּויסטן, אַז מען האָט אים עפּעס נישט נאָכגעגעבן, האָט זיך אַ וואָרף געטון אויף איר און זי אָנגעהויבן צו שלאָגן. ווען נישט ער, נאַטאַן, וואָס האָט זי אַרויסגעריסן פון זיינע הענט, וואָלט ער זי אַזוי גיך נישט אָפּגעלאָזט.

אָבער אויסגעפירט האָט דער פאָטער. ס'האָט נישט געהאָלפן איר שטרייקן מיטן עסן, איר פאַרשווונדן ווערן פון דער היים אויף גאַנצע וואָכן. דער פאָטער האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן און אידע האָט חתונה געהאַט מיט דעם, וואָס ער האָט געוואָלט.

אידע איז אַוועק פון דער היים, זיך געביטן, פאַרגעסן אין נאַטאַנס גלעטן, וואָס האָבן אַזוי אָנגענעם־זיס געהיילט אידעס וווּנטיקן, בשעת דער פאָטער האָט זי מקים־פּסק געווען. און אַז זי איז געקומען צו־גאַסט צו די עלטערן אין שטוב, האָט זי אפילו אין נאַטאַנס זייט אַריין נישט אַ קוק געטון. זי האָט געהאַלטן אין איין קוקן דעם מאַן אירן אין דעם רויט־קיילעכדיקן פּנים אַריין, ווי זי וואָלט זיך אין אים געשפּיגלט, דערציילט דער מוטער זייער געננוי מיט אַלע פּיטשעווקעס פונם קינד, זיך געעצהט מיט איר.

אַלעמאָל האָט זי זיך מיט אַ סך איבערגעטריבענער צערטלעכקייט צוגעטוליעט צום מאַן, וואָס איז אייביק געווען נישט אויסגע־שלאָפן און אייביק נארישלעך געשמייכלט, פאַראַכטן ביי אים דעם קראַוואַט, געמוסרט אים מכלומרשט מיט אַ סך שטיפעריש־קייט אין קול, אינם ברייטלעך־קורצן, ווי אָפּגעהאַקטן נעזל:

— הערשל, ווי אַזוי זיצטו?...

— עס נישט אַזויפיל, הערשל... ס'עט דיר ברענען אויפן האַרצן... דו נאַשער, דו...

נאַטאַן האָט אַלץ פאַר ליב גענומען. אויך ער האָט נישט געקוקט אין איר זייט אריין, פאַרשטאַנען, אַז זי טוט אים צו־להכעיס, אַז זי פּייניקט זיך אַליין, נעמט אין זיך אַליין נקמה. און טאָמער האָט זי נישט געקאָנט אים אַליין מער ווייטון, נישט געפונען גאָרנישט, כדי אים אַ שטאָך צו טון, האָט זי זיך גענומען צו זיין בלאָנד־האָריק יינגעלע און פון אים חוזק געמאַכט. ס'האָט איר נישט געפאַלן דעם קינדס דאַרקייט, דער אופן פון זיין רעדן, פון זיין שנעל כאַפּן די ווערטער, דאָס אָנטועכץ, וואָס דאָס קינד טראָגט. זי האָט גאָרנישט באַמערקט אפילו, אַז זי טוט דעם קינד ווייי. אים, נאַטאַנען, האָט דאָס נישט באַליידיקט. נאָר זיין ווייב פייגעלע איז געזעסן ווי אויף הייסע קוילן, ס'האָט זי געהויבן פון אָרט און זי האָט כסדר באַקומען רויטע, קרענקלעך־אויסגעקניפּטע פלעקן פון בושה און באַליידיקונג אויפן פאַרצעלייען־ווייסן רואיקן פּנימל אירן. און אַז אידע האָט נישט געהאַט דאָס קינד, נישט געפונען גאָרנישט צו וואָס זיך צוצוטשעפּען, האָט זי זיך אָנגע־זעצט אויף דער מאַמען, געהאַט טענות, וואָס אין שטוב איז אָנגעשטעלט, גאָרנישט געפינט זיך אויפן אָרט. זי האָט זיך געבייזערט, רק געהאַט טענות, גענומען די ווייסע און פולע קאָץ אויף די הענט, ווילד און מיט גרויסער הנאה איר געבלאָזן אין די אויערן אריין און נאָך שטאַרקער און מיט מער עקשנות, ווי מיידל־ווייז, זי געפּייניקט און געמוטשעט.

— לאָז אָפּ די קאָץ!... — האָט די מוטער שוין נישט געקאָנט מער אויסהאַלטן, נישט פאַרשטאַנען וואָס מיט דער טאָכטער קומט אַזוינס פאָר — ס'איז אַ צער בעלי־חיים!... די מויד האָט

זיך גאָרנישט געביטן!... אַזוי ווי איינער איז צו זיבן, אַזוי איז ער צו זיבעציק...

טײלמאָל איז אידע פּלוצים אינמיטן העלן טאָג, ווען אַלע זענען געווען פּאַרנומען, צום פּאָטער אין געשעפט אַריינגעפאַלן, מיט כעס געשריגן אויף איר מיידעלע, געשלעפּט זי ווילד און ביז ווייטיק ביים קינדעריש־ווייכן הענטל. מיט גרויס ברייטקייט, מעשה גרויסע פּריצה, האָט זי זיך ביים טיש אוועקגעזעצט, זיך צעשפּרייט, גאָרנישט געטון, בלויז מיט שטילער עקשנות שעהן־לאַנג געקוקט ווי נאַטאַן אַרבעט, ווי ער שלעפּט די גרויסע און שווערע פּעק לעדער...

דערנאָך האָט אידע אינגאַנצן אויפגעהערט צו קומען צו די עלטערן אין שטוב אריין און נאַטאַן האָט זי נישט געזען. געטראָפן האָט זיך נאַטאַן אומגעריכט צוריק מיט איר, ווען דעם שווערס „שטיבל"־פּאָליטיק האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אמת און דאָס דייטשע חייל איז הינטער וואַרשע געשטאַנען. זיין שווער האָט שטענדיק געטענהט:

— פּאָליאַקל רודערט שוין צופיל מיט די אברים!... אַ גאַנצער פּאַן־בראַט געוואָרן מיט יעקען... לערנט זיך אָפּ פון אים צו שלאָגן יידן!... אָבער יעקע וועט אים נאָך דערציילן יענע מעשה... שפּילסט'ך מיט יעקען!... דייטש־באַנדיט וועט נאָך זיצן דאָ אין דער שטוב ביי דעם־אַ טיש...

קיינער האָט זיך נישט צוגעהערט צו זיינע רייד, געהאַלטן אים פאַר חסר־דעה. בלויז דאָס ווייב זיינס, זייגער אַ קליינע און זייער אַ שרעקעוודיקע, האָט אים געקוקט גלייך אין מויל אַריין. זי האָט שטענדיק מורא געהאַט פאַר אַ מינדסטן מונדיר, פאַר אַ מינדסט „קנעפּל." זי האָט זיך אַזוי דערשראָקן פאַר אַ פּראָסטן קאָנדוקטאָר, וואָס איז אַמאָל אַריינגעקומען אין דער לעדער־קראָם עפּעס קויפן, אַז ס'איז איר נישט־גוט געוואָרן און מען האָט זי געמוזט מינטערן. דערהערט אַזעלכע דיבורים פונם מאַן, האָט זי זיך שוין באַצייטנס אָנגעהויבן צוצוגרייטן צוביסלעך שפּייז. טאָמער, ווי ס'מאַכט זיך... ס'שאַדט נישט, אַז ס'ליגט... אַז זי וויל עם גאָרנישט פאַרן מויל ברענגען, די שעה זאָל נישט באַשעהן, וואָס עס קען זיך אַלץ טרעפן, זאָלן די קינדער זיך האָבן צו

דערכאפן מיט וואס דאס הארץ... אז זי געדענקט נאך גוט, וואס האט זיך געטון אין יענער מלחמה!...

ווען דאס דייטשע חיל איז געשטאנען הינטער ווארשע און דער ראדיא האט זיך געריסן מיט קולי־קולות, אז דאס יונגוואַרג זאל פארלאזן די שטאט, האט דער שווער געצוווּנגען די קינדער צו אנטלויפן. בעת דאס באמבארדירן איז פלוצים איבערגעריסן געווארן אויף עטלעכע שעה און די מענטשן זענען, ווי די מייז, ארויסגעקראכן פון די פינסטערע קעלערן, אפגעוווינט פון ליכט נישט געקענט קוקן דעם פרימארגן גלייך אין פנים ארײַן, נישט דערקענט די גאסן, וואס האבן געביטן דעם אויסזען, זיך געקורטשעט אין גרויסע ווייען, האט דער שווער זיך גענומען צום פאקן. ער האט אויף דער שנעל אראפגעווארפן די קאפאטע, א פארשארץ געטון די ארבל, פארשטעקט די ציצית, זיי זאלן אים נישט שטערן, און אין גרוים איילעניש ארויסגעשלעפט פון קאמער די אלטע וואליזע, וואס ער האט געהאט נאך בירושה פונם טאטן. כאטש דאס לעדער איז געווען אלט און צעטראסקעט, איז די וואליזע געווען נאך אייזן־שטארק, זיך געצויגן, ווי א הארמאניע און ס׳האט געקענט ארײַן אין איר א וועלט, ווי ס׳וואלט עפעס א כישוף אין איר געשטעקט. דער שווער האט אנגעשטאפט די וואליזע פול ביזן אויג, אלעמאל זיך אין עפעס אנדערש דערמאנט, אין גארנישט פארגעסן. ער האט אפילו נישט פארגעסן אראפצונעמען פון דער שאפע נאטאנס פארשטויבטן טלית־זאק, ארײַנגעקוועטשט אים פארזיכטיק אין דער וואליזע. דערנאך האט ער געברענגט פון ערגעץ צו שלעפן עפעס אן אלטן פלעצאק, ארויסגענומען א ניי לייוונטן ליילעך פון דער שאפע, א פרווו געטון, צי ס׳איז גענוג שטארק. פון ליילעך האט ער געמאכט עטלעכע טלומיקלעך, ארומגעבונדן זיי שטארק און פעסט מיט שטריק. ער האט אויך נישט פארגעסן פון קיין צדה־לדרך, אויסגעליידיקט דאס קיך־שענקל. ער האט אליין אלץ אויף דער גיך פארפאקט מיט א סך זארגפעלטיקייט, קיינעם נישט צוגעלאזט, ווייל ער האט זיך אויף קיינעם נישט געוואלט פארלאזן. בשעת־מעשה האט ער אין זינען געהאט דאס ווייב ארויסצוגענארן צו א שכנטע, כדי איר צו פארשפארן הארץ־ווייטיק. זי איז זייער א שוואכע... ער

האָט זייער שווער געאַרבעט, דער שוויים האָט זיך אים געגאָסן איבערן פּנים.

אַלץ פֿאַרטיק געמאַכט, האָט ער אַליין אַ נעם געטון די שווערע וואַליזע אין דער האַנט און געטריבן די קינדער זיי זאָלן גיין, ווייל ס'איז אַ שאָד יעדע מינוט צו פֿאַרלירן. אַז די קינדער האָבן זיך אים אַקעגנגעשטעלט, דווקא באַשטאַנען דערויף ער זאָל צוזאַמען מיט דער מאַמען מיטגיין, האָט ער זיך אפילו צו זיי נישט געוואָלט צוהערן:

— יאָכ'ל שוין מיינע יאָרן דאָ אויסלעבן... — האָט ער געזאָגט — עץ גייט'ץ געזונטערהייט... אַז גאָט השם־יתברך וועט העלפֿן און אַלץ וועט אַריבער בשלום, וועט עץ האָבן צו וואָס צוריקצוקומען... גייטץ... גייטץ קינדערלעך... באַלעמוטשעטץ נישט!...

ער האָט אַ קוש געטון די מזוזה און אַרויס דער ערשטער. באין־ברירה זענען אים די קינדער נאָכגעגאַנגען. ס'איז געווען אַ שיינער סוף־זומערדיקער פֿרימאָרגן. די גאַסן זענען נאָך אַלץ געלעגן איינגעקורטשעט־שטיל, אין גרויס שרעק מיט אַן איינגע־האַלטענעם אָטעם געוואַרט די לופֿט זאָל זיך ווידער צעדונערן און צעקנאַלן און ס'זאָל ווידער אַ פֿלייץ טון דער פֿייערדיקער רעגן פֿון הימל. דערווייל איז אָבער געווען שטיל, כאָטש אין דער לופֿט האָבן זיך טויב געטראָגן די ווידער־קולות פֿון די דונערן, וואָס האָבן ערשט די וועלט צעטרייסלט. די שטאָט איז נאָך נישט גע־קומען צו זיך, געציטערט, שווער געאָטעמט, ווי נאָך אַן ערד־ציטערניש. גאַנצע שורות הייזער זענען געלעגן אומגעוואַלגערט, פֿאַרשאָטן, איינגעזונקען אין דער ערד. די חורבות האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אָן זיך, אָנגעלענט, צוגעטוליעט צו זיך. גרויסע פֿאַרויכערטע לעכער, ווי אויסגעברענטע אויגן, האָבן אומעטיק און ליידיק געגלאָצט פֿון די ווענט, וואָס זענען געווען אָפּגעשיילט, באַדעקט מיט צרעת און מכות און אויסגעזעצן, ווי די פּנימער ביי גשרפים. די נאַקעטע ציגל האָבן געבלוטיקט פֿון דעם אָפּגע־קרישלטן טינק, ווי פֿרישע וווּנדן. גרוז און ציגל־שטויב האָבן אָנגעפֿולט די לופֿט, פֿאַרשטעלט די ראיה, אַז מען האָט נישט געקענט גיין. גרויסע פֿייערדיקע צונגען האָבן גיריק געלעקט דעם

קרישטאָל־ריינעם סוף־זומערדיקן הימל, געריסן פון אים שטיקער, אַרומגענומען די שטאָט מיט סאַדזע און רויך. אייזערנע גאַסן־לאַמטערנס זענען געלעגן איינגעבויגן, צוזאַמענגעוויקלט אין בייגל, ווי אין גרויסע ווייען, זיך געדרייט, ווי קאַרקן־ציערס. שינעס, אַרויסגעריסענע פון דער ערד, האָבן זיך געוויקלט, זיך געפּלאָנ־טערט, ווי איבערגעשניטענע בינטלעך אָדערן. טראַמווייען זענען געלעגן איבערגעדרייט, ווי טויטע שרצים מיט די בייכער אַרויף. פון די חורבות, וואָס האָבן זיך נאָך אַלץ געבראָכן און געשיט מיט אַ הילך, האָט מען שטיל און שנעל־שנעל אַרויסגעטראָגן די טויטע, איבערגעדעקט מיט פאַרבלוטיקטע ליילעכער און מלבושים. די טויטע האָבן באַגלייט הויכע, קינדעריש־דינע יללות, וואָס האָבן שפּיציק דורכגעשטאָכן די יללות פון די דערוואַקסענע. אַ טויט פערד, וואָס האָט אינערגעץ נישט געקאָנט געפונען קיין שויץ, איז געלעגן אינמיטן גאַס, פאַרפּלאָנטערט אין דער דראָזש־קע און צוגעקוועטשט מיט אַן אָפּגעבראָכן שטיק געזימס. פון אַ הויז, וווּ די פאָדערשטע וואַנט איז איינגעפאַלן, האָט אַרויסגע־קוקט אַ שטוב אין גאַס אַריין, ווי זי וואָלט געשטאַנען אין אַ שוי־פענסטער. ס'האָבן זיך געזען צוויי בעטן מיט גרויסע קאָפּ־שטיק, פאָרטרעטן פון אַלטע טאַטע־מאַמע, וואָס זענען געהאָנגען אויף די ראָזע־געמאָלענע געבלימטע ווענט. פון סופיט האָבן אַראָפּגעקוקט קינדערישע פּנימלעך פון נאַקעטע מלאכימלעך, וואָס האָבן אין די הענטלעך געהאַלטן גיטאַרעס און פידעלעך אַרומגעפלויגן אין די לייכטע וואָלקנדלעך. דער שטיי־זייגער מיט די צוויי גרויסע מעשענע וואָגן האָט דאָ נאָך אַלץ פּינקטלעך־רואיק געציילט די שעהן, ווי ס'וואָלט גאָרנישט אַרום אים געשען...

אזוי האָט אויסגעזען וואַרשע, בעת נאַטאַן האָט די שטאָט פאַרלאָזט.

נאַטאַן האָט ביים שווער שוין אַ פּאָר מאָל געוואָלט אַרויס־נעמען די שווערע וואַליזע פון דער האַנט, אָבער ער האָט זי אים בשום־אופן נישט געוואָלט געבן, געזאָגט, אַז זיי האָבן נאָך אַ ווייטן וועג פאַר זיך און ער, נאַטאַן, וועט נאָך געגוג האָבן צו שלעפּן און צו שלעפּן. נאַטאַן האָט געטראָגן דעם רוק־זאַק אויף

די פּלייצעס. דער שוואָגער זיינער הערשל מיט אידען האָבן גע־טראָגן די טלומיקלעך, און דאָס ווייב זיינס, פייגעלע, איז געווען באַהאַנגען מיט די צוויי קינדער, וואָס האָבן דווקא איצט זיך גע־ריסן צווישן זיך, נישט געקענט שלום מאַכן און אָפּגעדרייט אי־דעם קאָפּ...

הינטער דער שטאָט האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף אַ סך מענטשן, וואָס זענען פון ווארשע אַנטלאָפן, זיך געצויגן אין לאַנגע מחנות. אויף וועגענער געפאָרן, זיך געשלעפּט צו־פוס. דער דאָרפישער וועג האָט זיך גאָלדיק־העל געצונדן אין דער זון. אַ האָן האָט זיך ערגעץ הינטער אַ סטאָדאָלע צעקרייעט, זיך פאַרגאַנגען שלעפּריקלעך־פויל. נאָך די שווערע דונערן און נאָך די שפּיציק-געדרייטע און אויסגעצויגן־גרויליקע פייפערייען, האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס קרייען פון האָן קומט פון עפּעס אַ ווייטער פרידלעכער וועלט, וואָס איז שוין לאַנג, לאַנג ערגעץ פאַר־שווונדן... סוף־זומערדיקע פעדים האָבן זיך געזילבערט אין דער גאָלדיק־בלויער לופט, זיך געוויקלט, געקיצלט דאָס פּנים, ווי שפּינוועבס. די פעלדער זענען שוין געלעגן טיילווייז נאַקעט, זיך געפּלעקט, ווי גרויסע קאָליריקע לאַטעס, און די ביימער האָבן אָנגעהויבן ביסלעכווייז אַראָפּצוואַרפן פון זיך די בלעטער, וואָס האָבן שאַרלאַך־רויט געברענט, ווי שקיעות. דער פּוילישער גאָל־דענער הארבסט קומט אָן, ווער ווייסט, צי גאָטאָן וועט אים אַמאָל נאָך צוריק זען?

ווען זיי זענען שוין אָפּגעגאַנגען אַ שפּאָר שטיקל וועגס, האָט זיך דער שווער פּלוצים אָפּגעשטעלט, מיט גבורה אַ פאַרוק געטון דאָס היטל, אָפּגעווישט דעם שוויים פון שטערן און געזאָגט, אַז ס׳איז שוין צייט, ער זאָל אהיימגיין. די מאַמע וועט נישט וויסן וואָס איבערצוטראַכטן!...

דער שווער האָט זיך צוריקגעקערט. ביז צו דער לעצטער רגע איז ער געבליבן דער זעלבער, וואָס אַמאָל, זיך אויף קיין האָר נישט געביטן, זיך נישט פאַרלוירן. ער האָט זיך רואיק מיט די קינדער געזעגנט, זיך געהייסן רייסן די אייניקלעך ביי דער גרויסער און שווערער באָרד, וואָס האָט אויף דער עלטער קוים

באַקומען עטלעכע גרויע פּעדימלעך, איבערגעגעבן די שווערע וואַליזע נאַטאַנען אין דער האַנט אַריין און געזאָגט:

— נו, זייט'ס געזונט, קינדערלעך... גאָט השם־יתברך זאָל אייך פירן...

און ער איז אַוועק. די קינדער האָבן אים נאָכגעקוקט, געזען, ווי זיינע אַלטע ברייטע פּלייצעס וויגן זיך נאָך אַלץ מיט כוח, הויקערן זיך נאָך אַלץ נישט. ער איינער אַליין איז אויפן וועג געגאַנגען צוריק, געאיילט אַקעגן די פאַרוים־זיך־שלעפּנדיקע מענטשן מיט זייער ביסל האָב־און־גוטס. ער האָט זיך קיין איין מאָל נישט אומגעקוקט, געוואָרן אַלעמאָל קלענער און קלענער, ביז ער איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן.

זיי האָבן זיך אַליין ווייטער געשלעפּט, דריי טעג און דריי נעכט צו־פוס געגאַנגען, זיך טיילמאָל מיטגעכאַפּט אויף אַ פור, און בעת זיי זענען אין אַ פאַרנאַכט אָנגעקומען אין עפּעס אַ קליין פאַרוואָרפן שטעטל אַריין, האָט זיך דאָס אומגליק מיט זיי געטראָפן. אין דעם קליינעם פאַרוואָרפענעם שטעטל איז ווייניק געווען צו דערקענען, אַז ס'איז אַ מלחמה אויף דער וועלט. ווי קיינמאָל גאָרנישט זענען דאָ נאָך די קליינע פינסטערע קרעמלעך געווען אָפן, ס'גאַיעס האָט פאַרקויפט קאַרטאָפל, ציבעלעס און די בעלי־מלאכות האָבן אפילו נאָך געאַרבעט. אַז זיי זענען אָנגעקומען אין שטעטל אַריין, איז מען זיי אַקעגנגעגאַנגען ווער מיט ברויט, ווער מיט אַביסעלע וואַרעמס זיך צו דערכאַפּן די נשמה. מיט אַ טעפּעלע קאַווע, מילך. די יידן פון שטעטל, צומיינסטנס בעלי־מלאכות און מאַרק־שטייערס מיט רויט־אָפּגעברענטע געזונט־טע פּנימער און קאַרקעס, האָבן געזאָגט, אַז דערווייל האָט זיי גאָט־זיי־דאַנק די מלחמה נישט געטשעפּעט... און טאָמער וועט זיך די שרפה דאָ אַהער אָנרוקן, וועלן זיי אויך נישט אַנטלויפן...

די יידן האָבן די אָנגעקומענע אַריינגעפירט דערווייל אין בית־מדרש אַריין, אויסגעבעט פאַר זיי נאַכט־לעגערס אין די שטובן, געזאָגט, אַז קודם־כל דאַרף מען זיי אויסגלייכן אַביסל די ביינער און מאָרגן־„מעטשעם" וועט מען זען, וואָס ווייטער צו טון.

אָבער קוים האָבן די יידן אַרויסגעזאָגט די פאַר ווערטער, ווי

דאָס גיהנום האָט זיך אויך אהער אָנגערוקט און דאָס שטעטל, וואָס איז ערשט פול מיט לעבן געווען, האָט אָנגעהויבן צו ברענען. און דאָ אין דער בהלה, איז פייגעלע מיט די קינדער פארלוירן געוואָרן און צוזאמען מיט זיי הערשל. בשעת די דייטשע עראָ־פלאנען זענען איבערן שטעטל אַנגעלאָפן, ווי א טשאַטע הונגע-ריקע היישעריקן, וואָס פרעסן אויף אַלץ אין וועג און לאָזן איבער נאָך זיך בלויז פארוויסטונג און טויט, איז פייגעלע געהאַט אוועק פון בית־המדרש, געגאַנגען לייגן די קינדער שלאָפן. הערשל איז מיט איר מיטגעגאַנגען, געהאָלפן איר טראָגן די זאכן. זיי זענען געגאַנגען אהיים צו ר׳ יידל פישער, דעם גבאי פון בית־המדרש, א גרויסן צעבראַסטעט־ברייטן ייד מיט א גרויסער, ברייטער, געשוואָלענער באָרד, גרויסע געשוואָלענע פאות, פון וועלכע עס האָט זיך געטראָגן דער ריח פון טייך. פונקט ווי ר׳ יידל פישער איז געווען צעבראַסטעט און ברייט, אזוי איז דאָס קול זיינס געווען צעבראַסטעט און ברייט און ער האָט איידן פארבעטן צו זיך אהיים:

— קומטץ צו מיר עפעס איבערכאפן, יידן!... — האָט ער זיך געשטעלט אין דער טיר פון בית־המדרש און אויסגערופן הויך אויפן קול — מיין ווייב האָט שוין געגרייט די געלעגערס... ס׳איז אייער היים, יידן!... גייטץ לייגן די קינדער שלאָפן!...

ער איז אליין צוגעגאַנגען צו די ווייבער, ארויסגענומען ביי זיי די קינדער, געהאָלפן זיי טראָגן אויפן וועג.

אַז די עראָפלאַנען זענען אוועק, ס׳איז פלוצים שטיל געוואָרן און נאַטאַן איז צו זיך געקומען, זיך אויפגעכאַפט, ווי פון א שווערן חלום, האָט ער נאָך אַלץ געהאַלטן די שווערע וואַליזע אין דער האַנט, אזוי קראַמפּהאַפטיק צוגעדריקט צו זיך, ווי די וואַליזע וואָלט די טייערסטע זאַך אויף דער וועלט ביי אים גע־ווען. נישט אַנדערש, נאָר ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האַלט דאָס ווייב זיינס מיטן קינד אזוי שטאַרק צוגעדריקט צו זיך און ער באַשיצט זיי פאַר אַלעם בייזן... ער האָט די וואַליזע אָפּגע-שטופּט פון זיך, געלאָפן זוכן זיינע אייגענע. אָבער ער האָט קיי־נעם שוין מער נישט געטראָפן, בלויז אידען, וואָס האָט געזוכט איר קינד מיטן מאַן. זי האָט געבלאָנדזשעט צווישן די חורבות, אין

פייער, וואָס איז געשפּרונגען פון איין הילצערן הייזל צום אַנדערן, זיך געטראָגן אין דער לופט שטיקער־ווייז. דאָס פייער האָט זיך שנעל געשפּרייט, געפרעסן אַלץ מיט אַזאַ גיכקייט, ווי ס׳וואָלט זיך בלויז אויף אַ קורצער צייט דאָ אָפּגעשטעלט און זיך געאיילט ערגעץ ווייטער אָפּצוטון אָט די אכזריותדיקע אַרבעט. אַלע הייז־לעך אין שטעטל זענען שוין געשטאַנען אין פייער, געשטאַנען געדולדיק, ווי פערד אויף אַ מזבח, וואָס קומען־אָפּ פאַר עפּעס אַ שווערער באַגאַנגענער זינד... פון די ברענענדיקע הייזלעך האָבן זיך אַדורכגעזען די נאַקעטע בעלקעס און קראָקוועס, ווי ביינער און ריפּן. די הייזלעך האָבן ליכטיק באַלויכטן די נאַכט און זענען גיך איינגעפאַלן, ווי זיי וואָלטן געווען פון טאָוול.

אידע האָט אַלץ געזוכט דאָס קינד מיטן מאַן. זי איז איצט זייער ענלעך געווען צו איר קליינער און איבערגעשראָקענער מאַמען. דאָסזעלבע איבערגעשראָקענע פּנים, דיזעלבע העוויות און דאָס זעלבע הייזעריק־שפּיציקע קול מיטן הויכן שלוקעכץ. ס׳איז מיטאַמאָל פאַרשוווּנדן אידע מיט די העל־ברוינע קאַשטאַן־האָר און מיט די בורשטינען־ברוינע אויגן, וואָס מרוזשען זיך טיילמאָל מיט אַזויפיל גיפט. זי איז אויף אַ העלפּט קלענער געוואָרן, איינגעשרומפּן, באַקומען דעם זעלבן קליינעם. און דאַרן גוף, ווי דאָס קליינע מאַמעלע אירס.

— ווו איז אַהינגעקומען מיין שרהלע?!... — האָט זי געיאָ־מערט, גערופן דאָס קינד פּראָסט אויף יידיש, זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, זיך געקניפּט די באַקן — ווו איז אַהינגעקומען מיין איינציק קינד?!... ווו ביזטו שרהלע?!... הע־ע־רשל!... ווו לאָזטו מיך איבער דאָ איינע אַליין?...

אָבער קיינער האָט איר נישט געענטפערט. געענטפערט האָט איר בלויז דאָס קנאַקן פון פייער, דאָס קנאַלן פונדערווייטנס, וואָס איז אַלעמאָל נענטער געקומען, און דאָס געשריי פון די מענטשן, וואָס איז געגאַנגען עד לב השמים. די מענטשן האָבן זיך אין דער בהלה אַרומגעזוכט, פאַרווירט אַרומגעלאָפן, זיך הויך געריסן און געוואָרנט, אַז אַלע מוזן שוין די שטאָט פאַרלאָזן, ווייל דאָס דייטשע חייל רוקט זיך אַהער!

אידעס געשריי האָט אויף נאָטאַנען אָנגעוואָרפן אַן אימה,

פאַרטויבט זיין אייגענעם ווייטיק און ער האָט נישט געוווסט, וואָס ער האָט צו טון. ער האָט נישט געוואַגט צוגיין צו איר, זי טרייסטן, אַז דאָס קינד אירס מיטן מאַן וועלן זיך באַלד געפינען, מן־הסתם ליגן זיי דאָ ערגעץ באַהאַלטן. אַליין האָט אידע געבלאָנדזשעט צווישן די צוויי שורות נאַקעט־פאַרברענטע קוימענס, באַזילבערטע פון לבנה־שיין, וואָס זענען איצט, אַנשטאָט די קליינע הייזלעך, געשטאַנען אויף דער איינציקער גאַס אינם שטעטל און אויסגעזען, ווי צוויי שורות מצבות... ווען נישט ר' יידל פישער, וואָס איז אַרומגעקראָכן צווישן די גריבער מיט אַן אָפּגעראַטעוועטער ספר־תורה אין דער האַנט און געטריבן די מענטשן, זיי זאָלן אַוועק פון שטאָט, זיך באַהאַלטן אין וואַלד, וואָלט אידע נישט אַוועק פון דאַנען, ביז זי וואָלט צוריק געפונען שרהלען מיטן מאַן. ר' יידל איז פּלוצים לעבן איר אויסגעוואַקסן, געשריגן אויף איר, זיך געבייזערט און איר באַפוילן, זי זאָל שוין די אותו־הרגע מיט אים מיטגיין. זי האָט זיך דערשראָקן פאַר אים, פאַר דעם הויכן געשטעל זיינעם מיט דער ברייט־צעכראַסטעטער באָרד, וואָס האָט איצט אין דער נאַכט אויסגעזען נאָך פיל ברייטער און צעכראַסטעטער און זיך רציחהדיק־ווילד געטרייסלט. זי האָט מורא באַקומען פאַר זיין הויך בייזערן זיך אויף איר, פאַר זיין תקיפותדיק־באַפעלעריש קול, וואָס האָט פּלוצים געקלונגען אַזוי פאַרענדערט — און, ווי אָן ווילן, אים נאָכגעגאַנגען. ווי אָן ווילן איז זי דערנאָך נאָכגעגאַנגען נאָך די מענטשן, וואָס האָבן זי אַוועקגעפירט אין דער נאַכט אריין, זי געשטופּט און געשטויסן און זי אַוועקגעשלעפּט ווייט, ווייט פון איר שרהלען מיטן מאַן, איבער פרעמדע לענדער און ימים. קיין צוריק איז שוין מער נישט געווען. נאָטאַן איז שטענדיק געווען לעבן איר זייט, נישט אָפּגעלאָזט זי פון אויג. פון פייגעלען מיט הערשלען און פון די קינדער איז קיין שום ידיעה נישט אָנגעקומען, כאָטש זיי האָבן זיך כסדר אויף זיי געפרעגט. זיי האָבן זיי געזוכט צווישן די מענטשן אויפן וועג, יעדן אויסגעפרעגט, אויסגעמשלט, אָבער קיינער האָט נישט געוווסט וועגן זיי, קיינער האָט זיי נישט געזען...

## III

די שיף האָט זיך געשלעפּט און קיין יבשה האָט מען נישט געזען. ביינאַכט האָט אידע מיט נאַטאַנען אַלץ געקוקט אין וואַסער אַריין, געזען, ווי די לבנה שיט מיט זילבערנע מטבעות, וואָס ווערן אַלע מאָל מער און מער און פאַלן טיף אין די אָפּגרונטן אַריין. און אַז ס'איז אויסגעבראָכן אַ שטורעם, זענען זיי נישט אַראָפּ אין די קאַבינעס, ווי די אַנדערע, זיך צוגעקוקט, ווי דער ים בייט זיך, געשווילט. זיי האָבן געזען, ווי' דער ים באַקומט מיטאַמאָל אַ פינסטער־גרויע מראה, ווי אייזן, קורטשעט זיך און טורעמט זיך, ווי צום שפּרונג און בייגט די שיף מיט אַלע כוחות אויף איין זייט, גלייך ער וואָלט זי דווקא וועלן איבערקערן. און פּונקט אַזוי אָפּט ווי דער ים האָט זיך געביטן, אַזוי אָפּט האָט זיך אידע געביטן. טיילמאָל איז זי געווען גוט אויפגעלייגט, דאָס פּנים האָט זיך ביי איר אויסגעלייטערט און אַרום אירע פּולע, פון ווינט געשפּאָלטענע ליפּן, האָט געשפּילט יענער שטיפעריש־קינדערישער שמייכל, וואָס נאַטאַן האָט שוין לאַנג ביי איר נישט געזען. זי האָט צוריק פול מיט חן געקורטשעט דאָס לאַבנדיק־ברייטלעכע נעזל אירס און געקנייטשט קינדיש די אויגן, אַז מען האָט מער נישט געזען, ווי צוויי שטיפעריש־דינע העל־ברוין־בורשטינענע שפּעלטעלעך. אויך די הויט אירע פון פּנים, וואָס איז געווען ברוין־אָפּגעברענט פון זון און ווינט און געהאַט אַ גאָלדיקן אָפּגלאַנץ, ווי צייטיקער האָניק, איז געווען אויסגע־גלייכט, אָן איין קנייטשעלע. זי האָט זיך דעמאָלט, פּונקט ווי אין די אַמאָליקע גימנאַזיסטישע יאָרן אירע, געפּיעשטשעט, געדערעט צו נאַטאַנען מיט אַ קינדעריש־צעצויגן קולעכל, ווי אַ קליין מיידעלע, זיך געחנדלט, פאַרגעסן אין אַלץ און אַלעמען.

אָבער דאָס האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. ס'איז געגוג געווען אַז אידע זאָל דערזען דער פרוי האָדעסעס צוויי מיידעלעך אַרומ־פירן זיך מיט דער ליאַלקע אויף דער שיף, אַז זי זאָל זיך פלוצים, פון דער העלער הויט, צעוויינען. זי האָט געפונען פיל ענלעכקייט פון די מיידעלעך צו איר שרהלען, געטריבן נאַטאַנען פון זיך, אויסגעלאָזט צו אים איר ביטער האַרץ, ווי ער וואָלט אין אַלץ

שולדיק געווען. זי האָט נאַטאַנען נישט געוואָלט מער זען, גע־פּייניקט זיך, געפּייניקט אים, הלמאַי זיי זענען דעמאָלט אוועק פונם שטעטל. זיי האָבן געדאַרפט בלייבן אינם שטעטל, נישט מורא האָבן פאַר די דייטשן! וואָס האָט זי זיך דעמאָלט אַזוי דערשראָקן פאַר אָט דעם פישער? וואָס קערט ער זיך איר אָן, אַז ער האָט זיך גענומען דאָס רעכט צו שרייען אויף איר און איר צו באַפעלן! און וואָס האָט זי אים עפּעס געפאָלגט, ווי אַ פּיצל קינד? וואָס האָט זי געציטערט אַזוי פאַר איר אייגן הייטל?!...

אידע איז ווילד געוואָרן, איר פולע און הויכע פיגור האָט אינגאַנצן געציטערט, זיך געוואָרפן און זי האָט אַרויסגעלייגט די גאַנצע שולד אויף נאַטאַנען, געהאַט צו אים טענות, פאַרוואָס ער איז פונם שטעטל אַנטלאָפן. ער איז דאָך עפּעס אַ מאַנס־פּערשוין, וואָס־זשע האָט ער זיך אַזוי דערשראָקן? אַ שיינער מאַנספּערשוין איז ער אומשטיינסגעזאָגט, אַז ער ציטערט אַזוי שטאַרק פאַר דעם אייגענעם לעבן! און אפשר איז אים דאָס ווייב זיינס און דאָס קינד אַזוי נמאס און דערעסן געוואָרן...

אַרויסגעזאָגט די ווערטער, האָט זי זיך לכתחילה פאַר זיי אַזוי דערשראָקן, אַז זי איז געבליבן שטיין אינגאַנצן פאַרלוירן, אָבער באַלד האָט זי זיך צוגעוווינט צו זיי און זיי דווקא געוואָרפן נאָך מיט מער רציחה און כעס, ווי פריער, זיך געשטילט און געזעטיקט מיט זיי. דאָס ערגסטע, וואָס זי האָט נאָר געקענט אויס־זוכן, האָט זי אַרויסגעלייגט אויף אים, גרויס הנאה געהאַט אים וואָס טיפער צו באַליידיקן. נאַטאַן האָט דערזען דעמאָלט פאַר זיך אידען פון דער היים, נאָכדעם ווי דער פאָטער אירער האָט זי געצוווּנגען צו טון דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט. כדי זיך אַליין צו פאַרטויבן און דער עיקר צו פאַרטויבן איר ליבע צו אים, צו נאַטאַנען, האָט זי זיך דעמאָלט פאַר גאָרנישט אָפּגעשטעלט, אַלץ איז ביי איר רעכט געווען און זי האָט זיך אַליין און אים כסדר געהאַלטן אין פּייניקן.

דעם גאַנצן וועג איבער די אַלע פרעמדע שטעט און לענדער, וווּ זיי האָבן זיך געשלעפּט צוזאַמען, האָט נאַטאַן געהאַט פון איר דאָסזעלבע אויסצושטיין און ס׳איז געווען פאַר אים אַן אמת גיהנום. חוץ די אייגענע לידן, די בענקשאַפט נאָך דעם זון, נאָכן

ווייב, וואָס האָט אים אויף קיין איין רגע נישט אָפּגעלאָזט, האָט ער געמוזט נאָך אויסהערן דאָס אַלץ, וואָס אירע האָט כסדר צוזאַמענגערעדט. זי האָט גרויס הנאה געהאַט זיך אליין כסדר צו פייניקן, געפונען אַ לינדערונג אין דעם. זייער שווער איז אים אָנגעקומען זי איינצושטילן, איינצונעמען. זי האָט געקענט שעהן־לאַנג וויינען, וויטיקדיק־טיף גראַבלען אין אירע אייגענע וווּנדן, און ער האָט אינגאַנצן נישט געוווּסט, וואָס ער האָט מ׳ט איר צו טון. ער האָט זי געגלעט און געצערטלט, זי צוגעטוליעט צו זיך, געפילט, ווי אירע הייסע טרערן בריען אים די פינגער, צינדן אים אָן דאָס לייב. זי ווערט אַזוי ווייך אין זיינע הענט, אַזוי צוגעלאָזן־ווייך, אַז ס׳גייט אים דורך אַ וואַרעמקייט איבער אַלע זיינע אברים, אַז אָט־אָט נאָך אַ רגע, וועט ער זיך אינגאַנצן פאַרגעסן, זי אַ כאַפּ טון אין זיינע אָרעמס און זי צודריקן צו זיך מיטן גאַנצן כוח. אָבער איינשטילן זי איז אים דאָך נישט געלונגען. און זי האָט ווייטער געוואָרפן אירע גיפטיקע נישט־באַרעכנטע רייד, וואָס האָבן זיך גיך געשיט פון איר מויל.

אַז די שיף שלעפּט זיך און שלעפּט זיך אָן אַ סוף, איז זיי ביידע נישט אָנגעגאַנגען. זיי האָבן נישט געפילט קיין הונגער, נישט געשפּירט, אַז דאָס ביסל געקעכץ ווערט אַלעמאָל קלענער, מען גיט שוין אפילו מער די פאַרדומפּענע פיש נישט, און נאַטאַן האָט נישט באַמערקט, ווי זיין שמאָלער און הויכער גוף ווערט אַלעמאָל מער קנאָכיקער און דאַרער און אַז זיינע גרויסע, ווייכע, גרויע אויגן מיט דער לענגלעכער גרויסער נאָז ווערן כסדר גרע־סער און שטאַרן אַרויס הונגעריק פון די איינגעפאַלענע נישט־געגאָלטע באַקן. זיי האָבן נישט געזען, ווי פּאַביאַש לויפט אַרום איבער דער דעק און שרייט, אַז ער ווייסט שוין איצט בפירוש, אַז ער האָט קיין טעות נישט געהאַט און די שיף גייט טאַקע צוריק. והא־ראיה — האָט ער אויפגעוויזן די יידן — די זון גייט אויף אין אַן אַנדערער זייט, ווי ביז אַהער. און דאָס איז דאָך דער בעס־טער סימן, אַז די שיף האָט געביטן דעם וועג. דער קאַפּיטאַן, דער שונא־ישראל, מוז זיין אַ דייטש. מ׳האָט שוין געזען אַזעלכע זאַכן. מ׳דאַרף זיך צוזאַמענלייגן און אים אריינשטעקן עפּעס אין דער יד אריין. ער מוז זיין יענער לאַפּקע־בחור...

אָבער די יידן האָבן אים אַלץ נישט געהערט. נישט געוואָלט גלייבן זיינע רייד און אים אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט.

— ווייסעך־וואָס ער פּלאַפּלט דאָרט, דער משוגענער קאָפּ!...

— האָט געצויגן מיט די אַקסלען ר' זיינוול ראָכמאַן, וואָס האָט אַלץ געהאַלטן פּאַסאָן, מיט ליאַדע ווען זיך נישט אָפּגעגעבן און האָט קיינמאָל נישט געהאַלטן פון פּאַביאַשעס קענטעניש און פון זיינע איינפאַלן — אַז אַ מענטש האָט זיך אַריינגענומען אַ מאַנקאָליע אין קאָפּ אַריין און גייט אַרום, ווי אַ באַבוק און סטראַשעט די קליינע קינדער!... כ'גיב נישט קיין צווייער פאַר זיינע רייד!... ווייסעך־וואָס... מנע...

כאָטש די יידן האָבן זיך בגנבה אַרויסגעכאַפּט אַלעמאָל אויפן דעק און אַליין מיט די אייגענע אויגן זיך איבערצייגט, אַז פּאַביאַש איז גערעכט, אַז די זון גייט טאַקע אויף פון אַן אַנדערער זייט, ווי ביז איצט, האָבן זיי אים פאַרשריגן, נישט געלאָזט אים דאָס מויל אויפעפענען. און די פרוי האָדעס, וואָס האָט נישט מורא געהאַט פאַר קיינעם, אַריינגעזאָגט יעדן דעם אמת, איז גאָר אַרויף אויף אים, זיך נישט געוואָלט מער פון אים אָפּטשעפּען. זי האָט גערופן אירע צוויי טעכטערלעך, געגלעט זיי איבער די קעפּלעך, צוגעטוליעט זיי צו זיך מיט די צוויי אָרעמס אירע, וואָס האָבן איצט ביי דער גאַנצער דאַרקייט און געזונטקייט נאָך אַלץ נישט פאַרלוירן די מאַמישע זיכערקייט און וואַרעמקייט, און מיט איר צעצויגן־ווייך קול, וואָס קאָן אַ שטיין רירן, זיך צו אים געווענדט:

— וואָס האָט איר, כ'בעט אייך, צו די צוויי יתומים?...—האָט זי אָנגעוויזן אויף אירע צוויי טעכטערלעך — וואָס האָט איר זיך אויף זיי אָנגעזעצט!... זיי האָבן נאָך אַ גרויסע וועלט פאַר זיך... גזלן, וואָס איר זענט!... אַז איר האָט נישט קיין מענטשלעך האַרץ אין זיך...

פּאַביאַש האָט אַ פאַרלוירענעם בליק געוואָרפן אויף די מיידעלעך, נישט פאַרשטאַנען וואָס די פרוי האָדעס וויל פון אים האָבן און זיך גיך פון איר אָפּגעטראָגן. אָבער די יידן האָבן אים צו רו נישט געלאָזט, באַפאַלן אים פון אַלע זייטן און ער האָט זיך נישט געקענט אינערגעץ פון זיי אויסבאַהאַלטן. ער איז פון

טאָג צו טאָג געוואָרן קלענער און איינגעשרומפּענער. די תנועות זענען ביי אים געוואָרן אַלעמאָל האַסטיקער און שנעלער און די שוואַרצע רירעוודיקע אייגעלעך זענען אים דערשראָקן אַהין און צוריק געלאָפן, ווי די מייזעלעך אין אַ קליאַטקע. ער האָט זיך שנעל געקווילערט פון איין עק שיף צו דער אַנדערער, זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען, פון שרעק זיך כסדר אויס־באַהאַלטן פאַר די איבונגען מיט די רעטונגס־פּאַסן און בשום־אופן נישט געקענט באַנעמען מיטן שכל ווי ס׳נעמט זיך צו ר׳ לייזער דעם שפּייז־קרעמער, אַזאַ איידעלען, אָפּגעציטערטן ייִד, אַזאַ אויסגעבריט הארץ. ר׳ לייזער איז אַרומגעגאַנגען ווי קיינמאָל גאָרנישט, געלערנט, געזאָגט תהלים, געהייסן האָבן בטחון, געהאַט עגמת־נפש בלויז פון דעם, וואָס ער וועט נישט קענען קומען צו קבר־ישראל... פּאַביאַש האָט אויסגעמיטן ר׳ לייזערן, נישט געוואָלט קוקן אין זיין זייט אריין. אויך האָט פּאַביאַש אויסגעמיטן דעם באַרימטן וואַרשעווער דאָקטאָר, וואָס איז אים דווקא כסדר נאָכגעלאָפן מיט זיין נאַרישלעך־תמימותדיקן שמייכל אויפן פּנים. אָט דאָס נאַרישלעך־תמימותדיקע שמייכעלע אויף דעם דאָקטאָרס נישט־ראַזירטן, אָפּגעלאָזן־באַוואַקסענעם פּנים האָט פּאַביאַשן נישט צו רו געלאָזט, כסדר פאַר די אויגן געשטאַנען און אויסגעקומען ווי דאָס גלייכגילטיק־רואיקע שמייכעלע ביי אַ בר־מינן, וואָס געפינט זיך שוין לאַנג נישט צווישן די לעבעדיקע...

אָבער דער דאָקטאָר האָט אפּנים אינגאַנצן נישט באַמערקט, אַז פּאַביאַש מיידט אים אויס און דווקא געוואָלט מיט אים אַ שמועס כאַפּן. ער איז לעצטנס עפּעס שטאַרק פרייליך געוואָרן, גערעדט כסדר וועגן זיין זון, וואָס די דייטשן האָבן אים אין די אויגן אויפגעהאָנגען, פּונקט ווי וועגן אַ לעבעדיקן און כסדר אָנגערופן פיל באַרימטע דאָקטאָרישע נעמען פון זיינע חברים, ווי זיי וואָלטן מיט אים דאָ צוזאַמען אויף דער שיף געווען. ער האָט זיך אַרומגעדרייט צווישן די ווייבער, אויסגעהערט זייערע קרענק און גערעדט צו זיי אין אַ שיינעם געקליבענעם פּויליש, געמישט מיט אַ סך לאַטייניש פּסוקים, ווי ער וואָלט דעקלאַמירט פון אויסנווייניק, אַז די ווייבער האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין

אײַן וואָרט. אויך האָט ער אַרײַנגעפּלאָכטן אין זײַנע רייד אַ פּאָר ייִדישע ווערטער, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט, ווי אַ גר, כּדי צו ווײַזן, אַז נאָך אַלעמען איז ער אַ הייסער ייִד... ער האָט זייער ליב געהאַט צו פֿאַרשטיין צו געבן די ווײַבער די סיבות פֿון זייערע חולאתן, צעלייגט אַלץ אויף טעלערלעך, זיך אַזוי אַרײַנגעטון אין זײַנע רייד, אַז ער האָט נישט באַמערקט ווי אַלע שאַרן זיך פֿון אים אַוועק. אַז די ווײַבער האָבן אים אַרײַנגעשטופּט אין דער האַנט אַרײַן אַ פּאָר פֿאַרשוויצטע מטבעות, האָט ער זיי נישט געוואָלט נעמען, אַוועקגעשאַרט דאָס געלט מיט אַ סך ווירדע און פּריצישקייט, ווי אַן איבעריקע און מיאוסע זאַך:

— געלט... בלאָטע... — האָט ער געזאָגט די ווערטער אויף ייִדיש, אַליין הנאה געהאַט פֿון דער חכמה.

וואָס אַ טאָג איז ער געוואָרן מער אָפּגעלאָזן, זיך נישט געוואַשן, נישט געקעמט די זילבערנע פּאָלקע זײַנע, און אַז דאָס ווײַב זײַנס, אַ קלײנטשיקע און אַ האַריטשקע, איז אים מיט אַ נאָס האַנטוך נאָכגעלאָפֿן, ווי אַ קליין מאַמעלע אַן איבערגעוואַקסן גרויס קינד, האָט ער זיך בײַ איר געבעטן מיט אַ סך תּחנונים אין קול:

— לאָז מיך געמאַך, טײַערינקע... — האָט ער זיך בײַ איר געבעטן, ווי' בײַ אַ גזלן — זעסט נישט, אַז כ'בין פֿאַרנומען... כ'האָב מיך ערשט געוואַשן... גליב מיר, טײַערינקע, גלייב...

אָפּגעזאָגט דעם אײביקן פּזמון זײַנעם, האָט ער אַראָפּגעצויגן טיפֿער איבער די אויגן דעם שוואַרצן קינסטלער־קאַפּעליוש מיט די ברייטע ראַנדן, וואָס איז, ווי' אויף צולהכעיס, געווען נאָך שפּאָגל־נײַ און ער האָט אים שטענדיק ליב געהאַט צו טראָגן אויפֿן קאָפּ און ער איז מיט גיכע טריט אַוועק ערגעץ, ווי ער וואָלט זיך געאײַלט צו אַ קראַנקן.

אין דעם גרויסן און שמוציקן עס־צימער, וווּ ס'זענען געשטאַנען אַ פּאָר הילצערנע טישן, ווי אין אַ קאַזאַרמע, אָנגעשטעלט מיט אָפּגעריבענע דאָמינאַ־קעסטלעך און שאַך־ברעטלעך, האָט נאָטאַן שטענדיק געטראָפֿן דעם דאָקטאָר. כאָטש מ'האָט שוין זייער ווייניק אויפֿן טעלער דערלאַנגט און מ'האָט זיך מיט מורא אויסגעקוקט די אויגן, אַז דער קוכער מיטן אַליוון, טונקל־

פעטן פנים און ברודיק־ווייסן מיצל אויפן קאָפּ, זאָל זיך אין פענס־טערל פון קיך באַווייזן, איז דאָ געווען שטענדיק זייער טומלדיק און מענטשן זענען דאָ געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. ס'איז שווער געווען צו כאַפּן אַ שטיקל אָרט צום זיצן. נאַטאַן און אידע זענען געזעסן צוזאַמען מיטן אַלטן טויבלעכן גריך און זיין גרויס אײ־בערגעשראָקן ווייב און האָבן געלייענט די אַלע נעמען און דאַטעס, וואָס זענען אויסגעקריצט אויפן טיש געווען. צווישן די פיל נעמען האָט נאַטאַן אָנגעטראָפן אויך אַ יידישן נאָמען, וואָס האָט אַ ווייע געטון אויף אים מיט וואַרעמקייט, גערעדט צו אים מיט אַ היימיש לשון, ווי ער וואָלט פלוצים באַגעגנט אַן אַלטן באַקאַנטן.

פון דעם טויבלעכן גריך, וואָס האָט שטענדיק אויסגעטייטשט די יידן די אַלע פאַרשידענע אויפשריפטן אויף דער שיף, האָט נאַטאַן געהאַט אַ סך קאָפּ־פאַרדרייעניש. נאַטאַן האָט קוים פאַרשטאַנען, וואָס דער גריך רעדט אין אים אריין — מיט די הענט, מיטן פנים, מיט אַלע אברים זיינע. דער גריך האָט באַנוצט אַ מיש־מאַש פון שפּראַכן, געהאַט גרויס עגמת־נפש, וואָס די יידן פאַרשטייען אים נישט. צו די אַלע צרות איז ער נאָך געווען טויבלעך אויך און דווקא זיך געוואָלט אויסרעדן פאַר מענטשן דאָס האַרץ. ער האָט קוים מיט לייד צו פאַרשטיין געגעבן נאַטאַנען, אַז ער פאָרט איצט צוריק קיין אויסטראַליע, ווו ער איז שוין פון לאַנגע יאָרן אַ תושב. ער האָט דאָרט אַ רעסטאָ־ראַציע אין אַ קליין שטעטל און ס'גייט אים נישט שלעכט. נאָר קיין כלה האָט ער זיך אין אויסטראַליע נישט געקאָנט געפינען, די מיידלעך דאָרט האָבן פון אים געשפּעט און געלאַכט, ווען ער האָט זיך צו זיי דערנענטערט. אָבער אים אַליין האָט גאָרנישט געצויגן צו די אויסטראַלישע מיידלעך, ער האָט זיך נישט אומגע־קוקט אויף די גריכישע קעלנערקעס, וואָס האָבן געמאַכט אייגלעך צו יעדן גאַסט און ער האָט דווקא געוואָלט אריבערנעמען אַ מיידל פון זיין היים־שטעטל. האָט ער צוזאַמענגעלייגט אַ שילינג צו אַ שילינג און געוואַרט אַלץ, ער זאָל קאָנען אהיימפאָרן און זיך ברענגען אַ באַלעבאַטישע טאָכטער פון זיין ס'גאַל, אַן אמתע גריכישע שיינקייט. דערווייל איז ער אַלט געוואָרן און זיך אויסגע־קליבן אויף דער נסיעה צום שלימזל אַ פּאָר טעג פאַר דער מלחמה.

און אַט פּירט ער איצט מיט זיך דאָס ווייב זיינס, די יפֿי־פֿיה פֿון זיין געבורט־שטעטל. אָבער ווער האָט איצט אַ קאָפּ צו אַ ווייב, ווען דאָס לאַנד זיינס איז פּלוצים געוואָרן איבערגעפאַלן. ער וואָלט זיך, ווי ער שטייט און גייט, צוריקגעקערט אהיים און באַטש ער איז שוין נישט קיין יונגערמאַן וואָלט ער נאָך מיט עפּעס צונויץ געקומען די זייניקע.

בעת ער האָט גערעדט, האָט דאָס ווייב זיינס, די יפֿי־פֿיה, געקוקט אים גלייך אין מויל אריין מיט אירע גרויסע, טרויעריק־שוואַרצע אויגן. זי איז שוין נישט געווען קיין יונגע. אַ גרויסע, אַ שוואַרצע, מיט געלאָסן־פּאַוואָליע באַוועגונגען, האָט זי דער־מאָנט אין אַ גרויס, שוואַרץ פערד. דער מאַן האָט זי געגלעט איבערן קאָפּ מיט דער האַנט, וואָס איז געווען אויסגעהאָרעוועט און האַרט פֿון אייביקן געשיר וואַשן, זיך געמאַכט צורעכט אַלע־מאָל אויף זיין אויסגעקראָכענעם קאָפּ דאָס פּושיקל האָר, וואָס האָט אויסגעזען ווי דער לייכטער פוך ביי אַן אונטערגעפּליקט הינדל, געבלאַנדזשעט הילפלאָז מיט זיינע הכנעהדיק־שוואַרצע אויגן, ווי ביי אַ געטרייען הונט, איבערן עס־צימער און זיך זייער געשעמט פאַר זיין ווייב דער יפֿי־פֿיה מיט זיין טויבקייט:

— שרייט נישט אַזוי! — האָט ער אַלעמאָל איבערגעהאַקט נאַטאַנען, ווי די טבע פֿון אַלע טויבע, וואָס מיינען, אַז די גאַנצע וועלט איז טויב, בלויז זיי נישט — כ'הער, כ'הער! ר'דאַרפט נישט אַזוי שרייען!... כ'בין נישט טויב!... וואָס מיינט'ר, כ'בין עפּעס אַ טויבער?... נאָך דאָס וואָלט מיר געפעלט צו די אַלע צרות!

דערביי האָט ער מיט גרויס אָפּגעהיטנקייט אריינגעקוקט נאַטאַנען אין די אויגן אריין, כדי ארויסצולייענען פֿון זיי, וואָס ער רעדט, אַז אַ שוויים האָט אים כסדר באַשלאָגן. ס'האָט אים זייער הנאה געטון אויפצווייזן די יידן, אַז ער איז זייערס אַן אח־לצרה, ער ליידט, פונקט ווי זיי. נאָך אַלע פאַר ווערטער, וואָס ער האָט ארויסגעזאָגט, האָט ער ליב געהאַט איבערצוחזרן דעם פּזמון אויף ענגליש, געווען זיכער, אַז די שפּראַך פאַרשטייען שוין באַשטימט די יידן:

— איך און איר... — האָט ער געטייטלט אויף זיך און אויף די יידן — איין גורל!... מי ענד יו...

כאָטש נאַטאַן האָט געהאַט מיט אים אַ גרויסע אַרבעט, האָט ער אָבער ליב געהאַט מיט אים צו זיצן. עפּעס אַ וואַרעמ־קייט, אַ טאַטישע איבערגעגעבנקייט, האָט געשלאָגן פון אים, ווען ער האָט זיך מיט גרויס פאַרלוירנקייט איינגעהערט מיט זיינע טויבע אויערן צום ראַדיאָ, וואָס האָט געבראַנגט ידיעות וועגן זיין באַפאַלן לאַנד. ער האָט אָפּגעהיטן דאָס אַלטע אָפּגעַ־קראָכענע קעסטל, ווי אַ טייערן אַנטיק, מער פון אַלעמען נישט געוואָלט אָפּטרעטן דערפון. דער ראַדיאָ האָט הייזעריק געגרעגערט, זיך געקרעקט, אַלעמאָל הויך אַרויסגעשריגן, ווי פון גרויס ווייטיק, פּלוצים אינגאַנצן פאַרשטומט געבליבן, ווי ס'וואָלט אים אויסגעפעלט אָטעם — אָבער ער איז פון אים נישט אָפּגעַ־טרעטן. ער האָט זיך איינגעהערט אין אים, אַריינגעקוקט אין אים, ווי אין אַ לעבעדיק נפש, גערעדט צו אים, זיך געבייזערט אויף אים, הויך געשריגן, זיך געכעסט, געביילט פויסטן.

נאַטאַן האָט ליב געהאַט צו רעדן מיטן גריך, אָבער אידע האָט נישט געהאַט קיין געדולד צו אים, געמינטערט אַלעמאָל נאַטאַנען, ער זאָל גיין, אַז נישט גייט זי אַליין אַוועק.

און זי איז טאַקע אַליין געגאַנגען. און זי איז נישט געגאַנגען, נאָר טאַקע געלאָפן. זי האָט אַלעמאָל געשטעלט גרעסערע און געדיכטערע שפּרייזן, ביז זי האָט אָנגעהויבן אַזוי גיך צו לויפן, אַז נאַטאַן האָט זי קוים געקאָנט דעריאָגן. אַ ליאַדע וואָס, אַ ליאַדע קלייניקייט, האָט זי זיך באַלד באַליידיקט, כסדר באַפוילן נאַטאַנען מיט איר גרעבלעך־הייזעריק מענעריש קול און טאָמער האָט ער זי נישט געפאָלגט, האָט זי זיך תיכף אויפגעקאָכט. ס'איז נישט מעגלעך געווען צו איר צו רעדן, זיך דערנענטערן צו איר. ווייל באַלד האָט מען ביי איר גערירט די קרוין פון קאָפּ און זי האָט זיך אינגאַנצן אָנגעצונדן.

גאַנצע טעג האָט זי געקאָנט ליגן אין דער הייך אויפן בעטל ביי זיך אין דער קאַבינע, אַ נישט־געוואַשענע און נישט־געקעמטע, און קיינעמען נישט צולאָזן צו זיך. איינגעדרייט אין אַ בייגל איז זי געלעגן, באַנעצט דאָס געלעגער מיט טרערן, האַלב־וואַכע־

דיק געדזשימיעט. זי האָט דעמאָלט גאַנצע טעג נאָכאַנאַנד גאָר־נישט אין מויל געוואָלט נעמען. נאַטאַן האָט זיך געדרייט אַרום איר, געברענגט איר אַלעמאָל עפּעס פון דער קיך, וואָס ער האָט קוים מיט צרות פון קוכער באַקומען, אָבער זי האָט אַלץ געלאָזט שטיין, זיך צו גאָרנישט צוגערירט.

איינמאָל, בשעת נאַטאַן האָט זיך צו איר אַרויף געדראַפּעט, האָט ער זיך אַזוי שטאַרק איינגעקלעמט אַ פינגער אין דעם אייזערנעם בעטל, אַז ער האָט אַזש אַרויסגעשריגן פון גרויס ווייטיק. אָבער זי האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, זיך נישט צומאָל אומגעקוקט אויף אים. פּלוצים האָט זי זיך צעלאַכט — זיך צעלאַכט דורך טרערן מיט אַ סך גאַל. ס'האָט איר הנאה געטון, וואָס ער האָט זיך ווי געטון.

— פאַרוואָס וואַשסטו זיך נישט אָפּ?... פאַרוואָס קעמסטו זיך נישט אויס?... זע נאָר, וואָס פאַרא פּנים דו האָסט!... פאַרוואָס ביזטו אַזוי שלעכט?... — האָט נאַטאַן זיך געבעטן ביי איר.

אָבער זי האָט אים נישט געענטפערט און ער האָט גערעדט ווי אין דער וואַנט אַריין. זי האָט בלויז אַרויסגעשטעלט פון צווישן די פולע אַביסל־געשפּאָלטענע ליפּן די שיטער־ווייסע פאַרפל־ציין, אַ בליאַסק געטון צופרידן מיט די בורשטינענע אויגן און זיך נאָך העכער און נאָך גיפטיקער פאַרגאַנגען אין לאַכן, ווי דאָס לאַכן וואָלט איר געברענגט אַ לינדערונג אין אירע צרות.

מיטאַמאָל האָט זי זיך ראַפּטום אויפגעזעצט אויפן בעטל און שנעל אָנגעהויבן עפּעס מיטן מויל צו מאָלן, אַרויסגעוואָרפן פון זיך שטיקער אמת, וואָס האָבן, ווי שאַרפע חלפים, טיף געשניטן און ווי געטון. זי האָט געהאַט טענות צו נאַטאַנען, הלמאי ער לאָזט זי נישט צו־רו, הלמאי ער גייט איר נאָך גוי אַ שאָטן און הלמאי ער געדענקט נישט בעסער דאָס ווייב זיינס און דאָס קינד, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין דער שרפה אָן אַ שום השגחה. וואָס האָט ער זיך צוגעטשעפּעט צו איר? וואָס טרעט ער זי נישט אָפּ? איר גייט נישט אַרויס פון זכרון אויף קיין איין מינוט הערשל און שרהלע!

גיך האָט זי די ווערטער געוואָרפן פון זיך, ווי אויף אָפּצו־קומען, געמאָלן שנעל מיטן מויל, גלייך די ווערטער וואָלטן איר

זויי געטון, געבריט די צונג און זי וואָלט וועלן פון זיי וואָס גיכער פּטור ווערן, כדי ס׳זאָל איר ווערן אַביסל גרינגער, אַביסל לייכטער אויפן האַרצן.

דערהערט די רייד, איז נאָטאָן שטיין געבליבן פאַרלוירן. ער איז אינגאַנצן ביי זיך אַראָפּגעפאַלן. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז ס׳האָט אים וואָר אויסגעטון נאַקעט און אים געלאָזט שטיין אַזוי צווישן פרעמדע מענטשן. ער האָט זיך אליין געגונג געפּייניקט. די אַלע צרות און פּורעניותן, וואָס יידן גייען אַדורך, האָט ער סיי-ווי צוגעשריבן זיינע מחשבות, וואָס זענען נישט אינגאַנצן ריין. אין גריכנלאַנד ביי דעם יידישן סוחר, וואָס האָט ווי אויפגענומען אַזוי קייזערלעך, אויסגעהאַלטן זיי אַ לאַנגע צייט מיט אַלעמען, געגעבן זיי אַ דאַך איבערן קאָפּ, האָט ער זיך כסדר צוגעהערט צו די אַלע פּייניקונגען, וואָס די יידן מאַכן דורך אין דער היים און ער האָט זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען, אַרויפגעלייגט אויף זיך די שולד, כאָטש ער האָט געוווסט, אַז ס׳איז אַ גרויסע נאַרישקייט אַזוי צו קלערן. אָבער וואָס איז ער אַליין אַנטלאָפן, ווי אַ פּחדן? פאַרוואָס קומט דאָס אים אַזאַ שווויילטאָג, בשעת די איבעריקע קומען אָפּ אַזוי שוער? וואָס איז ער עפּעס דער אויסדערוויילטער! וואָלט ער כאָטש נישט אַנטלאָפן אַזוי ווייט, נענטער געווען כאָטש אַביסל צו זיינע אויגענע. דאָס איז געווען טאַקע די סיבה, וואָס ער האָט נישט געוואָלט זיך אויפזעצן אויף דער שיף, וואָס פאַרט קיין אויסטראַליע, ווען דער סוחר האָט זיך פאַר זיי אַלץ אויסגעסטאַרעט. וואָס איז ער בעסער פון זיין קינד? וואָס איז ער בעסער פון זיין ווייב פייגעלע, וואָס זי מוז אַזוי פאַר אַלץ אָפּקומען?

בשעת ער האָט געקלערט וועגן פייגעלען, האָט אים דאָס האַרץ זייער פאַרקלעמט. וואָס האָט זי געהאַט ביי אים? די גאַנצע צייט, וואָס ער איז געווען מיט איר צוזאַמען, איז ער איר געבליבן אַ פרעמדער. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געטיילט מיט איר מיט זיינע פּלענער, קיינמאָל זיך פאַר איר נישט אָפּגעריערט פון האַרץ. זי האָט דאָס אַלץ אַראָפּגעשלונגען, אַלץ אָנגענומען באהבה, ווי זי וואָלט אויף עפּעס בעסערס נישט פאַרדינט, געליטן אין דער שטיל. אַ שטאָלצע, האָט זי אים קיינמאָל קיין פאַרוואורף נישט

געמאַכט, קיינמאָל אים נישט געמוטשעט, נישט אַרויסגעבררענגט אירע טענות.

אויך דאָס קינד זיינס, דאָס בלאָנד־האָריקע, דאַרע יינגעלע, האָט אים פאַרשטאַנען, כאָטש ס'איז נאָך קליין געווען. דאָס קינד, וואָס האָט געירשנט די געדולדיקייט און די רואיקייט פון פייגעלען, האָט עפּעס אַרויסגעפילט, אַז דער טאַטע איז נישט אַזוי שווה בשווה מיט דער מאַמען, אַז ס'קומט צווישן זיי עפּעס פאָר. דער זון זיינער האָט געפילט, אַז די מאַמע איז נישט אַזוי גליקלעך מיטן טאַטן און ער איז פון איר נישט אָפּגעטרעטן, ווי ער וואָלט וועלן פאַרטרעטן זיין, נאַטאַנס, אָרט ביי איר. שטענדיק האָט ער געקוקט אַרויף צו אים מיט זיינע ווייכע, גרויע אויגן, ווי ער וואָלט געבעטן ביי אים, ער זאָל נישט אַזוי שלעכט זיין צו דער מאַמען. און איינמאָל, בעת נאַטאַן האָט זיך פאַרקוקט אויף אידען, איז דאָס קינד צו אים צוגעקומען און אים אויפגעוועקט, ווי פון אַ חלום, אָפּגעווענדט זיין בליק פון דער מומע אידע און אים געפירט אין דער שטוב אריין צו דער מאַמען...

נאַטאַן האָט איצט געזען פאַר זיך דעם זון אַזוי קלאָר, ווי ער וואָלט פאַר אים געשטאַנען, געפילט זיין וואַרעם, קנאָכיק הענטל אין דער האַנט זיינער און געהערט די ווייכע שטימע, וואָס רופט אים:

— קום... קום טאַטעליו אַריין צו דער מאַמען... די מאַמעליו דאַרף דיך האָבן... זי האָט מיך געשיקט נאָך דיר...

נאַטאַן איז אַרויס פון אידעס קאַבינע, אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז שוין, מער וועט ער צו איר קיינמאָל נישט קומען. זיי טאָרן זיך מער נישט זען, זיי טאָרן זיך מער נישט באַגעגענען.

## IV

אַ פּאָר טעג זענען אַוועק און זיי האָבן זיך נישט געזען. נאַטאַן איז נישט אַרויסגעקומען אויף דער דעק, געזעסן פאַרשפּאַרט אין דער קאַבינע און אידע איז געלעגן ביי זיך אויפן בעטל. אָבער איינמאָל בעת נאַטאַן האָט שוין נישט געקאָנט

מער איינזיצן אין דער קאַבינע, ווו די לופט איז געווען אַן עפּושדיקע, ממש דערשטיקט צו ווערן, האָט ער זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל אויף דער דעק און אָפּגעזעסן דאָרט אַ גאַנץ-גייענ־דיקן טאָג. דער שטינקנדיקער, געזאַלצענער ריח פון שוויים און ברוד פון די פיל מענטשלעכע לייבער, וואָס האָבן זיך שוין וואָכן־לאַנג רעכט נישט געוואַשן, געשלאָפן ענג־צוזאַמענגעדריקט אין דער פינסטערער קאַבינע, ווי אין אַ קאַמער, איז פאַרקראָכן אין יעדן קנייטש פון זיין פּנים, פון זיינע הענט און פון דעם אַנצוג, וואָס דער גריכישער יידישער סוחר האָט אים גע־שענקט. כאָטש ער האָט זיך געלופטערט אַ גאַנץ-גייענדיקן טאָג, האָט דער געזאַלצענער, ווארעם־זויערער ריח בשום־אופן נישט געוואָלט אַרויס פון אַנצוג, וואָס האָט זיך שוין געריסן, געקלעפּט פון שמוץ און איז לויז אַרומגעפאָרן אויף זיין לאַנגן, אויסגע־מאָגערט־קנאָכיקן גוף און געמאַכט אים אויסזען, ווי אַ יינגל, וואָס גייט אָנגעטון דעם טאַטנס בגדים.

נאַטאַן איז אָפּגעזעסן אין דעם ווינקל אויף דער דעק ביז שפּעט ביינאַכט און אַז ער האָט זיך סוף־כל־סוף צוריק אומ־געקערט אין דער קאַבינע, כדי זיך צו לייגן שלאָפן, האָט ער באַמערקט, אַז ס'האָט זיך ווער ביי זיין בעטל געפּאָרעט. דאָס בעטל איז געווען אויפגעבעט, אויפגעפרישט, דאָס צעקנייטשטע און צעקנוילטע היי אין דעם קישעלע אויפגערודערט און צוגע־גלעט. ס'איז באַשיינפערלעך געווען צו דערקענען, אַז אַ פרויאישע האַנט האָט זיך דאָ געפּאָרעט.

א גאַנצע נאַכט איז נאַטאַן געלעגן אויף, אַן אומרואיקייט האָט זיך אין אים פאַרקליבן, וואָס האָט אים נישט געלאָזט צוטון קיין אויג, כאָטש ער איז געווען מיד און אויסגעשעפּט. ער איז געלעגן ווי אין דער לופטן, זיך קוים צוגערירט צו דעם געלעגער, נישט געוואָלט פאַרטרייבן דעם גוט־באַקאַנטן פרויאישן ריח, מורא געהאַט צוריק צו צעקנייטשן דאָס אַלץ, וואָס די פרויאישע האַנט האָט מיט אַזויפיל מי און זאָרג אויסגעגלייכט.

ערשט פאַרטאָג איז נאַטאַן אַנטשלאָפן געוואָרן. ער איז אָפּגעשלאָפן האַרט און אין איין אָטעם ביז שפּעט אין טאָג אריין און אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געפיל, אַז ער האָט

עפּעס אַ זייער וויכטיקע זאַך פאַרשלאָפן, האָט ער באַמערקט לעבן זיין בעטל ליגן זיינס אַ העמד, וואָס איז געווען פריש־אויס־געוואַשן. נעכטן ביינאַכט אין דער פינסטערניש האָט ער אפנים דאָס העמד נישט באַמערקט.

נאַטאַן האָט גענומען דאָס העמד אין דער האַנט אריין, וואָס איז געווען הארט פון זאַלץ און ים־וואַסער, זיך מיטאַמאָל דער־מאָנט דאָס אַלץ, וואָס איז נעכטן ביינאַכט פאָרגעקומען. די פרייד, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן פון שלאָף אויף עטלעכע שעה, האָט אים צוריק אַרומגענומען. דאָס העמד, וואָס אידע האָט פאַר זיינעטוועגן אויסגעוואַשן, האָט דורכן ריח פון ים און זאַלץ נאָך פריש געאָטעמט מיטן באַריר פון אירע פינגער, פון איר לייב — פון איר אינגאַנצן. ער האָט געגלעט דאָס העמד, וואָס זי האָט ערשט אין אירע הענט געהאַלטן, זיך נישט פאַרגינען דאָס אָנצוטון, צוריק אַוועקגעלייגט עס אויפן זעלבן אָרט, ווו ער האָט עס געטראָפן.

פונדעסטוועגן איז ער צו איר אין דער קאַבינע נישט גע־גאַנגען. ס'זענען ווידער אַוועק עטלעכע טעג — טעג, ווען ער האָט געוווּסט אַלץ, וואָס זי טוט, וואָס זי גייט טון. אָבער ער האָט זי אויסגעמיטן, געטון אַלץ אין דער וועלט ,כדי זיך מיט איר נישט צו טרעפן. שוין אַ פּאָר מאָל איז ער געשטאַנען פאַר איר קאַבינע, אָבער בשום-אופן נישט געקאָנט פועלן ביי זיך די טיר צו עפענען.

כמעט שטענדיק, בעת נאַטאַן איז פאַר אידעס טיר געשטאַ־נען, זיך געיִשובֿט, צי ער זאָל אריינגיין, צי נישט, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף דעם יונגן, שיינעם, דיקלעכן ווייבל בראָניע, וואָס איז צוזאַמען מיט אידען אין איין קאַבינע געשלאָפן און וואָס האָט נאָר געוואָלט רעדן פּויליש. דאָס איז געווען אַ צופעליק אָנשטויסן זיך, בעת וועלכן בראָניע האָט זיך כלומרשט זייער דערשראָקן, זיך צוריקגעצויגן און דערשטוינט אַ געשריי געטון:

— אָך, ווי איר האָט מיך איבערגעשראָקן!... אַנטשולדיקן זי!... פּשעפּראַשאַם!

אָבער נאַטאַן האָט געזען, אַז די מעשה איז נישט אינגאַנצן גלאַטיק, אַז בראָניע פּאַרשט אים נאָך, אַז זי באַהאַלט זיך דאָ

אויס הינטער דער טיר. זי האָט זיך אפּנים געכאַפּט אַז ער און אידע געהערן זיך נישט אָן מאַן־און־ווייב און זי האָט זיי כסדר נאָכגעשפּירט מיט ווייבערישער נייגעריקייט, נישט אַראָפּגעלאָזט זיי פון אויג. די גאַנצע צייט האָט נאַטאַן דאָס נישט באַמערקט, אָבער איצט איז אים דאָס אַלץ קלאָר געוואָרן. בכלל האָט נאַטאַן בראָניען די גאַנצע צייט נישט געזען און דאָס האָט זי זייער געקרענקט, ווייל זי איז דווקא געווינט געווען, אַז מענער זאָלן איר נאָכקוקן, שלינגען זי מיט די אויגן.

בראָניע איז געווען דאָס ווייב פון דעם גרויסן ברייט־פּלייציקן מאַרקוס פעלדבוים, וואָס מ'האָט אויף דער שיף באַקרוינט מיטן צונאָמען „אָקס" צוליב זיינע גרויסע, וואַסערדיק־מוטנע אויגן, דיזיקע הענט און ריזיקע פיס און דער עיקר צוליב דעם, וואָס ער האָט געציטערט פאַר זיין ווייבל אימת־מות און נישט געוווּסט, וואָס פאַראַ שיינע מעשים זי טוט אַלץ אָפּ הינטער זיינע פּלייצעס.

כאָטש פעלדבוים איז געווען אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס פון דער היים, געהאַט אַ שיינע פּאָר מאָרג ערד הינטער לעמבערג אין גאַליציע, האָט ער זיך געהאַלטן זייער פּשוט, געווען צוגעלאָזן צו יעדן איינעם. ער האָט זיך נישט געמישט צו קיינעם און דורך דעם האָט מען אים אויף דער שיף כמעט ווי נישט באַמערקט. ער איז בכלל געווען זייער אַ פּאַוואָליעדיקער, געהאַט אין זיך אַ סך פון אַ פּויער פון אוקראַינע, אָט פון דער געגנט, פון וועלכער ער אַליין שטאַמט, זיך קיינמאָל נישט אָנגעצונדן, קיין שום זאַך אין דער וועלט האָט אים נישט געקענט אַרויסברענגען פון זיין שטומפּיקער גלייכגעוויכט. ער האָט געטראָגן אַ גרין יעגער־קאַפּעליושל, רייט־הויזן און שטיוול און גערייכערט פּראָסטע מאַכאָרקע, וואָס ער האָט געוויקלט אין ביבולע־פּאַפּיר, פּונקט ווי די אוקראַינישע פּויערים. די מאַכאָרקע האָט ער אָפּגעהיטן, ווי דאָס אויג אין קאָפּ. צו איין זאַך האָט ער אָבער געהאַט אַ גרויסע שוואַכקייט און דאָס איז געווען צום עסן. ער האָט ליב געהאַט גוט אָפּצועסן. און איצט, אין די הונגער־טעג, ווען די איינציקע שפּייז אויף דער שיף איז געווען דאָס ביסל זופּ, דאָס ביסל גרויפּן אָדער באָבעלעך, האָט ער זייער געליטן. מער ווי אַלע איז ער אַרומגעגאַנגען הונגעריק, געליטן שטאַרק, וואָס ער האָט

נישט וואָס צו געבן דעם גרויסן הונגעריקן גוף זיינעם. דער גוף, וואָס האָט כסדר געמאָנט עסן, איז אָפּגעפאַלן פון טאָג צו טאָג אַלץ מער. פעלדבוים איז זייער אויסגעמאָגערט געוואָרן, ממש נישט דערזעלבער מענטש, די הויט אויפן פנים איז אים שלאַבע־ריק נאָכגעהאָנגען אין זעקעלעך און פון די גרויסע מוטנע אויגן האָט אַרויסגעקוקט דער צער פון אַ הונגעריקער בהמה. ער האָט רק געחלומט פון עסן, כסדר זיך דערמאָנט, ווי זיין ווייבל פלעגט דאָס קאָכן פאַר אים די גוטע מאכלים. ס׳ליגן אים נאָך איצט אין טעם די אויסגעברוינטע גאַליציאַנער קניזשעס, געפילט מיט שוואַרצער קאַשע און קנאַקנדיקע גריוון, דער רויטער אוקראַיני־שער באָרשט, געקאָכט אויף אַ פעטן מאַרך־ביין, דער אונגאַרי־שער געקנאָבלטער און געפעפערטער „פּיטשעי,״ וואָס ער האָט ליב געהאַט ווי דאָס לעבן...

בראָניע איז געווען פונקט דער היפוך פונם מאַן. זי איז אַרויסגעקומען אליין פון בעלי־מלאכות און נאָכדעם ווי זי האָט געטון דעם גוטן שידוך, האָט זי נישט געוווסט אויף וועלכער וועלט זי איז, געקומען אַלע טאָג מיט אַ בריטשקע אין שטאָט אריין. צו די עלטערן אין דער אָרעמער שטוב אריין האָט זי אָבער נישט אריינגעשטעלט אַ פוס, געהאַלטן אין איין לויפן איבער אַלע פוילישע טעאַטערס און טאַנץ־זאַלן. אויסגעסטראָיעט איז זי געווען אין עסיק און אין האָניק, געטראָגן היטן און קליידער פון די גרעסטע פירמעס. בלויז איין זאַך האָט איר פאַרסמט דאָס לעבן — זי האָט זיך געשראָקן פאַר איר אייגענעם ברודער, נח דעם סטאָליער־יונג. מיטן ברודער, דעם בעל־מלאכה־יונג, האָט זי זיך זייער געשעמט. און דערצו איז נאָך נח געווען אַ „רויטער״ און אַז ער האָט זי אין גאַס געטראָפן האָט ער איר געמאַכט שוואַרץ, געהאַט צו איר טענות, וואָס זי שטיצט נישט די עלטערן און ער איינער אַליין מוז טראָגן דעם עול פון דער גאַנצער שטוב.

אויך אויף דער שיף, וו דער ברודער איז צוזאַמען מיט איר געפאָרן, האָט זי געהאַט פון אים צו זינגען און צו זאָגן, גאָרנישט וואָס זי האָט געטון איז אים געפעלן און ער האָט שטענדיק גע־האַלטן דעם מאַנס צד.

אָבער בראָניע האָט זיך צו אים ווייניק צוגעהערט, געשפּילט

די זעלבע ראָלע, וואָס אין דער היים, ארומשפּאַצירט אויף דער שיף מיט דער גאַנצער זיכערקייט אין זיך פון שיינע ווייבער, וואָס ווייסן, אַז מענער קריגן פּאַר זיי די כּפּרה. כאָטש אַלע זענען שוין אַרומגעגאַנגען אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן און ביי קיינעם איז נישט געווען דער קאָפּ זיך אָנצוטון, האָט זי פונדעסטוועגן נאָך אַלץ געפונען אין וואָס זיך צו סטראָיען. פון אונטער דער ערד אויסגעזוכט פאַרשידענע קאָליריקע שמאַטקעס און בענדלעך, אין וועלכע זי האָט זיך געוויקלט, אַרומגעבונדן מיט זיי אירע שיינע, געדיכטע, שוואַרצע האָר. בעתן גיין האָט זי געוויגט אירע קיילעכדיקע היפּטן, געוויזן איר פולן האַלז, וואָס איז געווען אַזוי טיף אויסדעקאָלטירט, אַז ס'האָבן גנביש אַרויסגעקוקט אירע ברוסטן, וואָס זענען געלעגן ענג־צוזאַמענגעפּרעסט, ווי צוויי זאַפטיקע עפּל. די מאַטראָזן, וואָס זענען שוין לאַנגע וואָכן געווען אויסגעהונגערט נאָך אַ פרוי, האָבן זי געפרעסן מיט די אויגן, מיטן מבינישן בליק פון מענער געוויגן און געמאָסטן דעם ווערט פון איר יעדן אבר באַזונדער, אונטערגעוווּנקען צו איר צווייִדייטיק, גערופן זי נישט אַנדערש ווי „עוומאָרפי,” גערעדט צווישן זיך נבול־פּה, כדי כאָטש אַזוי־אַרום צו שטילן דעם הונגער זייער:

— אַ כאָליערע זאָל עס נעמען, זי איז ווערט אַן עבֿרה... — האָבן זיי געסמאַקעוועט, ווי ביי אַ גוטן מאכל — די אָוורע', דער רוח זאָל זיי כאַפּן! שיינע ווייבלעך זענען דאָ צווישן זיי... פּאַר איינמאָל זיך איבערשלאָפן מיט איר, לוינט זיך אַוועקצוגעבן אַ חודש פאַרדינסט!...

אָבער בראָניע האָט זיך אויף זיי נישט אומגעקוקט, כאָטש דעם אמת געזאָגט, האָט איר הנאה געטון, וואָס זיי לאָזן פון איר נישט אַראָפּ אַן אויג. זיי אויף צופּיקעניש האָט זי נאָך מער געוויגט אירע קיילעכיק־פולע היפּטן, דורכגעגאַנגען לעבן זיי פון דער נאָענט, אַז ס'האָט זיי אַזש אָנגעהויבן שווינדלען אין קאָפּ — נאָר דאָס איז געווען אַלץ. און מ'האָט טאַקע געקענט מיינען, אַז מענער ליגן איר אין דער לינקער פּיאַטע. אָבער די גאַנצע שיף האָט געוווּסט צו דערציילן, אַז בראָניע איז שוין גאָרנישט גאָט די נשמה שולדיק און אַלע אויף דער נאַכט, ווען ס'ווערט פינסטער, פּוצט זי זיך אויס אין אירע קאָליריקע שמאַטקעס, קעמט

זיך לאַנג די האָר אינם אָפּגעריבענעם, פֿאַרשוואַרצט־אָפּגעבראָ־
כענעם שפּיגעלע, מיט וועלכן זי שיידט זיך קיינמאָל נישט און
זי טרעפֿט זיך מיטן שלאַנקן, הויכן, אויסגעפּראַנצעוועטן קעלנער.
אין אַ ווינקל שיף, אויסבאַהאַלטן פֿון אַלעמענס אויגן, זיצט זי
מיטן קעלנער ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. און וואָלט דאָס
כאָטש אומזיסט געווען, אויס ריינער ליבע, אָבער פֿון דעם
קעלנער באַקומט זי דאָך די פֿאַרשידענע סוכאַרקעס און טשאָ־
קאָלאַדקעס, וואָס זי האַלט אין איין נאַשן פֿון די קעשענעס אַרויס.
פֿון די טשאָקאָלאַדקעס און סוכאַרקעס, מיט וועלכע זי דער־
כאַפּט זיך אַלעמאָל דאָס האַ־ץ זענען דאָס טאַקע אירע פּיסקלעך
נאָך אַלץ קיילעכיק און ראָזאַ, בעת ביי די איבעריקע ווייבער,
זענען זיי שוין אויסגעמאָגערט און ביינערדיק. כאָטש אַלע הונ־
גערן, פּונקט ווי זי, פּונקטעסטוועגן פֿאַרקויפֿט זיך נאָך נישט קיינער.

מ׳וואָלט איר דאָס אַלץ שוין זיכער נישט מוחל געווען, ווען
זי וואָלט פֿון דעם אַלעם גוטן, וואָס זי באַקומט פֿון קעלנער, בלויז
אַליין געגאַסן, אָבער זי האָט אַלעמאָל די נאַשערייען אונטערגע־
שטופּט די קינדער אויף דער שיף. אַליין האָט בראָניע קיין קינדער
נישט געהאַט און זי איז אויסגעגאַנגען פֿון בענקשאַפֿט נאָך זיי.
זי האָט זיך ליב געהאַט מיט די קינדער צו שפּילן, אויסגעטראַכט
פֿאַרשידענערליי שפּילערייען. צומיינסטן האָט זי ליב געהאַט מייד־
לעך. זי האָט זיי געסטראָיעט, פּונקט ווי זיך אַליין, אין פֿאַרשי־
דענע קאָלירעקע שמאַטקעס, געקעמט ביי זיי לאַנג די האָר, און
זיי געהייסן אַריינקוקן אינם אָפּגעריבענעם שפּיגעלע אירן, כדי
צו זען ציי זיי געפֿעלן זיך. אין די קינדער האָט זי דאָס אַריינגע־
שטופּט אַלעמאָל די נאַשערייען.

מ׳האָט בראָניען צוליב דעם אַלץ מוחל געווען, אוועקגעקוקט
אין אַ זייט און געשמועסט צווישן זיך, אַז ס׳וואָלט אַ יושר געווען
צו שיקן זי צום קאַפּיטאַן זיך משתדל זיין פֿאַר די יידן. געפֿאַלן
אויף דעם שכל איז נישט קיין אַנדערער ווי פֿאַביאַש, וואָס האָט
אַריינגערעדט אין די יידן מיט גרויס ברען:

— אפשר... אפשר וועט זי געפֿינען חן אין קאַפּיטאַנס אויגן...

— האָבן ביי פֿאַביאַשן די קליינע שוואַרצע אייגעלעך געפֿינקלט,
זיך געצונדן מיט גרויס איבערצייגונג, געלאָפֿן שנעל אַהין און

צוריק, ווי זיי וואָלטן וועלן אַנטלויפן ערגעץ — אַזאַ ליכטיק מענטש... אַזאַ שאַנקייט... אַזאַ פּאַרשוין... אַז דער ערל וועט זי דערזען, וועט ער דאָך ווייך ווערן, ווי אַ לעמעלע און מ׳וועט איינמאָל פאַר אַלעמאָל וויסן, צי מ׳וועט אונז אַריינלאָזן ערגעץ, צי מ׳וועט אומקומען דאָ, אינמיטן ים! ס׳איז דאָך אַ מעשה אָן אַ סוף! ס׳איז דאָך נישט אויסצוהאַלטן!...

נאַטאַן האָט וועגן בראָניען אָט די אַלע מעשיות עפּעס יאָ געהערט און עפּעס נישט. זיי זענען אים קיינמאָל נישט אָנגעגאַנגען, נישט געלעגן אין זינען. און ערשט איצט, פאַר אידעס טיר, ווו ער איז געשטאַנען צוזאַמען מיט בראָניען, האָט ער זיך אין דעם אַלעמען דערמאָנט. כדי נישט צו ציען קיין שום אויפמערקזאַמקייט אויף זיך און נישט אויף אידען, האָט ער באַשלאָסן וואָס גיכער אַריינצוגיין אין דער קאַבינע. דערווייל האָט בראָניע פאַרשנדיק אים אָנגעקוקט מיט יענעם פאַרשטענדיקן צווייידייטיקן קוקעלע פון זינדיקע ווייבלעך, וואָס האָבן ליב יעדן איינציקן צו פּאַקן אויף דער הייסער מינוט, כדי זיך אליין ריין צו מאַכן, אָראָפּשאָקלען פון זיך די עבירות...

נאַטאַן איז אַריין צו אידען, געטראָפן זי ליגן אויפן בעטל אין דעם זעלבן מעמד, פּונקט ווי ער האָט זי מיט עטלעכע טעג צוריק דאָ איבערגעלאָזט. ס׳האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט זיך די גאַנצע צייט פון בעטל נישט אויפגעהויבן, נישט גערירט פון אָרט. ביי זיין אַריינקומען האָט זי צומאָל נישט אויפגעהויבן צו אים די אויגן, זיך נישט קיין באַוועג געטון, ווי ס׳וואָלט נישט געווען ביי איר קיין שום נייעס, אַז ער וועט צוריקקומען, ווי זי וואָלט דאָס פון פאָרויס געוווסט, זיכער געווען אין דעם.

נאַטאַן האָט זיך צו איר צוגעזעצט, נישט אַרויסגערעדט צו איר קיין וואָרט. אידע האָט זיך צו אים אָנגערופן מיט דעם זעלבן וואָכעדיקן קול, ווי זי וואָלט פּאַרטגעזעצט עפּעס אַן אַלטן אָנגעהויבענעם שמועס. די שרעק אירע צוליב נאַטאַנס פּלוצימדיק פאַרשווונדן ווערן, וואָס האָט זי נישט אַפּגעלאָזט אויף קיין איין רגע די גאַנצע צייט, איז איצט, בעת ער איז געזעסן אַזוי נאָענט פון איר, מיטאַמאָל אַוועק און עס האָט זי צוריק אַרומגענומען אַ גרויסע גלייכגילטיקייט צו אַלץ און צו אַלעמען.

אידע איז נישט מיד געוואָרן אויף קיין איין מינוט, ווידער אָנגעהויבן צו רעדן וועגן הערשלען, וועגן שרהלען, וועגן טאַטע־מאַמע דאָרט ערגעץ אין פּוילן. ווער ווייסט, וואָס איז מיט זיי געוואָרן? צי לעבן זיי נאָך! אויף די אַלע קאַרטלעך און בריוו, וואָס זיי האָבן כסדר פון גריכנלאַנד געשיקט, איז דאָך נישט אָנגעקומען קיין שום תשובה. שרהלע קומט איר כסדר צו חלום, שטרעקט צו איר די הענטלעך פון דער שרפה ארויס און רופט זי:

— מאַמעליו! — שרייט דאָס קינד צו איר — מאַמעליו!... ראַטעווע מיך!.... ווו האָסטו מיך איבערגעלאָזט!... כ'לייד אַזעלכע יסורים, מאַמעליו!...

אויך איצט, אויף דער וואָר, הערט זי דאָס בעטנדיקע קול פונם קינד און זי זעט די הענטלעך, וואָס שטרעקן זיך צו איר פונם פייער און זי שרייט פון ווייטיק, פאַרשטעלט זיך מיט די הענט די אויגן, פאַרשטעלט זיך די אויערן, ווייל זי פילט, אַז ס'איז איבער אירע כוחות, זי וועט דאָס נישט איבערהאַלטן.

אידע האָט זיך פּאַוואָליע אויפגעזעצט אויפן געלעגער. לאַנג זיך געפּאָרעט מיט דער האַנט אינם קישעלע און ארויסגעשלעפּט פון דאָרט עפּעס אַ ראָזאַ שמאָל בענדעלע. נאַטאַנען האָט מיטאַמאָל אַ זעץ געטון אין האַרץ, ווייל ער האָט דערקענט שרהלעס באַנד צו די האָר, וואָס דאָס קינד האָט געטראָגן, ווען זיי זענען פון וואַרשע אַנטלאָפן. ביז אַהער האָט אים אידע קיינמאָל די באַנד נישט געוויזן און אַז ער האָט זי איצט פּלוצים דערזען, האָט ער זיך עפּעס דערשראָקן. אידע האָט די קאָקאַרדע געצערטלט אין די הענט, געמאַכט אַ שלייף און זי צוריק באַלד אויפגעלאָזט. זי האָט דערציילט ווי זי האָט די באַנד פאַרפלאָכטן אין קינדס טונקעלע האָר, זיך איינגעקוקט, צי זי פּאַסט איר צו אירע בלויע אויגן. אָבער שוין דעמאָלט האָט איר עפּעס דאָס האַרץ אונטערגעזאָגט, אַז זי טוט די קאָקאַרדע אָן דעם קינד דאָס לעצטע מאָל און אַזוי איז עס טאַקע געווען. דאָס האַרץ האָט איר אַזוי ווי געטון, אַזוי געצויגן פון גרוים בענקשאַפט... אידע האָט איבערגעחזרט איר מאַמעס רייד:

— דאָס האַרץ נאַרט קיינמאָל נישט אָפּ... עס ווייסט שטענדיק אַלץ פון פאָרויס...

וויאזוי די באַנד קומט איצט צו איר, קען זי זיך בשום־אופן נישט דערמאָנען. דער זכרון איז אפּנים ביי איר זייער אָפּגע־שוואַכט געוואָרן. גענוג איז, אז מער וועט זי שוין קיינמאָל נישט די באַנד אין קינדס קעפּל פאַרפּלעכטן...

נאַטאַן האָט איר גאָרנישט געענטפערט, נישט געשטערט דאָס רעדן, געזעסן אָן באַוועגונג און זי גלייך אָנגעקוקט. שרהלעס ראָזאַ באַנד דאָ פּלוצים אין דער קאַבינע האָט ביי אים אינגאַנצן דאָס לשון אָפּגענומען און ער איז געזעסן, ווי געליימט. ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו טון. אָבער פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ לייכטער קלאַפּ אין דער טיר און נישט וואַרטנדיק אויף קיין שום ענטפער, איז אין דער קאַבינע גיך אַריינגעקומען בראָניע. זי האָט זיך כלומרשט זייער דערשראָקן, זיך האַסטיק צוריקגעצויגן און געפרעגט מיט אַ סך געמאַכטער איידלקייט אין קול:

— ס׳איז ערלויבט?... מ׳קען אַריינגיין?... אַך, ענטשולדיקן זי... פּאַרדאָן... דאַכט זיך, אז עך האָב געשטערט... אָבער גלויבט מיר, אז כ׳בין גאָרנישט אויסן געווען... גאָט בעווארע!... כ׳בין נישט פון די מענטשן, וואָס האָבן ליב אַריינצוקוקן יענעם אין טעפּל אַריין... גאָט בעהיטע!...

זי האָט פאַרשנורעוועט זייער אומשולדיק דאָס פּיסקעלע, געראַרעדט נאָך עפּעס אַ סך אויף איר דייטשמערישן לשון, געמישט מיט פּויליש, מכלומרשט געוואָלט אַרויסגיין, אָבער כסדר גע־שטאַנען אויף איין אָרט און מיט די אויגן אין איין רגע אַלץ אַרומגענומען, געפּאַרשט, וואָס דאָ קומט פאָר. די גאַנצע צייט איז זי געשטאַנען אין דער אָפענער טיר, וואָס זי האָט אומישנע נישט פאַרמאַכט הינטער זיך, כדי אַלע זאָלן קאָנען פראַנק־און־פריי דאָ אַריינקוקן.

אין נאַטאַנען האָט דאָס בלוט אויפגעקאָכט. ער איז באַגאָסן געוואָרן מיט אַ רויטקייט און זיך קוים איינגעהאַלטן מיט אַלע כוחות זי נישט אַרויסצוּוואַרפן. ער האָט בשום־אופן נישט געקאָנט באַנעמען מיטן שכל, ווי מ׳קאָן אין אַזעלכע ביטערע צייטן זיין אַזוי שלעכט, אין זינען האָבן אַזעלכע נאַרישקייטן.

אויפצומאָרגנס האָט שוין די גאַנצע שיף געוווּסט, אז נאַטאַן און אידע זענען נישט קיין פּאָר־פאָלק און מ׳האָט געהיטן זייער

פוס־טריט, אריינגעקוקט זיי אין די אויגן אריין מיט אן אלע־ווייסעריש שמייכעלע און אין די לאנגוויילעקע, פוסטע טעג זיך געהאט מיט וואס צו פארנעמען, וועגן וואס צו רעדן...

## V

ווען נאטאן און אידע זענען אראפ פון אלעמענס צינגער, איז אויף דער שיף פלוצים פארגעקומען א שפאגל־ניי געשעעניש, וואס האט איעדן שטארק פארכאפט.

פארפלאנטערט אין דעם זענען געווען פרוי האדעס מיט אירע טעכטערלעך און פאביאש מיט זיין ווייב און קינדער.

אויף דער שיף איז באלד אויסגעבראכן א ויצעקו און ס'האבן זיך געבילדעט צוויי צדדים. איין צד האט געהאלטן פאר פרוי האדעס און דער צווייטער צד פאר פאביאשן.

פאביאש איז ארומגעפלויגן, ווי א צעדולטער, זיך אליין געזידלט מיט דער בלאטע צוגלייך און געשריגן צו זיך אליין:

— צו וואס האט עס מיר געטויגט!... — האט ער געשריגן — צו וואס האט עס מיר געטויגט?!...

אבער צוריקדרייען האט ער שוין גארנישט געקאנט און ער האט זיך געפילט שפל אין זיינע אייגענע אויגן, זיך באקלאגט, אז ער איז אראפגעפאלן און ער האט שוין מער נישט קיין אנזען ביי קיין שום מענטש.

— אז איינער פאלט... — האט ער אויף זיך אליין געזאגט — פאלט ער שוין ביז אראפ!...

פאביאש האט זיך געפילט טאקע שולדיק און ער האט דער־ציילט פאר יעדן איינציקן באזונדער די זעלבע מעשה, ווי ער האט שוין נישט געקאנט מער צוזען דעם צער פון זיין קליין יינגעלע, וואס איז ארומגעגאנגען מיט א פארחלשט הערצל און, ווי ער האט שוין נישט געהאט קיין אנדערע ברירה און איז אזוי אראפגעפאלן, אז ער האט צוגענומען ביי פרוי האדעסעס א מיידעלע א סוכארקע און אונטערגעשטופט זיין קינד... אז ער האט געפילט ווי דאס עופהלע גייט אויס, וואס־זשע האט ער געזאלט טון?... פאביאש האט זיך פארענטפערט:

— וואָס איז דער געוואַלד?... וואָס האָב'ך אַזוינס געטון?... וואָס האָב'ך אַזוינס געזינדיקט?... אַז סך־הכּל האָב'ך ביים קינד דאָס סוכאַרקעלע נישט אַרויסגענאַרט, ווי ס'זאָגט פרוי האַדעס... ס'איז שקר וכזב!... סך־הכּל האָט דאָס קינד אַליין אוועקגעלייגט די סוכאַרקע אויף אַ טרעפּל...

כאָטש אַלע האָבן געוווּסט, אַז די מעשה הייבט זיך נישט אָן און לאָזט זיך נישט אויס, אַז ס'איז אַזוי נישט געווען און פאַביאַש האָט פּשוט די סוכאַרקע אַרויסגענאַרט פון קינדס הענט, האָבן פונדעסטוועגן אַלע, אַפילו פאַביאַשעס שונאים, אַוועקגעקוקט אין אַ זייט און געלאָזט אים באַקומען דעם ליגנט. בלויז פרוי האַדעס האָט נישט געשוויגן, אינגאַנצן געקאָכט און אַריינגעשפּרונגען אים אין די רייד:

— געפונען... געפונען... — האָט זי אים נאָכגעשפּעט מיט אַ סך לאַקריצדיקער זיסקייט אין קול — קוקט־זשע נאָר אָן דאָס קומיקל!... קוקט נאָר אָן דעם צדיק אין פּעלץ!... מ'קען דאָך טאַקע מיינען, ער איז גאָט די נשמה שולדיק... פּערעלעך שיטן זיך דאָך אים פון מויל!... איין מערכה, אַז דאָס קינד איז אַן עדות...

און פרוי האַדעס האָט זיך נישט געפוילט, גענומען רופן דאָס קינד, כּדי ס'זאָל עדות זאָגן, בעת־מעשה נישט אָפּגעלאָזט פאַביאַשן:

— ליגנער!... — האָט זי צו אים געשריגן, גענומען אים פלוצים „דוצן" — זאָלסט אַזוי לעבן, צי דו זאָגסט כאָטש איין וואָרט אמת... דו ביזט דאָך אַ גנב מיט די אויגן... אַז קומען קומט דאָס אַרויס פון די גערער קראַדניקעס, קען מען אים דען איין וואָרט גלויבן?...

דאָס איז שוין געווען אַביסל צופיל, אַביסל איבער דער טבע, ווייל כאָטש קיין סך גוטע פריינט האָט פאַביאַש נישט געהאַט און ס'האָט יעדן אַ קאַפּעלע הנאה געטון, וואָס מ'זאָגט אים אריין, האָט קיינער שוין נישט געקאָנט דאָס פאַרטראָגן. אַלע האָבן געשוויגן, אַפילו די, וואָס זענען אַרויס קעגן פאַביאַשן, געהאַלטן, אַז זי האָט געטון אַ גרויסע עוולה. מ'האָט זיך געשעמט אויפצוהייבן דעם קאָפּ, צו קוקן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן

אריין — אַ צוליב דעם, וואָס פּאַביאַש ,איז נעבעך געקומען צו אַזאַ מדרגה, אַז ער האָט געמוזט גנבענען ברויט ביי אַ קינד, אַ צוליב דעם, וואָס פרוי האַדעס, שטענדיק אַזאַ איידל מענטש, איז אַרוים מיט אַ לשון, ווי די ערגסטע מאַרק־זיצערין... וואָס צרות קענען אַלץ פון אַ מענטש מאַכן... פונדעסטוועגן האָט אָבער קיינער נישט געעפנט דאָס מויל און פּאַביאַש וואָלט זיך געמעגט אויסגראָבן אַ קבר און לעבעדיקערהייט באַגראָבן, ווען נישט דאָס ווייב זיינס, וואָס איז אים צו הילף געקומען. פּאַביאַשעס ווייב, שטענדיק אַ שוואַכע, קוים זי גייט, קוים זי רירט זיך, מיט געשוואָלענע הענט און פיס, באַדעקט מיט ווינטער־ביילן, סיי ווינטער, סיי זומער, האָט נישט געקאָנט מער צוזען, ווי מ׳איז מבייש איר מאַן. זי האָט זיך נישט געטאָרט צופיל באַוועגן, נישט געטאָרט צופיל אַרומטאַנצן און פון דאָרט, ווו זי איז געשטאַנען, האָט זי אויסגעשאָסן, אַז אַלע האָבן זיך אַרומגעקוקט, נישט געוווּסט פון וואַנען דאָס קול גייט:

— פּי... פּי... פּי... אַ קלייניקייט... קוק זי נאָר אָן די וואַר־שעווער מאַדאַם!... דעם וואַרשעווער פּרעסער!... — האָט זי זיך נישט גערירט פון אָרט, געשטאַנען צוגעטשוועקט, ווי אַ געטש פון שניי, וואָס ביי אַ ליאַדע ריר צעפאַלט ער זיך, בלויז דאָס מויל האָט ביי איר געקנאַקט, געשיט פעך און שוועבל — אַלץ איז איר ווייניק!... די גאַנצע וועלט וואָלט זי איינגעשלונגען... אַז די אויגן זענען גרעסער ביי איר פון דעם האַלז... מיט וואָס איז דיין קינד בעסער פון מיינעם?... וואָס־זשע איז, אַז מיין הונגעריק עופהלע האָט אויך עפּעס אין מויל אריין גענומען?... ס׳קינד איז דאָך שוין בלויזע ביינער... מ׳קען דאָך ביי אים אָפּציילן די ריפּעלעך... נאַ, זע... נאַ...

און פרוי פּאַביאַש האָט זיך לאַנג נישט מישב געווען, נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות, אָפּגעשפּילעט ביים קינד דאָס העמדל, באַטאַפּט די דאַרע ביינדעלעך און זיי געשטופּט דער פרוי האַדעס אין די אויגן אריין. דאָס ייִנגעלע, צוגעוווינט פון שטענדיק אָן, אַז קיינער זאָל זיך אויף אים נישט אומקוקן, האָט זיך פון אָנהויב שטאַרק דערפרייט, וואָס די מאַמע נעמט זיך אַזוי אָן פאַר אים, וואָס אַלע קוקן אים אָן און ער איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן ביי

זיך אליין אין די אויגן. באלד האָט ער אָבער דערזען דער מאַמעס צעקרומט פּנים, די טרערן, וואָס שטיקן איר אין האַלז, אירע הענט, וואָס האַלטן אין איין בלאָנדזשען איבער זיינע דאַרע ביינדעלעך און ער האָט זיך פּלוצים צעוויינט, זיך פאַרגאַנגען אַלע מאָל העכער. דעם קינדס טרערן האָבן דער מאַמען צוגעגעבן נאָך מער קוראַזש און זי איז ערשט אַרויס אויף אַ רעכטן אמת אויף דער פרוי האָדעס.

— דעם קינדס טרערן וועלן דיר געשענקט נישט ווערן!... גאָט וועט דיך דערפאַר שטראָפן!... ווילסט דאָ דווקא שפּילן די גרויסע ראָלע, אָבער קוק דיך נאָר אָן, ווי דו זעסט אויס!... גייסט דאָך שוין, כ'בעט איבער אייער כבוד, מיטן סטאַן איינ־דרויסן... דו זעסט דאָך שוין אויס ווי אַ וואַרע שלעפּערין!... האָסט דאָך שוין נישט אויף דיר קיין רעכטן בגד!... ס'איז נאָר צו קייכן פון געלעכטער, כ'זאָל אַזוי לעבן....

אָפּגעזאָגט דאָס אַלץ, האָט זיך די פרוי פּאַביאַש אַוועקגע־שטעלט לאַכן — געלאַכט מיט יאַשטשערקעס, מיט גאַל, זיך בשום־אופן נישט געקאָנט מער איינהאַלטן. זי האָט זיך אַזש געקאַטשעט פון געלעכטער, שוין נישט געדענקט אפילו אין דעם, אַז זי טאָר זיך נישט צופיל באַוועגן, זי טאָר זיך נישט צופיל אָנשטרענגען. די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אַרום, האָבן זיך פאַר איר דערשראָקן, צוגעלאָפן צו איר און זי געמינטערט, געמיינט, אַז זי איז אַראָפּ פון זינען. אָבער זי האָט קיינעם נישט צוגעלאָזט צו זיך, אַלעמען גלייך אָפּגעשטופּט.

ביי דער פרוי האָדעס איז דאָס בלוט אַוועק פון פּנים און זי האָט זיך אינגאַנצן געוואָרפן. זי האָט בגנבה, קיינער זאָל נישט באַמערקן, אַ בליק געטון אויף אירע קליידער, וואָס זענען אויף אַן אמת געווען שטאַרק אַלט און אָפּגעטראָגן, אָבער קיין ריס, קיין לאָך, איז אויף זיי נישט געווען צו געפינען. די פּאָר קליידער, וואָס זי האָט נאָך פאַרמאָגט, האָבן זיך שוין געהאַלטן אין שיטן, אין צעפאַלן, אָבער זיי זענען אַלעמאָל געווען ריין־אויסגעוואַשן און פאַרצערעוועט. אויף אַזאַ באַליידיקונג פון פּאַביאַשעס ווייב האָט זי זיך נישט געריכט און זי איז צוגעגאַנגען צו איר מיט געלאַסן־פּאַוואָליעדיקע, געציילטע טריט און מיט אַ

סך שטאָלצייט און ווירדע איר אַ שטויס געטון מיט דער האַנט. דעם שטויס האָט זי געגעבן מיט אַזאַ גאַווהדיקן אויסדרוק אויפֿן פּנים, ווי מ׳טוט אַמאָל אַ קלאַפּ אַ נידעריקערן מענטש פֿון זיך, פֿון וועלכן מ׳מיאוסט זיך... מער האָט נישט געפֿעלט. פּרוי פּאַביאַש האָט זי אַ כאַפּ געטון פֿאַרן בלוזקעלע און ביידע ווייבער האָבן זיך איינגעקלאַמערט אין זיך, זיך פֿאַרפֿלאָכטן. דאָס איז געשען אַזוי שנעל, אַזוי אומגעריכט, אַז איידער די יידן האָבן נאָך באַוויזן וואָס צו טון, זיי אָפּצורייסן פֿון זיך, זענען זיי שוין געווען אַריינגעטון מיט לייב און לעבן אינם געשלעג. די קינדער זענען אויסגעבראָכן אין אַ יללה, זיך פֿאַרגאַנגען אַלע מאָל העכער. און די מאַטראָזן, וואָס האָבן געטראָגן אַ בייז האַרץ אויף די יידן, וואָס צוליב זיי מוזן זיי זיך שלעפּן אַזוי לאַנג אויפֿן ים, ווו מ׳איז יעדן טאָג איינגעשטעלט מיטן לעבן, זענען געשטאַנען אַרום אין אַ רעדל און געשפּאָט און געלאַכט. אין זייערע לעדערנע, צעשמיסענע, האַרטע פּנימער האָט זיך געגעסט אַ צופֿרידנקייט און אַ שאָדן־פֿרייד, אַרויסגעקוואָלן פֿון יעדן איינציקן קנייטש און קאַרב. אין די אויגן האָט געפֿינקלט אַ הפקרות. די מאַטראָזן איז שוין אַלץ איינס געווען. ס׳איז זיי לאַנגווייליק געווען און זיי האָבן געזוכט עפּעס אַ פֿאַרווײַלונג די צייט צו פֿאַרטרייבן. און דאָ האָבן זיי געפּאַקט אַזאַ טייערע זאַך. מיטן אייביקן ביטול פֿון גוים צו יידן, וואָס קאָנען זיך נישט שלאָגן, קאָנען נישט אַ האַנט אויפֿהייבן, האָבן זיי אָנגערייצט די ווייבער איינע קעגן דער אַנדערער, אונטערגעגעבן פֿייער, געאַר־בעט מעשים מיט די הענט, געמאָלן אויף זייער פֿרעמדן לשון, כאָטש קיינער האָט זיי נישט פֿאַרשטאַנען:

— נו, פֿאָדראַווע, באַבע! אָט אַזוי איז גוט! נישט געזשאַלע־וועט!... נאָך שטאַרקער! באַלד וועט מען זען, ווער ס׳האָט מער כוח... — האָבן די מאַטראָזן אַזש געשפּיגן אין די׳ הענט פֿון פֿרייד, געקוואָלן, וואָס יידן שלאָגן זיך צווישן זיך — אַ נו, אָוורעי, יידעלעך, וואָס שטייט׳ר מיט פֿאַרלייגטע הענט? וואָס לאָזט׳ר שלאָגן אייערע ווייבלעך?!...

אָבער די יידן האָבן זיך נישט אַריינגעמיישט אין געשלעג. פֿאַרקערט, זיי האָבן געזוכט כהרף־עין די ווייבער צו צערייסן.

און אַז די ווייבער זענען שוין געשטאַנען אָפּגערוקט פון זיך, פאַרשעמטע און געפאַלענע ביי זיך צוליב דעם, וואָס זיי האָבן זיך אַזוי פאַרגעסן, האָט ר׳ לייזער דער שפּייז־קרעמער, אַ בלאַ־סער, אָן אַ שטיקל מראה אין פּנים, זיך געבייזערט:

— פע... — האָט ער זיך געבייזערט און נישט געקוקט אין די ווייבערס זייט אריין — עטץ מענטש ענק שעמען אין אייער ווייטן האַלז אַריין!... וואָס איז דאָ געשען, רחמנא לצלן?... ס׳איז דאָך נאָך ערגער ווי, להבדיל, ביי גוים, ווען זיי שיכורן זיך אָן!... שוין בעטץ ענק איבער! ווער האָט דאָס געזען, אַז יידן זאָלן זיך שלאָגן און נאָך דערצו ווייבער?... ס׳איז דאָך שוין עק וועלט...

איצט זענען שוין אַלע געווען אויף פּאַביאַשעס זייט, געוווּסט, אַז די פרוי האָדעס האָט די ערשטע דאָס געשלעג אָנגעהויבן. פּאַביאַש איז איצט געווען אויפן פערדל. אָבער די געשוווירענע שונאים זיינע, האָבן דאָך נישט געקאָנט צוזען, ווי ער פּאַטשט זיך אין בויך, ווי ער מאַכט אַזאַ אומשולדיק פּנימל, גלייך ער וואָלט נישט געקענט קיין צוויי ציילן. זיי האָבן גאַנץ גוט געוווּסט, אַז שוין אַ צייט לאַנג ווי פּאַביאַש רוימט אַראָפּ בשתיקה עסנ־וואַרג און באַהאַלט עס ביי זיך. ביי אים אין דער וואַליזע איז שוין אַ גאַנצער שפּייז־סקלאַד און די שטשאַרעס האָבן זיך ביי וואָס צו פּאַרען. שוין נישט איינמאָל האָט מען אונטערגעקוקט, ווי ער שלעפּט עפּעס בגנבה פון די קעשענעס. איצט איז געקומען די צייט דער בלאָטער זאָל פּלאַצן!...

און טאַקע שוין, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט אַ רגע צו פאַר־לירן האָבן פּאַביאַשעס שונאים געשלעפּט אַלעמען אין דער קאַבינע אריין צו זיין וואַליזע, מ׳זאָל זען וואָס דאָרטן טוט זיך.

נאָך דער מעשה איז פּאַביאַש אַרומגעגאַנגען, ווי נישט אויף דער וועלט, אויסגעמיטן יעדן איינציקן, זיך באַהאַלטן פאַר מענטשן און מ׳האָט באַשיינפּערלעך געזען, אַז אין דעם יונגענ־מאַן, וואָס איז אַמאָל געווען אַזאַ תקיף, וואָס האָט אַזויפיל גע־שטעלט אויף זיך, קומט עפּעס פאָר. ס׳איז שוין נישט דערזעלבער מענטש. ר׳ לייזער דער שפּייז־קרעמער האָט טאַקע געמוסרט די יידן, וואָס זענען זיך צוזאַמענגעקומען שבת צו דאַוונען מיט מנין. ר׳ לייזער, וואָס האָט געקענט דעם לוח פון אויסנווייניק, געגוי

געפירט חשבון, געוווסט ווען ס'איז שבת און ווען ס'פאלן אויס די יום־טובים, האט געטענהט:

— נישט געטארט אים אזוי מביש זיין, פאביאשן... — האט ער גערעדט האלב צו די יידן און האלב אין דער שמאלער און דארער באָרד זײַנער, וואס האט לכבוד שבת אויס־געזען עפעס פריש און בהרחבהדיק — א ייד גנבעט נישט... ער האט עס מן־הסתם געטון בשוגג. אזא זאך וועט בלײַבן א פלעק אויף אים לעולם ועד!... און וואס פארא חטא איז ער דא אומ־שטיינס געזאגט באגאנגען... פקוח נפש איז אפילו דוחה שבת... איינער האט שטארקערע נערוון און האלט אלץ איבער און איינער האט, לא־עלינו, שוואכערע נערוון און ברעכט זיך... באו מים עד נפש... אומזיסט מצער געווען א יידן... ער קען זיך נאך חלילה א מעשה אנטון!...

פאביאש האט זיך אויף אן אמת געבראכן. דערצו האט זיך מיט אים נאך פארלאפן אן אנדער אומגליק, וואס האט אים שוין צו דער רעשט אויס מענטש געמאכט. דאס אומגליק האט דווקא מיט אים געמוזט טרעפן. פאביאש האט זיך די קשיא אליין גע־פרעגט, געשריגן אויף זיין מיידעלע, וואס האט פלוצים אינמיטן העלן טאג היץ באקומען, דער קאפ האט איר זייער ווי געטון, און די פיס האבן זיך ביי איר אונטערגעבראכן. ער איז ארײַנ־געפאלן אין א גרימצארן, געוועזן אויף זיך אליין אש־להבה און אויך נישט געשווינט דאס קינד זיינס, ווי עס וואלט אין עפעס שולדיק געווען:

— שלימזל, ס'איז דיר גארנישט! — האט ער אויסגעלאזט צום קינד דעם כעס, ווען ס'האט זיך באקלאגט פאר אים, אז ס'קען נישט פון מידקייט קיין טריט שטעלן. — דו רעדסט דיר איין!... דו פיעשטשעסט זיך! ס'עט באלד אריבערגיין!... פונקט האט דאס אומגליק מיך געהארפט טרעפן!...

ער האט טאקע נישט געקוקט וואס דאס קינד קרעכצט, נישט געוואלט גארנישט הערן, נישט געוואלט פון גארנישט וויסן און געלאזט די טאכטער ארומגיין, ווי קיין זאך וואלט נישט געשען. ער האט אפילו אנגעזאגט די טאכטער זי זאל דערוויל גארנישט דער מאמען דערציילן, ס'זאל זיין שא־שטיל, קיינער זאל פון גארנישט

געוואָר וועלן. אין דער שטיל האָט ער אַנגענומען דאָס קינד ביים הענטל און אַוועק דערמיט אויף דער דעק. דאָרטן האָט ער זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל, זיך אַוועקגעזעצט אויף דער פרישער לופט, כדי דאָס קינד זאָל צו זיך קומען. און טאַמער איז וועגן דורכגעגאַנגען, געפרעגט וואָס עס פלאַמען ביים מיידעלע אַזוי שטאַרק די בעקעלעך, האָט ער קורץ און שאַרף אָפּגעהאַקט:

— ס'איז גאָרנישט! ס'איז איר בלויז אַביסל נישט גוט געוואָרן... זיץ איך מיט איר אויף דער פרישער לופט...

אָבער לאַנג האָט זיך פּאַביאַש מיטן קינדס חולאת נישט געקאָנט אויסבאַהאַלטן. ביינאַכט איז די טאָכטער אַוועקגעפאַלן אין שטאַרקער היץ און דאָס גאַנצע קערפּערל ביי איר איז אויסגעשיט געוואָרן מיט רויטע פלעקן. דאָס ווייב איז אַרויף אויף אים, געהאַט צו אים טענות, וואָס ער האָט איר נישט באַלד וועגן אַלעמען דערציילט:

— משוגענער!... מערדער!... באַנדיט!... — האָט זי אים געזידלט — וואָס מענטשן זאָגן אויף דיר, זענען זיי כשר גערעכט! אַז מ'זאָגט שיכור, לייגט מען זיך שלאָפן! האָסט מיר געוואָלט אומברענגען דאָס קינד! האָסט דאָך אַ האַרץ, ווי אַ שטיין! מענטשן ראַטעוועט! אוי, טאָכטער מיינע... וואָס איז דיר, וואָס?...

אָבער פּאַביאַש האָט זי נישט געלאָזט שרייען, זי נישט געלאָזט רופן קיין מענטשן, פאַרשטאָפּט איר דאָס מויל:

—ש-ש-ש... — האָט ער זיך געבעטן ביי איר — אפשר וועט ביז אינדערפרי די היץ אַריבערגיין... אַז מענטשן וועלן נאָך דערהערן, וועט מען דיך באַלד מיטן קינד אַרויסוואַרפן פון דאַנען!... מ'קען דען עפּעס וויסן?... אפשר איז דאָס חלילה...

פּאַביאַש האָט נישט דערזאָגט, פאַרצווייפלט אַראָפּגעלאָזט די הענט. אָבער ער האָט נישט געדאַרפט דערזאָגן, ווייל אין דער תנועה זיינער האָט דאָס ווייב באַלד פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט. ווי דורך אַ געהיימען צייכן האָבן זיי איצטביידע געשוויגן, געוואַרט וואָס דער פרימאָרגן וועט ברענגען...

דער פרימאָרגן האָט גאָרנישט געבראַכט, דעם קינד איז נישט בעסער געוואָרן. אַ גאַנצע נאַכט האָט די מאַמע נישט

צוגעטון קיין אויג, צוגלייך מיטן קינד זיך געדרייט און געוואָרפן אויפן געלעגער, אַלעמאָל אין העמד אַראָפּגעגאַנגען אַ קוק צו טון, וואָס די טאָכטער מאַכט. נאָך אַ גאַנצער נאַכט זיך וואַרפן אין גרויס היץ איז דאָס מיידעלע אינדערפרי איינגעשלאָפן, אַרײַנגעפאַלן אין אַ הינער־פּלעט, געזעדט כסדר פונם וועג, אַלע פּאָר רגעם אויפגעקומען און געשריגן, אַז ס׳גייט איר ווער נאָך, אַז מ׳יאָגט זי און אַז די שיף ברענט...

ווי פּאַביאַש האָט זיך נישט געוואָלט אויסבאַהאַלטן מיטן אומגליק, נישט געוואָלט קיינער זאָל דערפון געוווּיר ווערן, האָבן שוין אַלע באַלד דעם זעלבן פרימאָרגן אַלץ געוווּסט, זיך איבערגעגעבן אין גרויס מורא:

— ביי פּאַביאַשן איז דאָס מיידעלע אַוועקגעפאַלן!... ס׳איז נישט עפּעס אַנדערש ווי טיפוס!... זאָל פּאַביאַש נישט דרייען קיין ספּאָדיק!... מ׳דאַרף זען עפּעס וואָס צו טון! די מגפה קען זיך לייכט צעשפּרייטן!... איוב׳ס צרות האָבן זיך אויסגעגאָסן אויף דעם יידס קאָפּ!...

די יידן האָבן געוואָלט לויפן צום קאַפּיטאַן און אַלץ דערציילן, אָבער זיי האָבן דאָס נישט געטון, כדי נישט מצער צו זיין פּאַביאַשן. קודם־כל האָבן זיך די אַלע, וואָס זענען געשלאָפן מיט פּאַביאַשן אין דער דושנער, ברודיק־הייסער, פינסטערער קאַבינע, אַרויסגעצויגן פון דאָרט, זיך פאַרקליבן ערגעץ אַנדערש. פּאַביאַשעס קאַבינע איז געבליבן ליידיק, קיינער האָט דאָרט מער נישט אַרײַנגעשטעלט קיין פוס. בלויז דער באַרימטער וואַרשעווער דאָקטער האָט זיך אינעווייניק כסדר געפּאָרעט, געקומען אַלעמאָל צולויפן מיט זיין גאַנצן קלאַפּער־געצייג, מיט די פּאָר אָפּגעראַטעוועטע אינסטרומענטן זיינע און מיטן ביסל מעדיצינען, וואָס ער האָט אָפּגעהיטן, ווי דאָס אויג אין קאָפּ. אויך האָט בראָניע פעלדבוים אינגאַנצן נישט מורא געהאַט, נישט געקוקט אויף גאָרנישט און צוזאַמען מיט דער פרוי פּאַביאַש נישט אָפּגעטרעטן פונם קינד. וואַסער איז נישט געווען צו באַקומען, חוץ די פּאָרציעס אַלע טאָג, וואָס זענען קוים פאַר זיך גענוג געווען. פונדעסטוועגן האָט זי געבראַנגט פון ערגעץ אַ קרוג מיט וואַסער, צוגעלייגט קאַלטע קאָמפּרעסן דעם קינד, געפּאָלגט

אלץ, וואָס דער דאָקטאָר האָט איר געהייסן, זיין רעכטע האַנט געווען. בעת דער דאָקטאָר האָט דאָס מיידעלע באַטראַכט, געמאָסטן די היץ, האָט זי עס צוגעהאַלטן, באַרואיקט, איינגענומען, דערציילט פאַרשידענע מעשיות, געווען אַ גרויסע הילף פאַר דער מאַמען.

דער דאָקטאָר האָט אויפגעלעבט, אַ נייע נשמה איז אין אים אַריין. די גרויע, דיקע, פּריציש־שטאָלצע וואָנסעס האָבן זיך ביי אים האָפּערדיק געהויבן אויף און אָפּ און דער ברייטער, שוואַרצער קינסטלער־קאַפּעליוש איז געזעסן אויף זיין ברודיק־ווייסער פּאָלקע, וואָס האָט געהאַט דעם קאָליר פון אַלט, פאַרטונקלט זילבער, גאָר אַנדערש ווי ביז אַצינד — געזעסן ווווילעריש און פּאַריסן־שטאָלץ. די אויגן האָבן ביי אים געשיינט, ווי ביי אַ געפאַלענעם, וואָס איז פּלוצים אויפגעריכט געוואָרן. ער האָט כסדר יראת־הכבודיק און אָפּגעהיטן געפּוצט די מכשירים זיינע מיט אַ טיכעלע, וואָס איז געווען אַזוי שפּיגלדיק־ריין, אַז ס'האָט אַזש געריסן אין אויג און בלאַנקנדיק־ווייס אַרויסגעשיינט פון די אַלע אָפּגעלאָזן־שמוציקע בגדים זיינע. ווי אַ פרומער ייד האָט ער אַלעמאָל די הענט באַנעצט מיט וואַסער, געריבן זיי מיט זייף. די הענט האָט ער נישט אָפּגעווישט אין דעם האַנטוך, געהאַלטן זיי אין דער לופטן, געוואַרט זיי זאָלן זיך פון זיך אליין אויסטרייקענען. ער האָט אַרומגעהאַוועט, זיך געפּאָרעט, אַז גרויסע טראָפּנס שווייס זענען אים אויפן שטערן אַרויס, גערעדט כסדר וועגן ריינקייט, היגיעניע, כאָטש ער איז אַליין ווייט נישט ריין געווען.

פונדעסטוועגן איז דעם דאָקטאָר גאָר נישט גלאַטיק געגאַנגען, ער האָט געהאַט פיל אַרבעט מיטן מיידעלע, וואָס האָט זיך פאַר אים געשעמט, זיך נישט געלאָזט אויפדעקן דאָס העמדל, נישט געלאָזט זיך פון אים בשום־אופן באַטראַכטן דאָס נאַקעטע, פון דער היץ צעשרפהטע לייב. ווי בראַניע האָט דאָס קינד נישט איינגענומען, דערציילט עס פאַרשידענע מעשיות, געוואָלט עס פאַרעדן, האָט עס זיך אָבער נישט געלאָזט דאָס לייב אויפדעקן בשעת דער דאָקטאָר איז דערביי געשטאַנען. דאָס קינד האָט געוויינט, געשריגן, געהייסן דעם דאקטאר אוועקגיין. און אז

ס'האָט ביים קינד מיט געוואַלט דאָס העמדל אויפגעהויבן, האָט עס זיך מיט די לעצטע כוחות געראַנגלט און דאָס צוריק אַראָפּ-געשלעפּט. אויך האָט דאָס מיידעלע זיך בשום-אופן נישט געלאָזט אָפּשערן די גערינכטע בלאָנדע צעפּלעך און מיט די הענט פאַר-דעקט דעם קאָפּ, ווי ס'טוען עס געוויינטלעך יידישע יינגלעך, ווען זיי בלייבן שטיין אין די בלויזע קעפּ פאַרן יויזל. כאָטש דאָס מיידעלע האָט אַלעמאָל פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין, גערעדט נישט צו דער זאַך, איז זי אָבער באַלד צו זיך געקומען, געוואָרן מיטאַמאָל ניכטער און וואַך. ווען בראָניע האָט זיך מיט דער שער צו אירע צעפּלעך פאַרגנבעט. זי האָט בראָניען געטריבן פון זיך, נישט געוואָלט זי מער זען און מיט טרערן אין די אויגן, וואָס זענען געווען שוין זייער מיד און אָפּגעשוואַכט פון דער היץ און פון עלעקטרישן ליכט, וואָס האָט דאָ שטענדיק געברענט, זיך געבעטן ביי דער מאַמען:

— מאַמע, ווו ביזטו?... — האָט זי געזוכט די מאַמען, וואָס האָט זיך אומישנע ערגעץ פאַרשטעקט, כדי זי זאָל ביי איר קיין הילף נישט בעטן—כ'וויל נישט מען זאָל מיר אָפּשערן די האָר!... כ'וויל ני-שט, מאַמע!...

דער דאָקטאָר האָט שווער געאַרבעט, זיך געדרייט אויף איין אָרט פון גרויס הילפלאָזיקייט, זיך נאָכאַנאַנד געווישט דעם שווייס פון שטערן און צענומען אַלעמאָל די הענט, ווי איינער וואָס האָט נישט קיין שום אויסוועג. ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן. דאָס קינד איז געווען איינגעעקשנט און פּאַביאַש האָט געמוזט צוהילף קומען דעם דאָקטאָר. און ערשט דעמאָלט ווען דער טאַטע האָט נישט מיט זיין קול א הוקע געטון אויף דער טאָכטער, האָט זי אוועקגענומען די הענט פון דעם קאָפּ. בעת די גערינכטע בלאָנדע צעפּ זענען, ווי לעבעדיקע אָפּגעשניטענע אברים, אויפן בעט געפאַלן, האָט דאָס קינד זיי אָנגעקוקט מיט טרויעריקע אויגן, נישט געקענט פון זיי אָפּרייסן דעם בליק. זי האָט זיך געהייסן די צעפּ דערלאַנגען, זיך געשפּילט מיט זיי, נישט געוואָלט בשום-אופן זיי אַרויסלאָזן פון די הענט. עס איז קוים מיט צרות געלונגען דער מאַמען די האָר אַרויסצונאַרן ביי דער טאָכטער. זי

האָט איר געמוזט איינרעדן, אַז ווי נאָר זי וועט געזונט ווערן, וועט זי צוריק די צעפּ באַקומען...

דער דאָקטאָר האָט נישט געזשאַלעוועט די כוחות, נישט אָפּגעטרעטן פון דעם קינד, נישט בייטאָג און נישט ביינאַכט, אָבער ס'איז אומזיסט געווען די טרחה — קיין בעסערונג איז נישט געקומען. אויף דער שיף האָבן שוין אַלע געוווּסט, אַז פאַביאַשעס טאָכטער האָט טיפוס. דאָס יינגעלע האָט מען שוין לאַנג ביי פאַביאַשן צוגענומען, ער איז געשלאָפן ערגעץ אַנדערש. מ'האָט זיך אַרומגעדרייט אין גרויס שרעק, מורא געהאַט דער טיפוס זאָל זיך נישט פאַרשפּרייטן און ס'זאָל נישט אויסברעכן אַ מגפה אויף דער שיף. שטילערהייט האָט יעדער אין זין געהאַט, אַז די גלייכסטע זאַך וואָלט געווען, מ'זאָל גאָרנישט מער אויסבאַהאַלטן און גיין צום קאַפּיטאַן און אים אַלץ דערציילן. קיינער האָט דאָס אָבער נישט געוואָלט טון, מורא געהאַט עס פאַרן מויל צו ברענגען. דער ערשטער ווער ס'האָט דאָס פריי און אָפן אַרויסגעזאָגט, איז געווען זיינוול ראָכמאַן. אָט דער שטענדיק מיושב־דיקער זיינוול ראָכמאַן, וואָס האָט קיינמאָל נישט דעם קאָפּ פאַרלוירן, האָט געזאָגט אָפן און קלאָר, אַז ס'איז שוין די העכסטע צייט מ'זאָל גיין צום קאַפּיטאַן און אים זאָגן, וואָס דאָ קומט פאָר. ער זעט דאָך אָבער, אַז קיינער וויל נישט צולייגן אַ האַנט צו דעם, וועט ער זיך אַליין מוזן מטריח זיין און דאָס טון. איי, מ'וועט זאָגן אויף אים, האָט ער געזאָגט מיט זיין באַריכותדיק, חשוב קול, אַז ער איז אַ מסור, איז אויב ראַטעווען אַ שיף מיט יידן הייסט מסרן, איז ער אַ מסור און ער נעמט בתשואת־חן די זינד אויף זיך!

צי ר' זיינוול ראָכמאַן איז געגאַנגען צום קאַפּיטאַן, צי נישט, איז מען קיינמאָל נישט געוויער געוואָרן. אָבער נאָך דעם זעלבן טאָג, ווען ער האָט זיך אַזוי שיין אָוועקגעשטעלט דרשנען, זענען צוויי מאַטראָזן מיט עפּעס אַן עלטסטן, אַ דאָקטאָר, פּלוצים אַריינגעקומען צו פאַביאַשן אין דער קאַבינע און צוגענומען ביי אים דאָס קינד.

פאַביאַשעס ווייב, נישט טויט, נישט לעבעדיק, האָט זיך אַוועקגעשטעלט בעטן ביים עלטסטן, מ'זאָל ביי איר נישט צונע־

מען די טאָקטער, אויפגעוויזן, אַז ס'איז איר גאָרנישט, זי האָט זיך בלויז אַביסל צוגעקילט און האָט באַקומען אַביסל היץ — אָבער ס'האָט איר גאָרנישט געהאָלפן. דער עלטסטער — אַ נידעריקער, אַ ברייטלעך־קרעמפּער, אַ געפּוצטער — האָט צומאָל אַ בליק איר נישט געשענקט, ווי ס'וואָלט קיינער צו אים נישט גערעדט. אויך האָט ער די טאָקטער נישט באַטראַכט, בלויז איין בליק געוואָרפן אויף איר און אויף זיין פרעמדן לשון מיט אַ סך כעס באַפּוילן עפּעס די מאַטראָזן, וואָס האָבן שוין גרייט געמאַכט דאָס טראָג־בעטל. די פרוי פּאַביאַש האָט געשיקט רופן דעם גריך, וואָס איז צוזאַמען מיט זיי אויף דער שיף געפאָרן, געמיינט, אַז ער וועט קענען ווייך מאַכן דאָס האַרץ פונם עלטסטן, אָבער אויך ער האָט גאָרנישט געפּועלט. דעמאָלט האָט פרוי פּאַביאַש פון גרויס צרות אָנגעהויבן צו ווינקען צום מאַן, ער זאָל נישט שטיין, ווי אַ גולם און נאַריש גלאָצן, נאָר ער זאָל זען עפּעס וואָס אויפ־צוטון. אָבער פּאַביאַש האָט ווייטער נאַריש געגלאָצט, זיך נישט גערירט פונם אָרט און גאָרנישט אויפגעטון. די פרוי פּאַביאַש האָט אָנגעכאַפּט דעם עלטסטן ביים אַרבל, אים נישט אָפּגעלאָזט:

— האַר־לעבן!... דאָקטאָר־לעבן!... פּאַניע!... — האָט זי גע־רעדט צום עלטסטן פּויליש — האָב גאָט אין האַרצן... נעם נישט אוועק ביי מיר מיין טרייסט! ליכטיקער הער... מער ווי צוויי פּיצלעך קינדער פאַרמאָג איך נישט!...

דער עלטסטער האָט אָבער אויף איר נישט געקוקט, נישט פאַרשטאַנען, וואָס זי רעדט, אַרויסגעריסן פון אירע הענט דעם אַרבל און אים אָפּגעשטויבט, ווי ס'וואָלט אויף אים אַ מיאוסער שרץ געקראָכן. פרוי פּאַביאַש האָט זיך פּלוצים אויסגעדרייט צו אַלע מיט דער פּלייצע, לאַנג זיך געפּאָרעט מיט ציטערנדיקע פינגער ביים בלוזקעלע, אַרויסגעצויגן פון דאָרט אַ קליינע בראָש, באַשטעקט מיט עטלעכע פּיטשינקע דימענטלעך. די בראָש האָט זי דערלאַנגט דעם עלטסטן און צו אים געזאָגט:

— נאַ, דאָקטאָר־לעבן, די בראָש...—האָט זי צו אים נאָך אַלץ גערעדט אויף פּויליש — דאָס איז אַלץ, וואָס כ'האָב... די בראָש האָב איך אַרויסגעראַטעוועט און געהאַלטן אויף אַ שוואַרצער שעה... אַצינד איז די שוואַרצע שעה געקומען... נאַ, נעם, פּאַניע...

דער עלטסטער האָט די בראָש זשעדנע אין האנט אריין גענומען, זי מבינ‑יש‑לאנג באטראכט, צי זי איז עפּעס ווערט, זיך געישובט, צי נעמען, צי נישט און צום סוף זי צוריק אָפּגעגעבן. דערוויילע האָבן די מאַטראָזן אָנגענומען דאָס קינד, וואָס איז שוין לאנג ביים באוווסטזיין נישט געווען, נישט אויפגעמאכט אפילו די מידע אויגן און עס ארויפגעלייגט אויפן טראָג־בעטל. די פרוי פּאַביאַש האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר, זי פּאַרשטעלט מיט ביידע הענט, ווי מיט פליגל און נישט געלאָזט ארויס דאָס טראָג־בעטל.

— דאָ וועל׳ך שטיין!... — האָט זי געזאָגט מיט א סך אנטשלאָסנקייט אין קול — כ׳וועל אייך נישט ארויסלאָזן פון דאנען!... סיידן איר וועט גיין איבער מיין טויטן גוף!....

מען האָט זי אָפּגעשטויסן, אזא שטארקן שטופּ איר געטון, אז זי איז געפאלן אויף דער ערד. די מאַטראָזן זענען ארויס מיטן טראָג־בעטל.

פאַר דער טיר זענען געווען פיל יידן פּאַרזאַמלט, זיך אָנגענומען פאַר דער פרוי פּאַביאַש, הלמאי מען האָט זי אַזוי אומברחמנותדיק אָפּגעשטופּט, אַז זי איז אַזש אויף דער ערד געפאלן. די ערשטע האָבן זיך ארויסגעשטעלט נאַטאַן און נח דער „רויטער,” בראָניע פעלדבוימס ברודער.

— פּאָרזיכטיקער אביסל!... — האָט נאַטאַן געזאָגט — שטופּט נישט!... ווי אַזוי באַציט איר זיך צו פּאַסאַזשירן?!...

די מאַטראָזן האָבן אים אָנגעקוקט פון אויבן אראָפּ, ווי זיי וואָלטן נישט פארשטאנען פון וואנען עס נעמט זיך צו דעם יונגענמאן אָט אזא גרויסע חוצפּה און זיך צעלאכט הויך אויפן קול.

— פּאַסאַזשירן?... וואָס פאַרא פּאַסאַזשירן זענט איר?!... א באַנדע שלעפּערס זענט איר אלע!... וורּאָמערי אָווּרעי!... — האָט זיך אָנגערופן דער קלענערער מאַטראָז, א ברייט־פּלייציקער, א שוואַרץ־אָפּגעברענטער, מיט א שראַם לענג־אויס דעם פּנים און מיט א פּאָר שטאַרקע ידים, אויף וועלכע עס איז געווען אויסטאַטואירט א נאַקעטע טענצערין מיט הויכע און שלאַנקע פיס. נאַטאַנען איז דאָס בלוט אנטרונען פון פּנים, די גרויע אויגן

זענען איינגאנצן ווייס געוואָרן און די ליפּן האָבן געציטערט. ער האָט געוואָלט וואָס טיפער אריינזאָגן די מאַטראָזן, אָבער ס׳האָבן אים אויסגעפּעלט ווערטער. א קנויל איז אים שטעקן געבליבן אין האלז, נישט געקאנט ארויס. נח איז אים צוהילף געקומען, גערעדט מער מיט די הענט, ווי מיטן מויל, מער אין יידיש, ווי אין דער פרעמדער שפּראך:

— ציט שוין צוריק די ווערטער!... — האָט ער זיך געריסן דעם גאָרגל, די שווארצע געקרויזלטע האָר האָבן אים געפּאטשט דאָס פּנים און די אויגן האָבן געברענט מיט שנאה, גרייט דורס צו זיין יעדן, וואָס וועט זיך אים אין וועג שטעלן — ציט שוין צוריק די ווערטער!... מיר וועלן זיך נישט לאָזן טרעטן מיט דער בלאָטע צוגלייך! מיר פארלאנגען א מענטשלעכע באהאנדלונג!... מיר זענען מענטשן!...

— מענטשן זענט איר?!... וואזשנע מענטשן!... מ׳טליקעט אייך פון אומעטום ארויס און מ׳לאָזט אייך נישט אינערגעץ אריין!... טיר און טויער איז פארהאקט פאר אייך!... ביי קיין שום פּאָרט קענען מיר זיך נישט אָפּשטעלן! אומעטום האָט מען מורא איר זאָלט זיך נישט צוטשעפּען און נישט וועלן אוועק!... — האָט מיט א סך גיפט א שטאָך געטון דעם צעהיצטן נחן דער העכערער מאַטראָז, א שנעלער, א דארער, מיט א קאָפּ שווארצע האָר, מיט א וויגנדיקן גאנג און מיט א קנאָפּ, וואָס איז אים ארומגעפלוינגן אויפן האלז ארויף און אראָפּ, ווי א מייזל.

דאָס קופּקעלע יידן האָט זיך א וויג געטון, איינגעהאלטן נחן, וואָס איז שוין נישט געווען מער ביי זיך אין די הענט און אלע אויפאמאָל ארויפגעפאָרן אויף די מאַטראָזן און דער עיקר אויפן עלטסטן, וואָס איז אין אלע צרות שולדיק. כאָטש קיינער האָט פיל נישט פארשטאנען פון דעם, וואָס דער מאַטראָז האָט מיט אזויפיל כעס אָפּגעגרעגערט, אָבער די איינצלנע יאָ פארשטא-נענע ווערטער האָבן שוין געטון ווייי געטון. אלע האָבן אין איין קול געשריגן אויף יידיש:

— העי דו, באליידיק נישט קיין פּאסאזשירן!... רעכן דיך מיט די רייד!...

— ס׳איז א בושה און א חרפּה אזוי צו רעדן!...

— מיר ווילן איר זאָלט אונז באַהאַנדלען, ווי מענטשן, נישט ווי הינט!... הינט באַהאַנדלט מען בעסער!...

— עסן ווילן מיר! אליין פרעסט איר און טרינקט און מיר האָבן שוין לאַנג קיין שטיקל ברויט פאַר די אויגן נישט געזען!... פון פלייש איז שוין אָפּגערעדט!... דאָס געקעכץ שפּירט זיך ביז הלשות, קלעפּט זיך צו די ציין, ווי סמאָלע! מען קען עס אין מויל אריין נישט נעמען!... ס'איז אַ ריינע קרענק!...

דערהערט, אַז עס גייט וועגן עסן, האָט זיך מאַרקוס פעלד־בוים דער „אָקס" אַ שטעל געטון פאַר אַלע און מיט זיינע ריזיקע הענט זיך געקלאַפּט אין האַרץ, אַז ס'האָט אַזש אָפּגעהילכט:

— מיר ווילן עסן!... — האָט ער געשריגן — מיר זענען הונגעריק!... איר הונגערט אויס די פּאַסאַזשירן!... די וועלט איז נאָך נישט הפקר!...

בעת די מאַטראָזן האָבן דערזען, אַז עס איז נישט קיין גע־לעכטער, אַז דאָס בינטל יידן ווערט גרעסער, האָבן זיי אַ כאַפּ געטון דאָס טראָג־בעטל און אַוועק. זיי זענען אָבער נישט שולדיק געבליבן די יידן קיין ענטפער, פון וועג אַ געשריי געטון אויף צוריק:

— אומזיסטע פרעסערס!... שמוציקע יידן!... וואַמערי אָוורעי!...

ווען די מאַטראָזן זענען אַוועק, האָט זיך פּאַביאַש ארומגעזען, אַז די בראָש פעלט. ער האָט געמיינט, אַז דאָס ווייב, וואָס איז נאָכגעלאָפן נאָכן טראָג-בעטל, האָט די בראָש באַהאַלטן. אָבער זי האָט נישט געוווּסט פון קיין פּותר־חלום...

באַלד האָט זיך דער עלטסטער מיט איינעם פון די צוויי מאַטראָזן צוריק אומגעקערט צו פּאַביאַשן אין דער קאַבינע אריין. דער מאַטראָז האָט ארויסגעוואָרפן פּאַביאַשעס וואַליזע, אויסגעשפּריצט די קאַבינע מיט קאַרבאָל און פאַרהאַקט די טיר מיט טשוועקעס. פּאַביאַשן מיט זיין בני־בית צוזאַמען מיט זיין וואַליזע האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך, זיי געפירט, ווי אַרעסטאַנטן.

שפּעטער אַביסל, ווען אויף דער שיף איז צוריק שטיל גע־וואָרן, האָט מען געזען, ווי דער באַרימטער וואַרשעווער דאָקטאָר

מיט די פּאר מכשירים זיינע אין דער האַנט און מיטן ברייטן שוואַרצן קאַפּעליוש טיף אַנגערוקט אויפן שטערן, גייט מיט שטאָלצע, זיכערע טריט אין דער ריכטונג, וווּ עס געפינט זיך די קאַבינע פונם קאַפּיטאַן. קיינער האָט נישט געוווּסט וווּ ער גייט און וואָס מיט אים איז פּלוצים געשען. באַלד איז אָבער אַלץ קלאָר געוואָרן, ווייל פון קאַפּיטאַנס קאַבינע האָבן זיך מיט־אַמאָל דערהערט קולות. מען האָט זיך אונטערגעגנבעט צו דער טיר און אונטערגעהערט, ווי דער דאָקטאָר קלאַפּט דאָרט אין טיש, שרייט און בייזערט זיך און פאַרלאַנגט, מ׳זאָל אים אריינ־לאָזן צום קינד. ער האָט די קליינע אַנגעהויבן צו היילן און ער וויל מ׳זאָל אים צולאָזן צו איר. ער האָט רעכט דערצו. ער האָט פּערציק יאָר פּראַקטיק הינטער זיך, ער איז נישט קיין יינגעלע דאָרט!

ס׳האָט אים אָבער נישט געהאָלפן זיין בייזערן זיך, זיין קלאַפּן אין טיש — אין שפּיטאָל אריין האָט מען אים נישט אריינגעלאָזט. ער איז אַרויס פונם קאַפּיטאַן זייער אָפּגעשמיסן און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. פּונקט אַזוי שטאָלץ און זיכער ווי ער האָט זיך געלאָזט צום קאַפּיטאַן, אַזוי געפאַלן און נע־בעכדיק איז ער פון אים אַרויס. ער האָט קוים געשלעפּט די פיס, געגערעדט צו זיך אַליין:

— פּערציק יאָר פּראַקטיק הינטער זיך!... פּערציק יאָר!... אַזויפיל קראַנקע זענען שוין דורך מיינע הענט אַדורך!... וואָס איז געוואָרן פון דיר, דר. בראָניסלאַוו מירסקי?...

פּלוצים האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אַ וואָרף געטון די מכשי־רים זיינע צו דער ערד, זיי אַ שאַר געטון מיטן פוס, ווי אַן איבעריקע זאַך. באַלד האָט ער אָבער זיי צוריק אויפגעהויבן, אָפּגעווישט פונם שטויב און ווייטער אַוועק זיין וועגס.

שפּעט נאָכמיטאָג האָט זיך פּאַביאַש מיט זיין הויזגעזינד צוריק אומגעקערט פון דער דעזינפעקציע. דער קאָפּ איז געוועזן ביי אים אָפּגעגאָלט און די מלבושים צעקנייטשט, באַדעקט מיט געלע פלעקן. ער האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך ערשט פון תפיסה אומגעקערט. אויך דאָס ווייב האָט געהאַט אַן אָפּגעשוי־רענעם קאָפּ, פול מיט „טרעפ,״ ווי ביי אַ קליין יינגל. און זי

האט טאקע אויסגעזען ווי א קליין יינגל, יינגער געווארן מיטאמאל אויף א העלפט יארן, זי האט נארישלעך געשמייכלט, זיך זייער געשעמט, באלד אנגעטון א טיכל אויפן קאפ, פארשטעלט די בושה...

באלד ווי פאביאש האט זיך אומגעקערט, האט זיך פארשפרייט די ידיעה, אז אלע, וואס שלאפן מיט אים אויפן אונטערשטן דעק, וועלן מוזן גיין צו דעזינפעקציע. עס זענען טאקע געקומען מיט אים צוזאמען א פאר מאטראזן, געזוכט אין די קאבינעס, ארונטערגעקוקט אונטער די בעטלעך, געגישטערט אין יעדן ווינקעלע, געשריבן עפעס אין א נאטיץ־ביכל, אויסגערופן נעמען, זיך געבייזערט, געמאכט קולות און זיך געהייסן אלע אויסשטעלן אין א ריי. די מאטראזן האבן אויסגענוצט זייער מאכט, אונטערגעטריבן יעדן, אונטערגעשטארקעט, געווארנט, אז קיינער זאל נישט אנטלויפן, זיך נישט אויסבאהאלטן, ווייל עס איז נישטא קיין צייט—די נאכט פאלט באלד צו. די יידן האבן זיך דערשראקן, געשטאנען אין דער ריי, און געהארכזאם, ווי א סטאדע שעפסן, זיך געלאזט פירן פון די מאטראזן. יעדער האט געטראגן מיט זיך זיין האב און גוטס, ווער אן אפגעריבענע וואליזע, ווער א טלומיקל און עס האט אויסגעזען, ווי זיי וואלטן זיך אלע געקליבן ערגעץ אין א ווייטן וועג אריין. יעדער איינער האט געפאלגט, געטון אליץ, וואס די מאטראזן האבן געהייסן, בלויז בראניע פעלדבוים האט געארבעט מעשים, געשריגן, אז זי איז נישט ברודיק, זי וועט די בושה נישט איבערטראגן, מען זאל זי שלעפן צו דער דעזינפעקציע, ווי די ערגסטע שלעפערין. חוץ דעם וועט זי זיך נישט לאזן אפשערן די האר, זי וועט זיך דאס לעבן נעמען, שפרינגען אין וואסער אריין, איידער אויסשטיין אזא בושה. און שוין באצייטנס האט זי צוגעהאלטן מיט די הענט דעם קאפ, ווי עס האט געטון פאביאשעס מיידעלע. פלוצים איז זי ארויסגעלאפן פון דער ריי, פארשוווגדן ערגעץ, זיך געזוימט א שטיקל צייט און צוריקגעקומען מיט א נצחונדיק און סודותדיק פייערל אין די פארוויינטע, רויט־אויפגעשוואלענע אויגן. לאנג האט זי אבער דעם סוד נישט געקענט האלטן אין זיך, זיך ארויסגערעדט און מיט א ווונק געגעבן אנצוגעהערן

אז ביי די ווייבער, וואס האלטן זיך ריין, ווערט מען די האר לאָזן, בלויז אונטערשערן אביסל.

צווישן די, וואס מען האט געפירט צו דער דעזינפעקציע, איז אויך געווען אידע. זי איז געשטאנען מיט אן אויפגעהויבענעם קאפ, נישט געענטפערט נאטאנען, וואס האט זי פונדערווייטנס מיטן בליק געטרייסט, זי זאל זיך פון גארנישט איבערנעמען.

נאטאן האט אויף אידען געווארט די גאנצע צייט. וואס זי האט זיך געזוימט און אז זי האט זיך אומגעקערט מיט אן אונטערגעשוירענעם קאפ, האט ער זיך געוויצלט מיט איר, אז איצט זעט זי אויס פיל שענער, ווי פריער. צו איר גרעבלעך־מענערייש קול און צו איר אייגנעשפארטקייט, פאסט איר דער יינגליש־אפגעשוירענער קאפ.

— דו זעסט איצט אויס ווי א יינגל, א לאָבוז... — האט ער איר א קוש געטון אין די מיאוס־אָפגעהאקטע האר — א שלעכט לאָבוזערסקע בחורל... ס'פאסט דיר זייער שיין...

עס האט אבער גארנישט געהאָלפן, די גאנצע ארבעט איז געווען ארויסגעוואָרפן, ווייל באלד אויפדערנאכט זענען פלוצים אוועקגעפאלן ר' לייזער דעם שפייז־קרעמערס ווייב און זיינס א זון, א בחורל מיט לאנגע פאות, פארשטעקט הינטער די אויערן און מיט א יידיש היטעלע אויפן קאפ. ר' לייזער איז אליין וועגן דעם באלד גענאנגען מעלדן און מען האט זיי אוועקגעכאפט אין שפיטאל...

## VI

צומארגנס אויף דער נאכט, ווען דער ווארשעווער דאקטאר איז שוין געשמאק געשלאפן, האט ווער פלוצים אנגעקלאפט אין זיין טיר און אים אויפגעוועקט פון שלאף. אין דער געדיכטער פינסטערניש האט דער דאקטאר גארנישט געקאנט זען, בלויז געפילט א פאר הענט אויף זיך, וואס האבן אים געוועקט און געריסן, נישט געלאָזט אים אפילו רעכט אָנטון און אים גערופן צו א קראנקן. דעם דאָקטאָר האָבן זיך די הענט און די פיס פון גרויס אויפרעגונג געטרייסלט, ער האט זיך אפילו נישט צוגעהערט

צום שעפּטשענדיקן קול, בשום־אופן נישט געקאָנט צוטרעפן צי די מלבושים און מיט אַן אַפּן, צעשפּילעט העמד זיך בלינד געלאָזט נאָכגיין נאָך דער געשטאַלט אין דער פינסטערניש.

געהאַרכזאַם איז ער כסדר נאָכגעגאַנגען נאָך דער געשטאַלט, וואָס האָט אים געפירט טרעפּ־אַרויף און טרעפּ־אַראָפּ, דורך פאַרשידענע זייטיקע ווענקלעך און אים דערציילט וועגן אַ מאַט־ראַז, וואָס איז פּלוצים אין מיטן דער נאַכט קראַנק געוואָרן.

דער דאָקטאָר האָט זיך אָנגעשטרענגט צוגעהערט צום קול אין דער פינסטערניש, זיך קוים מיט צרות דערפרעגט וואָס דעם קראַנקן איז, אויף וואָס ער באַקלאָגט זיך. ער איז שוין צוריק פול געווען מיט מוט, פול מיט גלויבן אין זיך און ביי זיך אָפּגע־מאַכט, אַז ער וועט אַלץ זען צו טון וואָס נאָר אין זיינע כוחות, כדי צו ראַטעווען דעם קראַנקן. ער וועט אַלע ווייזן ווער דר. בראַניסלאַוו מירסקי איז!

מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ און מיט אַ סך פייער און באַנייטע כוחות איז דער דאָקטאָר אַריין אין דער קאַבינע צום קראַנקן. ער האָט מיט פאַרווירטע אויגן אַ בלאַנדזשע געטון איבער די ווענט, איבער די פנימער פון די מאַטראָזן, וואָס זענען געזעסן אַרום, אָבער ער האָט גאָרנישט געזען. ער האָט געזוכט דעם קראַנקן און אים געפונען ליגן אין בעט. תיכף ומיד איז ער צוגע־גאַנגען צו אים, זיך צוגעזעצט צו אים אויפן בעטל און דער־שפּירט די משקה און דעם ביליקן פּאַפּיראָסן־רויך, וואָס האָט אָנגעפולט די קאַבינע. ער איז דאָ באַלד געוואָרן באַלעבאָס, מיט תקיפות זיך גענומען בייזערן און שרייען אויף די מענטשן, גענומען צו זיי מאַכן פאַרשידענע העוויות מיט די הענט ווי צו טויבע, הלמאי זיי טוען נישט אַכטונג אויף דעם קראַנקן, האַלטן אים אין אַזאַ שטיקנדיקער לופט, וווּ מען קאָן פּשוט דעם אָטעם נישט כאַפּן. שפּעטער האָט ער אַ גלעט געטון דעם קראַנקן, זיך גענומען צו דער אַרבעט. אָבער ווי נאָר ער האָט צוגעלייגט דאָס טרייבל צום חולה, האָט זיך יענער פּלוצים אַ שטעל־אויף געטון פון בעט, זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג און אויסגע־שאָסן מיט אַ געלעכטער גלייך דעם דאָקטאָר אין פּנים אַריין. ביים דאָקטאָר האָט זיך דאָס פּנים מיטאַמאָל זייער פאַרענדערט,

פון גרויס שרעק און חיקוש זיך אויסגעקרומט אויף א זייט, ווי פון א פלוצימדיקן פאראליזש. ערשט איצט האבן זיך אלע מאטראזן, וואס זענען די גאנצע צייט געזעסן מיט ערנסטע, אנגעשטרענגטע פנימער, צעלאכט, זיך געבויגן אין דרייען פון געלעכטער, געשריגן און געמאכט קולות, וואס האבן שווער און טויב אפגעהילכט אין דער שטילקייט פון דער נאכט. פון אלע זייטן האבן אנגעהויבן פליען דעם דאקטאר גלייך אין קאפ אריין פארשידענע חפצים און קישעלעך.

דער דאקטאר האט געמאכט א שוויינ, קיינעם וועגן דעם קיין ווארט נישט דערציילט, זיך נישט פארטרויט פאר קיינעם, אלץ אראפגעשלונגען, באגראבן טיף אין זיך,ווי א גרויסן סוד... געוויער געווארן וועגן דעם זענען ערשט די יידן טאקע פון די מאטראזן אליין, וואס האבן זיך געהאלטן אין איין בארימען, ווי זיי האב דאס דעם בארימטן דאקטאר אויסגעפרייערט, אנ־געריבן א מארדע... די עוולה האט יעדן איינציקן געבריט, געהויבן פונם ארט. כאטש נישט איינמאל האט מען אליין אפ־געלאכט פון דעם אלטן, האלב־עובר־בטלדיקן דאקטאר, געמאכט הלצהלעך אויף זיין חשבון, אבער אזא זאך האט קיינער נישט געקענט פארטראגן, ס'האט אלעמען גלייך געטראפן. יעדערער האט געפילט די באליידיקונג אויף זיך אליין. דערצו זענען אלע איצט ארומגעגאנגען אין איין עגמת־נפש צוליב דעם, וואס מ'האט פאביאשעס ייִנגעלע צוגענומען אין שפיטאל און צוליב דעם, וואס די קרענק האט אויך נישט געשאנעוועט פאביאשעס שכן, דעם געזונטן, הויכן, קרעפטיקן בחור — א יונג ווי א ליכט, נאר א ברכה צו מאכן איבער אים — און דעם גריכס ווייב, די יפי־פיה. די גאנצע שיף האט זיך געשפירט מיט קארבאל. וועגן דעם גורל פון די קראנקע האט קיינער נישט געוווסט. די פרוי פאביאש איז אפילו א פאר מאל אין טאג געלאפן אין שפיטאל אריין אויף אירע קראנקע פיס, אבער מען האט זי דארט נישט אריינגעלאזט. פרוי פאביאש האט אינגאנצן נישט געקוקט, אז זי טאר זיך נישט צופיל באוועגן, אז די געשווילעכצן אויף אירע הענט און פיס ווערן גרעסער. זי איז כסדר געהאנגען אויף דער שפיטאל־טיר, זיך שוין נישט איינמאל שיער נישט אריינגעריסן אינעווייניק,

אָבער מען האָט זי אַלעמאָל אָפּגעשטופּט פון דאָרט און ארויס־געוואָרפן.

ר' לייזער דער שפּייז־קרעמער איז דווקא געווען רואיק, זיך ארומגעדרייט ווי קיינמאָל גאָרנישט, אַז ס'האָט אַזש פּאַביאַשן אונטערגעהויבן און ער האָט געברומט צו זיך אַליין:

— ס'איז נישט קיין טאַטע און ס'איז נישט קיין מאַן!... — האָט ער נישט פאַרשטאַנען ר' לייזערס פירן זיך, געווען אינגאַנצן אויס מענטש, הלמאי יענעם אָרט גאָרנישט — ער האָט אַן אויס־געבריט הארץ, ווי אַ באַנדיט!... וואָס טויג מיר זיין פרומקייט, וואָס?... וואָס טויג מיר זיין דאַווענען גאַנצע טעג!...

די יידן האָבן די מעשה מיטן דאָקטאָר און די זלזולים פון די מאַטראָזן בשעתן צונעמען פּאַביאַשעס טעכטערל אין שפּיטאָל אריין, באין־אופן נישט געוואָלט פאַרשווייגן, אָפּגעמאַכט צו גיין צום קאַפּיטאַן און זיך פאַר אים פאַרקלאָגן. מ'טרעט נישט אַזוי קיין מענטשן מיט די פיס. די וועלט איז פונדעסטוועגן נאָך נישט אינגאַנצן הפקר! אַז מ'וועט זיך אַזוי לאָזן, וועט יעדעס מאָל ווערן ערגער! מ'דאַרף באַצייטנס עפּעס טון דערצו!...

מען איז זיך צוזאַמענגעקומען צו ראַכמאַנען אין דער קאַבינע אריין. דער ראש־המדברים איז געווען טאַקע ער אַליין, ר' זיינוול ראַכמאַן, וואָס האָט נאָך אַלץ געבלאָזן פון זיך און וואָס האָט פון גאָרנישט לעצטנס אַזוי' שטאַרק געליטן, קיין שום זאַך האָט אים נישט אַזוי דערקוטשעט — נישט דער הונגער, נישט דער דורשט — נאָר דאָס פעלן פון אַ פּאַפּיראָס. ער איז געווען אַ שטאַרקער רייכערער, די הענט און דאָס קליינע לאָפּעטקע־בער־דעלע זיינס, וואָס ער האָט אַ טבע געהאַט כסדר צו פּוצן, זענען נאָך אפילו איצט פאַרגעלט געווען פון טיטון. ער וואָלט מוחל געווען דאָס עסן און דאָס טרינקען ווען ער האָט נאָר אַ פּאַפּיראָס, וואָס וואָלט אים זיינע נערוון באַרואיקט. פון געוווינשאַפט האָט ראַכמאַן ארויסגענומען אַלעמאָל די זילבערנע פּאַפּיראָסן־פּושקע — אַ זכר פון זיין אַמאָליקער באַלעבאַטישקייט, פון די דריי מלכותדיק־אויסמעבלירטע שטובן מיט אַ קיך — אָבער ער האָט דאָרט גאָרנישט געפונען. ער האָט מיט די אויגן געזוכט אויף דער ערד, שוין נישט איינמאָל געוואָלט אויפהייבן די שטיקלעך,

וואס די מאַטראָזן האבן אַוועקגעוואָרפן, אבער ער האט זיך אלץ איינגעהאלטן. קויפן ביי די מאַטראָזן האט ער קיין געלט נישט געהאט. און אוועקגעבן די פּאַפּיראָסן-פּושקע, דאָס לעצטע וואס ער האט נאָך פאַרמאָגט, אָן איינציקער אָנדענק, וואס ער האט צו די תנאים באקומען פון זיין יונג־פאַרשניטן ווייב עליה־השלום, האָט ער אַלץ קיין האַרץ נישט געהאַט. וואָס פאַרא אָנזען וואָלט ער שוין אומשטיינסגעזאָגט געהאַט ביי זיין טאָכטער, אַ מיידל אין די יאָרן? אויך בעטן איז אים נישט אָנגעשטאַנען. ר׳ זיינוול ראָכמאַן שטרעקט נישט אויס קיין האַנט, ער איז פון שטענדיק־אָן צוגעוווינט אַליין צו געבן. ר׳ זיינוול ראָכמאַן, וואָס האָט אַלעמאָל געטיילט פּאַפּיראָסן אויף רעכטס און לינקס, וועט נישט גיין בעטן קיין פּאַפּיראָס, נאָך דערצו ווען ער האָט מורא, אַז מ׳וועט אים אָפּזאָגן.

אין דער קאַבינע ביי ראָכמאַנען האָבן זיך די יידן פאַר־זאַמלט און באַשלאָסן צו גיין צום קאַפּיטאַן און פאָדערן אביסל יושר. פאָדערן מ׳זאָל זיי אויסזאָגן, וואָס מיט די קראַנקע איז געוואָרן, צי זיי באַקומען עפּעס אַ באַהאַנדלונג, צי מ׳לאָזט זיי דאָרט ליגן אליין אין שפּיטאָל, ווי די הינט. מ׳טאָר דאָס מער נישט לאָזן אין דער לאַנגער באַנק אריין. מ׳טאָר מער נישט וואַרטן. וואָס אַ טאָג ווערט ערגער! מ׳טאָר נישט שווייגן!

עס איז אָבער נישט געווען ווער עס זאָל גיין, ווער עס זאָל זיך קענען אויסשמועסן. ווער וועט דען קענען אַלץ געבן צו פאַרשטיין, ווי ס׳דאַרף צו זיין, אַ הויך וואָרט רעדן, ווען מ׳וועט דאַרפן? מען דאַרף אויסקלויבן עפּעס אַ פּאַסיקן מענטש און אפשר טאַקע צוויי, וואָס וועלן קענען דאָס מויל עפענען און זיך אָננעמען די עוולה פון די יידן!

אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מ׳דאַרף זיך נישט צוליב דעם ברעכן דעם קאָפּ, ווייל נאַטאַן און נח האָבן זיך אַליין געריסן צום גיין. נאַטאַן האָט געזאָגט, אַז ער קען שוין אַביסל דאָס פרעמדע לשון און ער וועט קענען אַ וואָרט רעדן, זיך אויסשמועסן.

און זיי זענען אַוועק. דער קאַפּיטאַן האָט זיי באַלד נישט אויפגענומען, צוגעזאָגט, אַז ער וועט האָבן צייט ערשט אין אַ

פּאָר שעה אַרום. די גאַנצע צייט האָבן זיי מיט אַ סך אומגעדולד געוואַרט הינטער דער טיר און ווען זיי זענען סוף־כל־סוף צום קאַפּיטאַן אַנגעקומען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז דווקא נישט קיין שלעכטער מענטש, ווי מען האָט געמיינט. אמת איז, אַז ער איז געווען זייער אַ נערוועזער, אַ קרענקלעכער, אַ גרויסער שווייגער. ער האָט זיך געדרייט בסדר אויפן בענקל, אויף צען ווערטער געענטפערט איינס, געקוקט אויפן האַנט־זייגערל, נאָכאַנאַנד מיט דער האַנט געבערשטלט דאָס קאַפּיטאַנישע היטל, וואָס איז לעבן אים געלעגן. אַלע פּאָר מינוט האָט ער זיך אויפגעשטעלט און מיט די גרויסע שטייענדיקע ברעמען, ווי צעפּלאָשעטע נעסטן, זיך אַרומגעקוקט איבער דער קאַבינע, וואָס איז געווען זייער אָרעם אויסמעבלירט. מער ווי אַ קליין טישל פון פּראָסטן האָלץ, ווו עס זענען אין גרויס אומאָרדנונג געווען אָנגעשטעלט אַ פּאָר שרייב־מכשירים און אַ פאָטאָגראַפיע פון עפּעס אַ פרוי, אַ קליינע אָפּגעקראָכענע שאַפע, אַ פּאָר בענקלעך און אַן אַלטע מאַפּע, וואָס האָט פאַרנומען כמעט די גאַנצע וואַנט, איז דאָ גאָרנישט געווען.

דער קאַפּיטאַן האָט קוים פאַרשטאַנען, וואָס נאַטאַן רעדט צו אים, אַלעמאָל געמאַכט אַזאַ באַוועגונג מיטן דאַרן לענגלעכן פּנים, ווי ער וואָלט וועלן סוף־כל־סוף אַרויסקוועטשן פון אים די ווערטער, וואָס האָבן זיך אים אַזוי שווער געלייגט אויף דער צונג. לסוף האָט דער קאַפּיטאַן פאַרשטאַנען, וואָס נאַטאַן וויל. ער איז אַביסל בלאַס געוואָרן, אַ כעס האָט זיך אים באַזעצט אין די עקשנותדיק־דינע ליפּן, אין די שפּיציק־געשניטענע באַקן־בערד. באַלד האָט ער זיך אָבער באַהערשט, אַ העפלעכן שמייכל געטון און צוגעזאָגט צו טון אַלץ, וואָס אין זיינע כוחות, אַז די פּאַסאַזשירן זאָלן זיך נישט האָבן מער אויף וואָס צו באַקלאָגן.

אָבער ס׳איז אַרויסגעוואָרפן געווען די אַרבעט, וואָרים באַלד אַ פּאָר שעה נאָכדעם, ווי נאַטאַן און נח האָבן געבראַנגט פון קאַפּיטאַן די שיינע הבטחות, איז אַ מאַטראָז איבערגעפאַלן בראָניע פעלדבוים און זי דווקא געשלעפּט מיט זיך אין אַ ווינקל אַריין, דאָרט ווו קיין מענטשלעך אויג קען זיי נישט באַמערקן. דער מאַטראָז איז געווען זייער אַ קליינער, ברייטער ווי לענגער,

א האמעטנער, מיט א פּאָר נישט־געוויינטלעך לאַנגע צעבויגענע הענט, וואָס האָבן אַרויסגעשטאַרצט פון זיין ברודיק־ווייס לייבל, ווי צעקרומטע וואָרצלען. די הענט זענען געווען ביי אים אזוי לאַנג, אַז זיי האָבן שיער נישט דער־גרייכט צו דער ערד און פּונקט ווי זיי זענען לאַנג געווען אזוי זענען זיי געווען שטאַרק. אָט מיט די הענט האָט דער פּאַרשוין אָנגעכאַפּט בראָניען, ווי מיט אייזערנע צוואַנגען און בשעת־מעשה אָנגעוויזן מיט א סודותדיקן בליק אויף זיינע פול־אָנגעשטאָפּטע הויזן־קעשענעס. ער האָט געוואָרפן פון זיך צעפּאַרעט־הייסע רייד, די ליפּן זענען געווען ביי אים אינגאַנצן נאַס, אויפגעפּוישט, ווי גרויסע, דיקע ווערים:

— אָט דאָ האָב׳ך א שאַכטל מיט פּישלעך... אַראַפּימו... — האָט ער געשעפּטשעט תאווהדיק־שטיל און זיינע קליינע אייגעלעך זענען געווען אָפּגעמעקט, ווי אויסגעריבן־אָפּבלאַקירטע פּאַטשער־קעס — א גאַנץ שאַכטל!... מ׳וויל מיר דערפאַר געבן אַן אוצר, נאָר כ׳וויל נישט נעמען... בעסער עס איבערגעלאָזט פאַר מיין שיינקייט... פאַר מיין זיס טייבעלע, ס׳זאָל זיך אַביסל צוזען... און דאָ האָב׳ך נאָך עפּעס... קום מיט מיר, וועל איך דיר ווייזן... קום!... אָט דאָרטן וועט אונז קיינער נישט זען...

דער פּאַרשוין האָט נאָך עפּעס צו בראָניען גערעדט, אויס־געמשלט געגוי מיט די הענט, זי זאָל אים פאַרשטיין, כסדר צו־זאָגנדיק־פרייליך און סודותדיק געוווּנקען אויף זיינע אָנגעשטאָפּ־טע קעשענעס, ווי אויף א גרויסן אוצר און געשיט מיט נבול־פּה, געמישט מיט צערטלעכקייטן און פּיעשטשערייען, וואָס מ׳רעדט צו א פרוי, ווען מ׳וויל זי מיט געוואַלט בייקומען. ער האָט אָנ־געוויזן מיט גרויס שטאָלץ אויף זיך, געזאָגט, אַז ער איז אַן אמתער מאַנספּערשוין און זאָל זי, זיין אויסדערוויילטע, נישט קוקן אויף דעם, וואָס ער איז אזוי מיאוס. פּלוצים האָט ער מיט גרויס האַסטיקייט איבערגעדרייט זיינע קעשענעס, אַרויסגע־וואָרפן צו אירע פיס אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט און זיך געבעטן, געמאָלן שנעל אויף זיין פרעמדן לשון, נישט געקוקט מער אויף דעם, וואָס זי פאַרשטייט נישט קיין איין וואָרט:

— נא דיר אַלץ, וואָס כ׳האָב... — האָט ער זי מיט זיין

שווערן גוף צוגעדריקט, ווי מיט אַ וואַנט — כ׳קען נישט שלאָפֿן ביינאַכט ציליב דיר!... דעם שלאָף האָסטו מיר אַוועקגערויבט, דו זיסע, דו!... יאַראַפּימו...

בראָניע האָט זיך זייער געשעמט, זיך געמיאוסט פֿון דעם פּאַרשוין, געציטערט מענטשן זאָלן נישט דערהערן. זי האָט געקענט דעם מאַטראָז. ער איז געווען שטענדיק אַן אַרבעטזאַמער, געאַרבעט פֿאַר אַנדערע און די מאַטראָזן האָבן נישט איינמאָל מיט אים לצנות געטריבן, אויסגעשטעלט אים פֿאַר אַ נאַר. בראָניע האָט מיט טרערן אין די אויגן זיך געבעטן ביי אים, געפּרוווט מיט גוטן און מיט בייזן, זיך געראַנגלט אַ מידע, אַן אויסגעשעפּטע. מיטאַמאָל האָט זי באַקומען אין זיך אַזעלכע כוחות, אַז זי האָט אים מיט איין שטופּ אָפּגערוקט פֿון זיך. ער האָט זיך אַזש אַ וואַקל געטון אויף די פֿיס, זיך שיער נישט אויסגעגליטשט.

ביים מאַטראָז האָבן זיך די אייגעלעך צעפֿינקלט מיט אַ קלוגעטשקע פֿייערל, וואָס האָט איר געגעבן אָנצוגעהערן, אַז ער ווייסט אַלץ וועגן איר, אַז זי זאָל זיך נישט מאַכן פֿאַר אים פֿאַר קיין אומשולדיק מיידעלע. אַלץ־ווייסעריש און לאַבוזערסקע האָבן די אייגעלעך געגלאַנצט, אונטערגעוווּנקען, אַז ער איז נישט פֿון די נאַראָנים, וואָס לאָזן זיך אַזוי שנעל אָנפּרייערן און אָפּפּטרן מיט נאַרנישט:

— כ׳וויל אויך הנאה האָבן!... פּאַליאַרעיאַ... — האָט ער דריבנע געלאַכט — וואָסי, איך טאָר נישט הנאה האָבן?!... וואָס איז דער קעלנער, וואָס דו שלעפּסט דיך אַרום מיט אים איבער גאַנצע נעכט, בעסער פֿון מיר?... בכן ער איז אַ שיינער!... ער האָט אַ ליאַלקע־פּנימל! מ׳פֿילנעוועט אים שוין איצט געוווּג, דאָב נישט קיין מורא... ער וועט שוין מער נישט לקחנען די גוטע זאַכן פֿאַר דיינעטוועגן!... מ׳האָט אים שוין אויפֿן אויג, דעם גנבֿ! איצט וועסטו אויסגיין פֿון הונגער!... ווער וועט איצט דיר געבן די גוטע זאַכן דאָס שיינע לייב צו קעכלען?..

דער פּאַרשוין האָט געוואַרט, זיך געשאַרט צו איר, געזוכט אַ גינסטיקע געלעגנהייט, כדי זיך נאָכאַמאָל אויף איר צו וואַרפֿן, אָבער זי האָט געהיטן זיין יעדן קער, יעדן ווענד פֿון זיין געזונטן קערפּער, זיך גערוקט הינטערווייילעכץ. מיטאַמאָל האָט זי זיך

אויסגעדרייט פון אים און אָנגעהויבן צו לויפן. זי האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט, געלאָפן, ווי פון אַ שׂרפה, הויך געסאַפּעט, זיך געדרייט איבער פאַרשידענע זייטיקע ווינקעלעך, קיינער זאָל זי נישט זען, געווען איבערצייגט, אַז ער יאָגט זי נאָך. מיט די לעצ־טע כּוחות איז זי אַריינגעלאָפן צום מאַן אין דער קאַבינע אַריין, זיך געוואָרפן אים אויפן האַלז, זיך אַזוי שטאַרק פאַרוויקלט אַרום זיין גרויסן גוף, ווי זי וואָלט מורא געהאַט ס׳זאָל זי ווער נישט אָפּרייסן. זי האָט זיך געטוליעט צום מאַן, צוגעהאַלטן אים מיט די הענט, ווי זי וואָלט וועלן זיך פאַרשטעלן מיט אים פאַר דעם אומגליק, וואָס האָט זי געטראָפן...

מאַרקוס האָט נישט געוווּסט, וואָס מיטן ווייב איז געשען, געפּרוּווט זי באַרואיקן. זי איז אַלץ געהאָנגען אויף זיין האַלז אָן אַ וואָרט אַרויסצורעדן. דערנאָך האָט זי זיך צעוויינט, געהאַט טענות צו אים:

— פאַרוואָס לאָזטו מעך שטענדיק איינע אַליין?... — האָט זי געהאַט טענות צו אים, געגלעט און געצערטלט אים מיט די הענט — פאַרוואָס מוז איך זיין שטענדיק אַזוי איינזאַם!... עך האָב דאָך אַ מאַן... פאַרוואָס ביזטו נישט, ווי אַנדערע מענער, וואָס היטן אָפּ זייערע ווייבער... וועסט שוין זיין גוט צו מיר?... וועסט מעך נישט לאָזן מער אַליין?... זאָג...

דער מאַן האָט זי אויסגעפרעגט, געוואָלט וויסן וואָס איז געשען, אָבער זי האָט קיין וואָרט נישט געזאָגט. זי איז אַביסל צו זיך געקומען. ערשט שפּעטער, ווען זי איז זיך געגאַנגען לייגן שלאָפן, האָט זי נישט אויסגעהאַלטן און זיך געמוזט פאַר ווּעמען אָפּרעדן פון האַרץ. זי האָט געפּאַקט אידען, זיך צעוויינט פאַר איר, געזאָגט אויף איר, אַז זי איז אַן אינטעליגענטער מענטש און נאָר זי וועט זי פאַרשטיין... זי, בראָניע, ווייסט, אַז אידע האָט גימנאַזיע. זי אַליין האָט אויך אַ פּאָר קלאַסן גימנאַזיע געענדיקט...

בראָניע האָט אידען אַלץ דערציילט, זיך אויפגעהערט צו שעמען פאַר מענטשן, נישט געקוקט מער אויף דעם, וואָס זי וועקט יעדן אין דער קאַבינע אויף פון שלאָף. עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, וואָס אידע האָט זי באַרואיקט, זי געגלעט איבער די

געדיכטע האָר, וואָס זענען זינט דער דעזינפעקציע געווען קורץ אָפּגעהאַקט, איבער די נאָך אַלץ פרישע, זאַפטיקע באַקן און געשעפּטשעט איר אויפן אויער, זי זאָל רעדן שטילער, געוואָרנט, אַז אַלע זענען שוין אויף און הערן זיך צו איר צו. בראָניע האָט זיך מער צו אידען נישט צוגעהערט.

—פאַרוואָס קומט מיר דאָס?... — האָט זי געפרעגט, געקלאָגט און געיאָמערט — פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ באַליידיקונג?... מיט וואָס האָב עך מעך אַזוינס פאַרזינדיקט?... ברר... ס'עקלט מעך!... נאָך איצט עקלט מעך!... אָך, וואָס פאַראַ העסלעכקייט!... זאָ וואָס האָב'ך נאָך נישט געזען!...

די איבעריקע ווייבער האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, זיך איינגעהערט אינם געוויין, דערקענט בראָניעס קול און אויפגעשפּיצט די אויערן. פּלוצים האָבן אין דער פינסטערניש אָנגעהויבן פאַלן שטימען. קיין פּנימער האָט מען נישט געזען, אַלץ האָט די פינסטערניש איינגעהילט, ווי מיט אַ שוואַרץ טוך, בלויז שטימען זענען פון אַלע זייטן געפאַלן אויף בראָניען, געשמיסן זי אָן רחמנות:

— וואָס וויינט זי אַזוי?... וואָס איז דאָס קלאָגעניש!... אַז זי זעט אַ פּאָר הויזן גייט זי אויס!... וואָס שפּילט זי אינמיטן דעריטשקע די ראָלע פון אַ ניעווינגע פּאַננע?...

— פאַרוואָס טשעפּעט מען מיך נישט, נאָר פּונקט זי?... — האָט געפרעגט עפּעס אַ הייזעריקלעך־דין, אַלט קולעכל, וואָס האָט זיך זייער געבייזערט, זיך פאַרגאַנגען אַזש פון כעס אין אַ קריי
— יעך גיב מיך נישט אָפּ מיט קיינעם! יעך שלאָנדרע מיך נישט אַרום גאַנצע נעכט, האָט מען צו מיר נישט קיין חוצפּה! אַ שיינע ריינע כפּרה אויף איר... ווער הייסט איר קריכן דאָרט ווו מען דאַרף נישט!... אַ גאַליציאַנער עך־מעך זאָל זיין אַזאַ בהמה!...

— אוי וויי איז מיר נישט געשען!... מ'האָט איר געריר̇ט די קרוין פון קאָפּ, דער צדקתטע!... זי האָט נאָך קיינמאָל אַ מאַנספערשוין פאַר די אויגן נישט געזען!... — האָט פול מיט גערעכטיקייט אַלעמען איבערגעשריגן אַ קול פון אַ ווייטן ווינקל אַרוים
— פאַרוואָס פאַרקויפן מיר זיך נישט?... ס'וואָלט געפּאַסט מיר האָבן מער צו עסן פון איר!...

אויף אזא קבלת-פּנים האָט זיך בראַניע לחלוטין נישט גע־דיכט, ווייל זי האָט גאָרנישט געענטפערט. זי איז שטיל געוואָרן, מיט אַלע כוחות געפּרוווט איינהאַלטן די טרערן, מיט די פויסטן זיך אַליין פאַרשטופּט דאָס מויל ביז דערוואָרגן צו ווערן, כדי קיין העשען אפילו נישט מער ארויסצוברענגען פון זיך — אָבער ס'איז נישט געגאַנגען. די אַלע רייד, וואָס זי האָט געהערט, האָבן זיך אַזוי וויטיקדיק־טיף איינגעשניטן אין איר, זי אַזוי צענור־מען, אַז זי האָט געפילט, זי וועט עס מער נישט אויסהאַלטן. אונטערן גריבל האָט איר זייער פאַרקלעמט. זי האָט שטיל גע־וויינט, געלעגן אין אידעס אָרעמס און די טרערן זענען אַן אַן אָפּשטעל געפלאָסן איבער אירע באַקן. קיינעם האָט זי נישט קיין וואָרט געענטפערט, זיך געלאָזט שטראָפן, געפילט, ווי די שטראָף־רייד מאַכן איר גרינגער, נעמען פון איר אַראָפּ אַ שווערע משא. זי האָט געוואָלט די רייד זאָלן גאָרנישט אויפהערן, זאָלן וואָס מער אויף איר פאַלן. זי איז שולדיק און קומט אָפּ...

און די רייד האָבן טאַקע נישט אויפגעהערט, זיך פאַר־שטאַרקט. די בעטלעך האָבן רציחהדיק געקרעכצט און די ווייבער האָבן נקמה גענומען אין בראַניען פאַר דער גאַנצער צייט. קיינעמען האָט מען אין דער פינסטערניש נישט געקענט זען, נישט געקענט באַמערקן. און יעדערער האָט געזאָגט, וואָס ער האָט געוואָלט, געלאָזט פריי די צונג.

## VII

אויף צומאָרגנס האָבן די ווייבער געהאַט וואָס צו דערציילן די מענער. און אויך אידע האָט זיך נישט געקענט בשום־אופן איינהאַלטן און אַלץ דערציילט נאַטאַנען. זי האָט געזאָגט אויף זיך, אַז זי איז נישט בעסער פון אַלע אַנדערע ווייבער, אַז זי האָט ליב פּלאָטקעלעך פּונקט ווי זיי, זי איז מער נישט ווי אַ יידענע מיט אַ לאַנגער צונג. זי האָט זיך אפילו צוליב דעם אַליין געמוסרט און געשטראָפט, זיך אַליין אָנגערופן „ניין מאָס רייד" און אַלעמאָל מיט אַ סך קינדערישן חן זיך אַ פּעטשל געטין איבערן פּנים, פונדעסטוועגן האָט זי אַלץ געגוי, מיט אַלע

פּיטשעווקעס, נאַטאַנען דערציילט. זי האָט אפילו הנאה געהאַט פון דער פּיקאַנטער מעשה, גיך געפּלאַפּלט מיטן גרעבלעכן מענער־קול אירן.

נאַטאַן האָט דאָס אָבער נישט אויפגענומען אַזוי לייכט, ווי אידע. ס׳האָט אים געקאָסט אַ שטיק געזונט, וואָס זיין גאַנץ לויפן צום קאַפּיטאַן האָט געהאָלפן, ווי אַ טויטן באַנקעס און מ׳האָט בראָניען אַזוי מביש געווען. ער האָט זיך געפילט שטאַרק געטראָפן, געזען אין דעם אַ גרויסע באַליידיקונג, אַ גרינגשעצונג צו אַלע יידן אויף דער שיף. ער האָט דאָס אידען געזאָגט, אָבער זי איז דווקא געווען גוט אויפגעלייגט און זיך נישט געוואָלט צוהערן צו זיינע רייד, מיט חוזק אים אָנגערופן „מוסרניק" און „קעמפער."

— דער ים איז איצט אַזוי שיין... — האָט זי מיט קינדערישן חן געקורטשעט דאָס לאַכנדיק־ברייטלעכטע נעזל, געקנייטשט די בורשטינענע אויגן און אַרויסגערוקט די שיטער־צעשטעלטע וויי־סע ציין אירע — און קוק נאָר אָן דיין בייז פּנים... אַ גאַנצער קעמפער ביזטו מיר געוואָרן לעצטנס!... דו זעסט מיך אינגאַנצן נישט מער... זע נאָר ווי שיין עס איז...

ס׳איז טאַקע געווען אַ זוניק־שיינער פרימאָרגן, כאָטש ס׳איז געווען זייער הייס. דער ים איז געלעגן שטיל, פרידלעך־אויס־געלייטערט, געווען אַזוי דורכזיכטיק און קרישטאָל-ריין, אַז מ׳האָט זיך געקענט שפּיגלען אין אים, אַראָפּקוקן טיף אין זיינע אָפּ־גרונטן. די זון איז ערשט נישט לאַנג אויפגעשטאַנען, אָן אויס־געבאָדענע אין די ריינע בלויע וואַסערן, געהאַט נאָך אין זיך די פרישקייט פון ניי־געבוירן ווערן, גאָלדיק געפאַרבט דעם הימל אַרום. אַ וואַרעם ווינטל האָט קוים אַרומשפּאַצירט איבער דער אויבערפלאַך פון די כוואַליעס, זיי לייכט געררונצלט און גע־קנייטשט, זיי קוים באַרירט מיט די שפּיצן-פינגער, כדי נישט צו שטערן די גרויסע רו, וואָס איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף גאַנס וועלט.

אידע און נאַטאַן האָבן אַרומשפּאַצירט איבער דער דעק. זי האָט אים אָנגענומען אונטערן אָרעם און ער האָט בשום־אופן נישט געקענט פאַרגעסן אין די רייד, וואָס זי האָט ערשט געזאָגט,

אַז ער זעט זי איינגאַנצן נישט מער. פון אידען האָט געשפּראָצט מיט ענערגיע און אויפטועריִשקייט, פּונקט ווי אַמאָל און ער האָט זיך דערפילט אַזוי זיכער לעבן איר, ווי אַ קינד לעבן דער מאַמען. פילנדיק איר האַנט אין זיין אָרעם זענען אין אים צוריק אויפגעגאַנגען זיינע פּלענער, וואָס ער האָט געהאַט אַזויפיל און, וואָס האָבן זיך געביטן ביי אים פון טאָג צו טאָג, נישט געהאַט קיין ממשות. די פּלענער, אין וועלכע ער האָט זיך שטענדיק אָנגעכאַפּט בלויז אויף אַ טאָג האָבן איצט מיטאַמאָל באַקומען ממשות, געשטאַנען אַזוי לעבעדיק פאַר אים, אויסגעזען אַזוי לייכט צו דערגרייכן און אַדורכצופירן. ער האָט געשפּרייזט לעבן איר און פאַר איר מיט אַ סך פייער געפּלאַנעוועט, אויסגעמשלט פאַר איר מיט אַלע פּיטשעווקעס, וואָס ער וועט אַלץ אין דעם נייעם לאַנד, וווּ זיי פאָרן איצט, אויפטון. ער וועט צוריק אָנהייבן שטודירן, ענדיקן אינזשינעריע. דאָס איז אַ פאַך, וואָס מען דאַרף אומעטום. אין יעדן לאַנד קען מען מיט דעם פאַך זיך אויסשלאָגן דאָס שטיקל ברויט, פּילן די ערד אונטער די פיס! ער וועט זיך שוין מער נישט נעמען צום מסחר. ער טויג נישט דערצו. נאָך יעדע פאָר ווערטער האָט ער אידען געפרעגט, צי זי פאַרשטייט אים און צי זי איז מיט אים מסכים. פאַר אים איז געבליבן בלויז איין זאַך — זיך ווייטער צו לערנען. נישט אומזיסט האָט אין שטעטל דער אַלטער פאָטער זיינער, וואָס האָט אַליין אַ טבע געהאַט זיך צו שאַרן שטענדיק פון הינטן, אַזויפיל אויף אים געשטעלט, געווען זיכער, אַז ער וועט אויסוואַקסן עפּעס רעכטס. בעת ער איז אַלס סטודענט אַראָפּגעקומען אין שטעטל, האָט דער פאָטער אים שבת געשלעפּט אין בית־המדרש אריין, זיך באַרימט פאַר די שיינע באַלעבאַטים מיט זיין גראָטענעם זון. דאָס האַרץ איז ביי אים, דעם אָרעמען בעל־מלאכה, געוואַקסן, ווען די שיינע יידן פון דער מזרח־וואַנט האָבן אים אָנגעטון דעם כבוד און געשטעקט דעם זון די ווייכע שפּיצן־פינגער און אויסגעפרעגט אים אויף וואַרשע, זיך גוט־ברודעריש געחכמעט, צי וואַרשע שטייט נאָך אויף דעם זעלבן פּלאַץ...

און שפּעטער ביים עסן האָט די טיר נישט גערוט, עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו שיטן צו זיי אין שטוב אריין די טעמ'עדיקע

טאַרטן און קוגלען, וואָס די קליינשטעטלדיקע שעמעוודיקע מיידלעך האָבן געברענגט. די מיידלעך האָבן נישט געקוקט אינגאַנצן אין זיין, נאַטאַנס, זייט אַריין, פאַרשעמט אַ מורמל געטון גיך אונטער דער נאָז צו זיין טאַטע־מאַמע:

— ליב אייך אייער גאַסט...

מ'האָט אים גערעדט אין שטעטל רייכע שידוכים, אָבער ער איז ווייט געווען פון דעם אַלעמען, אויסגענוצט די פרייע צייט, געלייענט אַ סך ביכער, געשלונגען אַלץ, וואָס איז אים נאָר אונטער דער האַנט געקומען. דעם טאַטן האָט דאָס ווי געטון, געוואָלט דווקא ער זאָל צו אַ מענטש אַ וואָרט אויסרעדן. אָבער ער האָט דעם אָרעמען טאַטן נישט אָנגעטון דעם נחת־רוח, נישט געקאָנט פאַרטראָגן זיין נעבעכדיקייט, זיין געפאַלנקייט, זיין ציטערן איבער אים, דעם געראָטענעם זון זייַנעם. ער האָט דעם פאָטער צוליב דעם געהאַסט, געזען אַ שטיק פון אים אין זיך, קיינמאָל זיך לאַנג אין שטעטל נישט אויפגעהאַלטן, באַלד אַנטלאָפן.

אָבער צו וואָס האָט דאָס אַלץ דערפירט. סיי־ווי האָט ער זיך צו גאָרנישט דערשלאָגן, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין מיטלען און מען האָט אים אין אוניווערזיטעט צו גאָרנישט צוגעלאָזט. ער האָט אויך נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַוועקצופאָרן קיין אויסלאַנד, כאָטש ער האָט כסדר געחלומט צו פאָרן. אַז זיין לעבן איז אים קיינמאָל גלייך נישט אַוועק. ער האָט אַ סך געאַרבעט, איבער די כוחות געאַרבעט, געגעבן לעקציעס, אויף געווען ביז אין דער האַלבער נאַכט אַריין ביי אַ פאַרקאָפּמשעט נאַפט־לעמפּל אויף די אָרעמע „סטאַנציעס”, ווי זיין טבע ביים לערנען זיך: געביסן די נעגל ביז ווייטיק, איינגעעקשנט געגאַנגען אויף דעם וועג, וואָס ער האָט זיך אויסגעקליבן, קיין צייט נישט געהאַט צו גאָרנישט. און כאָטש ער האָט פיינט געהאַט זיין טאַטן צוליב דעם, וואָס ער האָט אים דווקא געוואָלט מאַכן פאַרן שיינדל פון זיין אָרעם לעבן, אָפּגעשפּאָרט זיך דעם לעצטן ביסן פון מויל און געלייגט אויף אים, איז ער אַ סך פון דעם טאַטן נישט אַוועק. כאָטש ער האָט דעם פאָטער געטון אויף צו־להכעיס, זיך אייביק אַרומגע־

ריסן מיט אים, האָט ער שטילערהייט אַליין אַפילו געוואָלט פאַרווירקלעכן זיינע חלומות — אָבער ס'איז נישט געגאַנגען.

נאַטאַן און אידע זענען געשטאַנען ביי דער אייזערנער פאָ־רענטשע און געשמועסט צווישן זיך, איינגאַנצן נישט באַמערקט, אַז ר' זיינוול ראָכמאַן און נח דער „רויטער" שטייען הינטער זיי. ר' זיינוול ראָכמאַן האָט באַלד אינדערפרי, ווי מיט ליכט, געזוכט עפּעס אַ קרבן, כדי ער זאָל קענען אין אים אַריינהאַקן זיינע מעשיות, ווי זיין טבע איז פּאַוואָליע און מיט אַ סך חשיבות אין קול. אַ סך האָט זיך אין אים אָנגעקליבן איבער דער גאַנצער צייט, וואָס ער איז אויף דער שיף געפאָרן און ער איז ממש אויסגעגאַנגען זיך פאַר ווערמען אָפּצורעדן פונם הארץ. ער האָט געלעכצט נאָך אַ שטיקל שמועס, פונקט ווי ער האָט געלעכצט נאָך אַ פּאַפּיראָסל. אינדערהיים האָט ער שטענדיק ליב געהאַט צו פירן טיש, ליב געהאַט צו זיין דער אויבן־אָן. און אויף דער שיף האָט ער פאַרלוירן דעם גאַנצן גלאַנץ, זיך ארומגעטראָגן ווי אַן אָפּגעשלאָגענע הושענה, קיינער האָט אים נישט געזען, קיינער האָט זיך צו אים נישט צוגעהערט. אפילו דער ווייסער גומי-קראַגן זיינער איז נישט געווען מער ריין, ווי אַמאָל און דאָס געפּוצטע לאַפּעטקע-בערדעלע זיינס איז געווען אַלט און צע־קנייטשט, ווי ביי אַ יורד. ער שפּילט דאָ נישט די ראָלע, ווי ער וואָלט געדאַרפט שפּילן ביי אַזאַ עדה יידן. כאָטש ער האָט פּאַביאַשן פיינט געהאַט, ווייל ער האָט שטענדיק געוווּסט אַלץ בעסער פון יעדן און ער האָט זיך נישט געוואָלט צוהערן צו זיינע געציילטע חשובע ווערטער, וואָס ער האָט אַליין הנאה געהאַט כסדר אויסצוציען, געבן אָנצוגעהערן, אַז זיי קומען אַרויס פון זיין, ר' זיינוול ראָכמאַנס מויל, האָט ער דווקא ליב געהאַט מיט אים צו שמועסן. ער האָט זיך דווקא ליב געהאַט מיט אים צו שפּאַרן און אים אויפצווייזן, אַז ער איז, לאָ־עלינו אַ גראָ־בער יונג און ווייסט גאָרנישט. אָבער זינט פּאַביאַש האָט זיך אַרומגעטראָגן, ווי חסר-דעה, ס'איז נישט געווען צו ווערמען צו רעדן, האָט ער נישט געהאַט מיט ווערמען אַ שמועס צו כאַפּן און זיך אָפּט אַרומגעפּירט מיטן יונגוואַרג. ער איז נישט קיין אָפּגעשטאַנענער, קיין פאַרקנייטשטער, קוקט אַריין אין אַ בלאַט-

ציִיטונג, אין אַ ביכל, ווייסט וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. ער האָט גערעדט צום יונגוואַרג מיט ספּעציעל־אויסגעזוכטע ווערטער, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט פונם בלאַט־ציַיטונג און פון זיינע צוויי זין. די ווערטער האָבן זיך אפילו נישט אַזוי שטאַרק געקלעפּט צו אים...

כאָטש ר׳ זיינוול ראָכמאַן האָט כסדר ליב געהאַט אליין צו רעדן, האָט ער פונדעסטוועגן פון איידלקייט וועגן געמוזט אויך יענעם אויסהערן. אָבער דאָס, וואָס דער אַנדערער זאָגט איז אים ווייניק אָנגעגאַנגען, אין איין אויער אריין און פון אַנדערן אַרויס. פונדעסטוועגן האָט ער געלאָזט יענעם ענדיקן, בשעת־מעשה גע־קלערט פון העם, וואָס ער גייט זאָגן, געשמייכלט אפילו צו זיך אליין פון דעם גוטן איינפאַל זיינעם, פון די טייערע ווערטער, וואָס ליגן אים שוין אויף דער שפּיץ צונג. ער האָט זיך טאַקע איצט צוגעהערט מכלומרשט מיט אַ סך געדולד צו דעם, ווי נח באַקלאָגט זיך פאַר אים, אַז צוליב דעם שוואָגער, מאַרקוס פעלדבוים, געפינט ער זיך דאָ אויף דער שיף. נח האָט געריסן פון זיך די הויט, הלמאי דער שוואַרץ־יאָר האָט אים פאַרשלעפּט אַהער. ער האָט דאָך איצט געקענט זיין אין רוסלאַנד. און וואָס עפּעס אין רוסלאַנד, טאַקע אין זיין לעמבערג, ווו ס׳איז שוין דאָ די ראַטן־מאַכט און ווו ס׳פלאַטערט איצט פריי אויף דער „גע־מיינדע“ די רויטע פאָן. זיינע אַלע יאָרן האָט ער דאָך אין לעמ־בערג געקעמפט, זיך געוואַלגערט אין די קרימינאַלן, געוואָלט באַפרייען דעם „אַרבייטער“ און ווען ס׳איז צו דעם געקומען ליגט ער ערגעץ אין דער ערד און קען דאָס אַלץ מיט זיינע אייגענע אויגן נישט זען.

— איר ווייסט דען וואָס פאַראַ פרייד דאָס איז!... — האָט זיך נח געווענדט מער צו נאַטאַנען און אידען, ווי צו ראָכמאַנען — אין מיין לעמבערג אויף דער געמיינדע פראַנק־און־פריי אַ האַמער און אַ סערפּ!... לעמבערג איז שטענדיק געווען אַ שטאָט פון קאַמף... אַרויסגעגעבן פון זיך באַטווינען!... אַן אייגענער... אַ נאַש־בראַט... אַ העלד!... זיין נאָמען איז שוין לאַנג פאַרשריבן אין דער געשיכטע פון אַרבייטער־קלאַס!...

ביי נחן האָבן די אויגן געגלאַנצט, די שוואַרצע געקרויזלטע

האָר האָבן זיך אים צעשויבערט און ער האָט גערעדט, ווי צו זיך אַליין:

— ס׳קלינגען איצט פריי די רעוואָלוציאָנערע לידער אין די אַרבייטער־קלובן און פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין לעמבערג, און עד בין דאָ... און אַלץ צוליב מיין שוואָגער, וואָס איז שטענ־דיק אַן אייגענער געווען, אַ נאַש־בראַט, כאָטש אַ רייכער... ער האָט גוט באַהאַנדלט די פּויערים, גלייך מיט זיי געאַרבעט. . אָבער אַ גרויסער אָקס, איר זאָלט מיר ענטשולדיקן, איז ער אַלעמאָל געווען... דער בעסטער באַווייז איז, ער האָט זיך שטענדיק געלאָזט פירן פון מיין שוועסטערל!

און נח האָט דערציילט ווי דער שוואָגער זיינער האָט זיך איבּיק אַרומגעטראָגן מיט אַ פּלאַן צו פאָרן קיין פּאַלעסטינע און זיך באַזעצן דאָרט אויף ערד. אָבער ער, נח, האָט אים צוגע־רעדט צו פאָרן קיין ביראָ־בידזשאַן. דער סוף איז געווען, ער איז אינערגעץ נישט געפאָרן, ווייל דאָס ווייב זיינס, די פאַריזער דאַמע, האָט נישט געלאָזט. בעת די מלחמה איז אויסגעבראָכן און דער דייטש האָט פאַרכאַפּט כמעט גאַנץ פּוילן, האָט דער שוואָ־גער איינגעשפּאַנט אַ פּויערשן וואָגן, מיטגענומען אַלץ, וואָס האָט זיך געלאָזט און געזאָגט, אַז איצט פאָרט ער שוין אויף זיכער קיין ארץ־ישראל. דערווייל איז ער אַוועק קיין רומעניע. אים, נחן, האָט ער מיטגענומען מיט זיך. אָבער קיין פּאַלעסטינע איז ער נישט געפאָרן, ווייל מ׳האָט אים נישט אַריינגעלאָזט. ער איז אַזוי געפאָרן קיין פּאַלעסטינע, ווי ער, נח, איז געפאָרן צוריק קיין לעמבערג, כאָטש ער האָט זיך אַזוי שטאַרק געריסן, געהערט, אַז די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען די שטאָט. די פּליטים אין די אַלע לענדער, וווּ ער האָט זיך געוואַלגערט, האָבן אים אַלץ געשטופּט פאָרויס, נישט געלאָזט אים פאָרן צוריק. די מענטשן האָבן אים אַזוי פאַרשריגן, אַזוי צעחושט און צעטומלט, גע־טענהט, אַז קיין רוסלאַנד לאָזט מען פון אויסלאַנד נישט אריין מער צוריק, אַז ער האָט נישט געוווסט אויף וועלכער וועלט ער איז...

ראָכמאַן האָט זיך צוגעהערט צו נחן, זיך קוים איינגעהאַלטן אים נישט איבערצושלאָגן די רייד. עס איז אים געלעגן עפּעס

אויף דער שפּיץ־צונג, עפּעס אַזעלכעס, וואָס מיט דעם וועט ער שוין סוף־כּל־סוף ווייזן דעם יונגוואַרג, אַז ער איז נישט קיין צוריקגעשטאַנענער, קיין בטלן, אַז אדרבה, ער ווייסט וואָס עס טוט זיך אַרום אים, ער האָט אָפענע אויגן. ער האָט געוואָלט, אַז אַלע זאָלן זיך צו אים מיט קאָפּ צוהערן און ער האָט אַ פּאָר מאָל אַ הוסט געטון, כּדי צוצוגעבן מער געוויכט זיינע רייד. מיט אַ סך חשיבות האָט ער גענומען דערציילן וועגן זיינע צוויי זין, וואָס האָבן זיך שטענדיק אַרומגעריסן צווישן זיך און ער, דער טאַטע, האָט זיי ביידן געוואָלט שיקן אין שאול תחתיה אַריין. ער האָט שטענדיק געפרעגט דעם ייִנגערן זון, פאַרוואָס ער מישט זיך צו מלכות, פאַרוואָס ער מוז דווקא איבערדרייען פּוילן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף און דעם בכור האָט ער געפרעגט, פאַרוואָס ער מוז עפּעס פאָרן קיין ארץ־ישראל. וואָסי, פּוילן טויג אים נישט?...

אָבער ווייזט אויס די „באַוווּסטזיניקע" זין זיינע — געלערנטע יונגעלייט, טייערע פּראָפעסאָרישע קעפּ — זענען נישט געווען משוגע, זיי האָבן געוווּסט, וואָס זיי רעדן. ער האָט זיך אין דעם „פּשעקאָנירט", ווען מ'האָט אים אָנגעהויבן צו דושען מיט די פּאַדאַטקעס, געוואָלט אים דווקא לאָזן שטיין אדם־נאַקעט. ער האָט זיך נישט געפּוילט, אַליין אַרויפגעטאַנצט אין „אוזשאָנד" אַריין, זיך געגאַנגען אויסשמועסן מיט די אוזשענדניקעס, רעדן זיי צום שכל־הישר.

— כ'בין אַוועק אין אוזשאַנד אַריין — האָט ר' זיינוול פּאַוואָליע געציילט די ווערטער, זיך אַ פּוץ געטון דאָס בערדל, ווי זיין טבע — אָנגעטון דווקא אין דעם שענסטן מלבוש, וואָס כ'האָב פאַרמאָגט, זיך נישט געמאַכט פאַר קיין בעטלער, ווי אַ סך פון אונזערע אחינו בני ישראל... און געגאַנגען בין'ך גלייך צום קאָפּ!... כ'האָב שטענדיק ליב צו גיין גלייך צום קאָפּ, נישט צום וויידל, כ'בעט איבער אייער כּבוד... און כ'האָב אים געפרעגט, דעם קאָפּ, היתכן, וואָס ווילסטו מיך עפּעס דווקא אויסשטעלן פאַר אַן אָרעמאַן?!... אַנו, טרעפט, וואָס דער ערל, דער גאַרנישט שבגאַרנישט האָט מיר געענטפערט... כ'זאָל מיך אָפּטראָגן פון

פוילן... אויב עס געפעלט מיר נישט, זאָל'ך גיין!... ס'איז שוין די העכסטע צייט די יידן זאָלן ארויס פון פוילן!...

ר' זיינוול האָט אָפּגעהוסט, זיך ארומגעקוקט, געוואָלט זען, ווי זיינע רייד ווירקן אויף די צוהערער. ער אַליין האָט זיך זייער איבערגענומען פון דעם אַלעמען, ווי ער וואָלט עס איצט נאָכאַמאָל איבערגעלעבט. ער האָט ווייטער מוסיף געווען:

— וואָס כ'האָב דעמאָלט איבערגעלעבט, ווינטש'ך עס בלויז היטלערן, ימח שמו וזכרו! ס'האָט מיך אָנגעהויבן עפּעס צו ווערגן אין האַלז, אַז כ'האָב געמיינט, כ'וועל עס נישט איבערטראָגן!... אַז מ'וואַרפט זיך מיט מיר, ווי מיט עפּעס אַ פּילקע, איז עס דאָך נישט קיין קלייניקייט... אַז מ'טליקעט מיך אַזוי פּראָסטאָ זמאָסטו ארויס הינטער דער טיר, איז דאָך שוין עק וועלט!... און זינט דעמאָלט טאַקע האָב'ך מיט אַנדערע אויגן אָנגעהויבן צו קוקן אויף מיינע תכשיטים... אַז דער עלטערער זון מיינער איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל, האָב'ך אים אַליין קיין וואַרשע באַגלייט... יידן מוזן האָבן וו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן... ס'האַרץ איז אין מיר פאַר פרייד געוואַקסן, ווען כ'האָב געזען ווי דאָס יונגוואַרג טאַנצט, נו, ווי הייסט עס דאָרט, „הוירא"... און אַז עפּעס אַ שנצל, אַ וואָרעם, אַ שטשעניאַק, וואָס איז נאָך רעכט פון דער ערד נישט אויסגעוואַקסן און בילן בילט עס שוין ווי עפּעס רעכטס, האָט געגומען באַוואַרפן די חברה מיט שטיינער, האָב'ך אים שיער נישט די ריפּן אונטערגעהאַקט... אַ חוצפּה און אַ העזה... ווער ס'הייבט אַלץ אויף אַ האַנט!...

ר' זיינוול האָט נאָך לאַנג גערעדט, געזען, אַז מ'הערט זיך צו אים צו, איז ער גאָרנישט מיד געוואָרן רעדנדיק. אַ סך האָט זיך אין אים אָנגעזאַמלט די גאַנצע צייט און ער האָט איצט געהאַט אַ טייערע געלעגנהייט אַלץ אויסצולאָדענען פון זיך.

— יאָ, זינט דער מעשה מיט די שטייערן — האָט ער צוגעגעבן — האָב'ך דערפילט, אַז מיר, דאָס ביסל יידן, זענען אינגאַנצן הפקר!... מיר זענען אייביק אויפן וואַסער און מיר דאַרפן האָבן אַ באָדן אונטער די פיס!... אַן אַנשפּאַר!... אַן אידעאַל!...

— האָבן ביי אים געגלאַנצט די אויגן פון צופרידנקייט צוליב די אַלע שיינע ווערטער, וואָס ער האָט אויפאיינמאָל געפּאַקט — אַט

אַ שטייגער דער שפּייז־קרעמער, דער חסיד־צלאָפּ, האָט אַן אָנ־שפּאַר!... אַמאָל האָב׳ך אויף אַזעלכע יידן געקוקט מיט ביטול, געהאַלטן, אַז זיי מאַכן זיך און יענעם משוגע!... אָבער איצטער זע׳ך, אַז כ׳האָב געהאַט אַ טעות... ווער קען זיך דען צו ר׳ לייזערן גלייכן... וועמען איז נאָך אַזוי גוט און וווּיל, ווי אים!... מ׳דאַרף וויסן ווו מען איז אין דער וועלט... מ׳דאַרף זיין אָדער צו גאָט אָדער צו לייט!...

ראַכמאַן האָט זיך ערשט אויף אַ רעכטן אמת צערעדט — און ער וואָלט נאָך גערעדט און גערעדט, ווען נישט אידע, וואָס האָט אַ ציִ געטון נאַטאַנען, ער זאָל גיין. ס׳איז היינט זייער אַ שיינער טאָג, האָט זי געזאָגט, און דער קאָפּ איז שוין פול מיט די אַלע צרות. זי איז היינט גוט אויפגעלייגט און זי וויל זיך אַביסל איבערגיין.

## VIII

זינט מ׳האָט פּאַביאַשעס ביידע קינדער צוגענומען אין שפּי־טאָל אריין, האָט זיך די פרוי האָדעס געפילט אין עפּעס שולדיק. זי האָט נישט געקענט קוקן דער פרוי פּאַביאַש גלייך אין פּנים אריין און זי האָט געזוכט אַ געלעגנהייט זיך מיט איר איבערצובעטן. דאָס געוויסן האָט זי געפּייניקט, זי נישט אָפּגעלאָזט אויף קיין רגע און ס׳האָט זיך איר נאָר געדאַכט, אַז זי האָט שטעקן אַ האַנט אין דעם אומגליק, וואָס האָט געטראָפן די פּאַביאַשאָווע, זי איז נישט אינגאַנצן ריין. דערצו האָט זי שטאַרק געציטערט איבער אירע קינדער, מורא געהאַט זיי זאָלן חלילה נישט קראַנק ווערן. ואַז די מגפה האָט נאָך נישט אויפגעהערט, ס׳איז נישט אַריבער קיין טאָג, ס׳זאָל נישט זיין קיין פרישער פּאַרפאַל. די מענטשן האָבן זיך אַרומגעדרייט מיט פאַרזיכטיקע טריט, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט די פּאָדלאָגע צו באַטרעטן, כסדר מיט פאַר־דאַכט זיך איינגעהערט אין זיך אליין, אין די אייגענע לייבער, צי עס דאָלעגעט זיי נישט עפּעס, צי עס טוט זיי נישט עפּעס וויי, געשראָקן זיך צו עפּעס צוצורירן. און די פרוי האָדעס האָט גע־היטן די קינדער, נישט געלאָזט זיי מער זיך שפּילן מיט דער לאָל־

קע אויפן דעק, געהאַלטן זיי פֿאַרמאַכט אין דער קאַבינע. זי האָט מער די טעכטער נישט אָפּגעלאָזט פֿון אויג, אומעטום מיט זיי מיטגעגאַנגען. אָבער אַלעמאָל, בעת זי איז טים די קינדער פֿאַרבייגעגאַנגען פֿאַר דער פֿרוי פּאַביאַש האָט איר דאָס האַרץ אַ ציפּ געטון און זי האָט זיך געפֿילט זייער שולדיק קעגן איר. זי האָט זיך געפֿילט שולדיק, וואָס אירע קינדער זענען געזונט און פֿריש און יענערס ליגן אין שפּיטאָל שווער קראַנק... זי האָט די קינדער פֿאַרשטעלט, געוואָלט זיי זאָלן נישט אויסזען אַזוי געזונט, געוואָלט זיי מיט די אייגענע הענט קלענער מאַכן, איינ־שרומפּן, זיי זאָלן זיך נישט וואַרפֿן אַזוי שטאַרק אין די אויגן אַריין, נישט אויסשטעכן די אויגן דער פֿרוי פּאַביאַש, נישט אָנטון איר קיין עגמת־נפֿש...

אָבער זי האָט געהאַט אַ טעות, די פֿרוי פּאַביאַש האָט גאָר־נישט געקוקט מיט קיין שנאה אויף אירע טעכטער און זי האָט נישט אינזינען געהאַט קיין שום בייז. פֿאַרקערט, ס׳האָט זי גאָר געפֿרייט, וואָס אירע קינדער זענען קיין־עין־הרע געזונט און פֿילן זיך גוט. ווייל איינמאָל, בשעת די פֿרוי האָדעס האָט זיך מיט זייטיקע, שולדיק־גיכע טריט פֿאַרביי דער פּאַביאַש דורכגעטראָגן, נישט געקוקט אין איר זייט אַריין, האָט זי יענע מיר־נישט, דיר־נישט אָפּגעשטעלט און זיך צו איר אָנגערופֿן:

— וואָס מאַכן עפּעס די טעכטער אייערע?... — האָט זי רואיק געפֿרעגט, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט צווישן זיי פֿאָרגעקומען — ווי פֿילן זיי זיך?...

די האָדעס האָט אַ צאַפּל געטון, ווי מ׳וואָלט זי געפּאַקט ביי אַ גנבה. זי האָט זיך זייער פֿאַרשעמט פֿאַר זיך אַליין — אי צוליב דעם, וואָס זי גייט אַרום מיט אַזעלכע מיאוסע געדאַנקען, ווען יענע ווייסט נישט פֿון קיין פּותר־חלום, אי צוליב יענערס געטריישאַפֿט און גוטסקייט. אַלץ איז געשען אַזוי פּלוצים, אַזוי אומגעריכט, אַז זי האָט זיך פֿאַרלוירן, נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפֿערן און שולדיק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. זי האָט גע־שטאַמלט, פֿון דער העלער הויט דרך־ארצדיק געווענדט צו איר בלשון „זי״:

— יאָך ווייס... — האָט זי געשטאַמלט, נישט געוווּסט, וואָס

זי האָט צו זאָגן, אין וואָס זיך אָנצוכאַפּן — ווייס יאָך... און וואָס מאַכן זי?... ווי פילן זי זיך אין געזונט?...

זי האָט די פּאַביאַש געפרעגט בלויז אויף איר אייגענעם געזונט, מורא געהאַט זי צו דערמאָנען וועגן די קינדער. די פרוי פּאַביאַש האָט דאָס באַמערקט. זי האָט געזען איר פאַרלוירנקייט, איר דרייען מיט דער צונג און זי האָט צו איר געזאָגט:

— כ׳זע דאָך, אַז זי פילן זיך נישט גוט... — האָט זי זיך אויך געווענדט צו איר אויף „זי", כדי ס׳זאָל קלינגען מער יום-טובדיק — אַז זי באַהאַלטן פאַר מיר אויס די קינדער... זי מיינען, אַז כ׳זע נישט... אָבער הערן זי, וואָס כ׳זאָג איהן... ס׳זאָל נאָר דאָס געשען מיינע שוואַלבן, וואָס יעך ווינטש איהנס קינדער, טאַטע זיסער אין הימל!... אדרבה, זאָלן זיי כאָטש געזונט זיין!... וואָס זענען זיי שולדיק, אַז מיך האָט געטראָפן אַזאַ אומגליק... יעך בין נישט פון די מאַמעס, וואָס ווילן דערלעבן אין יענעמען א נקמה... גייען זי שוין, גייען זי..

דער פרוי פּאַביאַש זענען געקומען טרערן אין די אויגן אריין, זי האָט זיי אָפּגעווישט מיט אַן אַרבל, אַ גלעט געטון דער פרוי האָדעסעס טעכטערלעך איבער די קעפּלעך און אַ מורמל געטון:

— נו, גייען זי געזונטערהייט... שטערן זי זיך נישט... גייען זי זיך איבער אַביסל מיט די קינדער אויף דער פרישער לופט...

אָבער די פרוי האָדעס איז נישט אַוועק, ווי זי וואָלט צוגע-טשוועקט צום אָרט געווען. די פּאַביאַש איז די ערשטע אַוועק-געגאַנגען, שווער אַוועקגעטשאַפּעט אויף אירע קראַנקע פיס, באַדעקט מיט די כלערליי געשווירן און ווינטער ביילן. כאָטש זי איז נאָך געווען אַ יונגע, איז זי זייער קראַנק געווען. זי האָט שוין מער נישט געטראָגן קיין טיכל אויף דעם קאָפּ, וואָס מען האָט ביי איר קורץ אָפּגעשוירן, ווי ביי אַ יינגל, בעת דער דע-זינפעקציע, זיך מער נישט געשעמט פאַר קיינעם. צו איר גע-שוואָלענער, צעגאָסענער פיגור האָט זיך דער יונגער קינדערישער קאָפּ זייער ווייניק געפּאַסט, געזעסן פרעמד אויף די אַלטע אַקסלען, אויסגעזען, ווי צוגעשטיקעוועט. מען האָט געזען, אַז דאָס גיין קומט איר שווער אָן, אַז ס׳קאָסט זי שטיקער געזונט.

די פרוי האָדעס האָט איר לאַנג נאָכגעקוקט, זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צו די קינדער, זיי זאָלן נישט זען, ווי די טרערן רינען איר פון די אויגן.

פּאַוואָליע איז די פרוי האָדעס אַוועק איר וועגס. די קינדער האָבן זי נישט געלאָזט לאַנג טראַכטן, נישט געלאָזט זי לאַנג שטיין אויף איין אָרט. עס האָט זיי געצויגן צו די איבעריקע קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט אויפן דעק און די מאַמע האָט זיי נישט געלאָזט גיין צו זיי, מורא געהאַט זיי זאָלן זיך נישט אָנשטעקן. די פרוי האָדעס איז באַדיי אליין מיט די קינדער שפּאַצירן געגאַנגען, אַבי זיי זאָלן נישט אליין לויפן. אָבער די מיידלעך האָט עס דווקא געצויגן צו די קינדער אויפן דעק, זיי האָבן געוואָלט כאָטש פון דערווייטנס זיך צוקוקן ווי זיי שפּילן זיך. און די פרוי האָדעס האָט געמוזט בלית-ברירה זיי נאָכגעבן, זיך אוועקשטעלן פון דערווייטנס, כדי זיי זאָלן זיך קענען צוקוקן ווי די קינדער שפּילן זיך.

די פרוי האָדעס איז געשטאַנען אין אירע געהאַקטע ווונדן און זיך צוגעקוקט, ווי די קינדער לויפן אַרום, שרייען און ליאַרמען, זענען אַזוי פאַרקאָכט, אַז זיי באַמערקן גאָרנישט, וואָס אַרום זיי טוט זיך, געדענקען נישט, אַז זיי האָבן נאָך פון אינדערפרי אָן גאָרנישט אין מויל געהאַט. עס באַוועגן זיך גיך־גיך נאַקעטברודיקע פיסלעך און הענטלעך, וואָס זענען אַזוי אויסגעמאָגערט און דין, ווי שטעקעלעך, בלויז הויט און ביין, אַז אָט־אָט ברעכן זיי זיך איבער. עס איז אַ גרויסער חידוש פון וואַנען עס נעמט זיך צו אָט די מזיקים, צו אָט די אויסגעדאַרטע זאַפּעלקע-הענטלעך און פיסלעך אַזויפיל כוח, אַז זיי קענען נאָך אַזויפיל אַרומיאָגן און צוזאַמענאַרבעטן.. די האָדעס האָט זיך צוגעקוקט צו די קינדער און דערווייל אין זינען געהאַט אירס, דער קאָפּ איז איר געווען ערגעץ אַנדערש. נאָך דער באַגעגעניש מיט דער פּאַביאַש האָט זי זיך געפילט נישט גוט, זיך געפילט נאָך פיל ערגער ווי פריער. זי האָט אויסגעזען ביי זיך אליין אין די אויגן ווי אָפּגעשמיסן. אָנשטאָט זי האָט געזאָלט די פּאַביאַש איבערבעטן, האָט עס גאָר יענע געטון און איר אינגאַנצן פאַרפּאַטשט

דאָס פּנים. יענע האָט זיך געשטעלט אַזוי שיין, אַזוי איידל און זי, די פרוי האָדעס, צו־נישט געמאַכט, געוויזן איר די גרויסע נאַרישקייט אירע. זי, די פרוי האָדעס, איז אַרויסגעקומען מער נישט ווי אַ פּוסטער בעל־גאווה...

פרוי האָדעס האָט געהאַט טענות צו זיך אַליין, זיך אַליין געהאַלטן אין איין יאָדען און עסן. און די טענות צו זיך האָבן זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט, בעת זי האָט זיך צוגעקוקט צו די ווייסע־חברהניקעס, וואָס האָבן איבערגעדרייט אַ וועלט. זי האָט באַמערקט ווי אַ קליין מיידעלע, אַ פּיצל קינד נאָך, דערנענטערט זיך צום קרענצל קינדער. אין דער האַנט האָט דאָס קינד געהאַלטן אַ ווייס שטיקל זעמל, וואָס עס האָט זיכער באַקומען פון עפּעס אַ מאַטראָז, וועלכער האָט זיך דערויף מרחם געווען. פאַר דער חברה קינדער, וואָס האָבן שוין וואָכן־לאַנג קיין זעמל פאַר די אויגן נישט געזען, האָט דאָס שטיקל געבעקס, וואָס האָט אַזוי ווייס געבלאַנקט, אויסגעזען ווי פון אַ כישוף־מעשה אַרויס און אַלע אויפאיינמאָל צוגעצויגן צו זיך. די קינדער האָבן זיך מיטאַמאָל אויפגעהערט צו שפּילן און זיך אָנגעהויבן צו דרייען אַרום דעם מיידעלע מיט דער זעמל אין דער האַנט, ווי די פליגעלעך אַרום אַ לאָמפּ ביינאַכט. פּונקט ווי די חיהלעך האָבן זיי זיך אַלעמאָל נענטער געשאַרט צום קינד, אויסגעשטעלט די הענטעלעך און געבעטן אַ שטיקל. דאָס מיידעלע האָט מיט אַ קאַרג הענטל געטיילט, קוים אָפּגעבראָכן אַ קרישקע, פּונקט ווי פאַר אַ פייגעלע און דערלאַנגט אַלעמאָל אַן אַנדער אויסגעשטרעקט הענטל. ביים מיידעלע האָבן זיך די אייגעלעך פון הנאה צעגלאַנצט, זי איז מיטאַמאָל געוואָרן זייער חשוב ביי זיך. זי האָט זיך איבערגענומען מיט דער ראָלע פון אַ געבערין, אַלעמאָל מיט צוויי פינגערלעך אויסגעקניפּט אַ קליין שטיקל און געטיילט. אָבער די קינדער האָבן געוואָלט נאָך און נאָך. פּלוצים האָט דאָס קינד באַמערקט, אַז עס האָט שוין מער כמעט גאָרנישט אין הענטל, נישט געוואָלט מער קיינעם גאָרנישט געבן, פון גרויס הילפלאָזיקייט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד און מיטביידע הענטעלעך צוגעפּרעסט צו זיך מיטן גאַנצן כוח דאָס איבערגעבליבענע שטיקל זעמל. דעמאָלט זענען די קינדער אַרויפ־

געפֿאַלן אויפֿן מײדעלע, אַרויסגעריסן ביי איר דאָס שטיקל זעמל און זיך געמאַכט ויברח...

די פֿרוי האָדעס האָט זיך צוגעקוקט צו דעם און אירע טענות צו זיך זענען נאָך גרעסער געוואָרן. פֿאַרוואָס האָט זי אַזוי באַפֿאַלן פֿאַביאַשן? וואָס האָט עס איר געטויגט? קנאַפּ צרות האָט ער, פֿאַביאַש? אָט דעם פּריטיק, פּונקט צו מיטאָג צו, ווען די זון איז אַ צייטיקע און אַן אָנגעקוואָלענע, ווי אַ גרויסע גאָלדענע באַרנע, שווער געהאָנגען אינמיטן הימל, האָט דער קאַפּיטאַן גערופֿן צו זיך נאַטאַנען און אים איבערגעגעבן, אַז פֿאַביאַשעס מײדעלע און ר׳ לייזער דעם שפּייז־קרעמערס ווייב זענען געשטאָרבן און ס׳וועט באַלד פֿאָרקומען די לוויה. צו די מתים וועט מען קיינעם נישט צולאָזן. בלויז פֿונדערווייטנס וועט מ׳זן זיך מעגן צוקוקן, ווי מען וועט זיי אַראָפּלאָזן אין וואַסער אַריין, און זיי ברענגען צו דער אייביקער רו.

נאַטאַן האָט מורא געהאַט די שלעכטע בשורה איבערצוגעבן, געוווסט, ווי דאָס וועט אַלעמען טרעפֿן, געשטאַנען, אַ בלאַסער, אַן אַ וואָרט אַרויסצורעדן. אָבער מען האָט געלייענט פֿון זיין פּנים, אַז קיין גוטס האָט ער נישט געבראַכט. און אייִדער ער האָט נאָך באַוויזן דאָס מויל צו עפֿענען, האָבן שוין אַלע געוווסט, וואָס עס איז געשען. דער טויט האָט פּלוצים אַ שווער געטון אין דעם גאָלדיקן חלל, פֿינסטער אַ פֿאַכע געטון איבער אַלעמענס קעפּ, זיך אַריינגעקריגן מיט געוואַלט צוגלייך מיטן הייסן ווינט. וואָס האָט זיך פֿון ערגעץ אָפּגעריסן און שווער געקייקלט די פּאַליעס, זיי געטריבן אַלע אין איין קופּע, ווי די שעפּסן פּאַר אַ געוויטער. כאָטש איעדער האָט געוווסט, אַז די טעג פֿון די קראַנקע זענען געציילטע, אַז יערע מינוט קען ווער אַנדערש די נשמה אויסהויכן, האָט אָבער קיינער נישט צוגעלאָזט דעם געדאַנק צו זיך און געגלייבט, אַז אַלץ וועט נאָך גוט זיין, די קראַנקע וועלן מיטן אייבערשטנס הילף קומען צוריק צום געזונט. און אַז די שלעכטע בשורה, אויף וועלכער מען האָט כסדר מיט האַרץ־קלאַפּעניש געוואַרט, איז אויף אַן אמת געקומען, זיך געשטעלט פּנים־אל־פּנים, האָט זיך יעדער איינער דערשראָקן, ווי ס׳וואָלט געקומען אַן אומגעריכטע זאַך. יעדער האָט געפֿילט,

אַז דער טויט האָט אים נאָענט אָנגערירט, געפילט דעם טויט ווי אין הער אייגענער משפחה. ווער ווייסט ווי לאַנג מען טראָגט שוין די קרענק אין זיך און מען גייט אַרום מיט איר? ווער ווייסט וועמענס ריי ס'איז איצט? וועמען ס'איז איצט אָנגעצייכנט?...

צו דער לוויה זענען געקומען אַלע, געשטאַנען ענג־צוזאַמענ־געפּרעסט אין איין ווינקל, גלייך יעדער איינער וואָלט וועלן פילן נאָענט פון זיך דעם לעבעדיקן שכן זיינעם — פילן זיין לעבעדיקן אָטעם און ריח. דער וואַרשעווער דאָקטאָר איז געקומען צוזאַמען מיטן קליינעם און דאַרן ווייבל זיינעם, וואָס האָט זיך געטוליעט צו אים, געהאַלטן אים פעסט אונטערן אָרעם. צוגעוווינט פון דער היים נאָכצוגיין אין בלויזן קאָפּ נאָך די רייכע פּאַרגוויאַישטע לוויות פון זיינע נאָענטע, האָט ער אויך דאָ מיט גרויס יראת־הכבוד אַראָפּגענומען דעם שוואַרצן ברייט־ראַנדיקן הוט און דער ווינט האָט אים צעבלאָזן די ברודיק־פּאַרלאָזטע פּאָלקע זיינע, וואָס האָט געהאַט דעם קאָליר פון אַלט שוואַרץ־פּאַרטונקלט זיל־בער. זינט די מאַטראָזן האָבן אים אַזוי ביטער אָפּגענאַרט, געמאַכט אים צו שאַנד און צו שפּאָט, האָט ער ווייניק גערעדט, געהאַלטן די באַליידיקונג טיף־פאַרגראָבן אין זיך, געווען זיכער, אַז קיינער ווייסט נישט פון גאָרנישט. אויך דער גריך, וואָס האָט געהאַט דאָס ווייב, די יפֿי־פיה, אין שפּיטאָל, איז געשטאַנען אין בלויזן קאָפּ. נח האָט זיך געוואַקלט, געשטאַנען אַ צעטומלטער, נישט געוווסט וואָס צו טון, געהאַלטן דאָס אַלטע פאַרשמאָלצע־וועט־צעקנייטשטע היטל אין דער האַנט, נאָר צום סוף האָט ער עס אָנגעטון. ער איז אייביק געגאַנגען אין בלויזן קאָפּ, כמעט אַ שטיק אין ווינטער אריין געטראָגן אַן איבערגעלייגטן סלאָוואַצ־קע־קאָלנער, האָט טאַקע דאָס היטל אויסגעזען פרעמד אויף אים, געזעסן אויפן שפּיץ־קאָפּ, ווי נישט־זיינס.

די האָדעס און בראָניע האָבן אונטערגעהאַלטן די פרוי פּאַביאַש, וואָס האָט קוים זיך געקענט האַלטן אויף אירע קראַנקע אָנגעדראָלענע פיס. זי איז געווען זייער לויז און צעגאָסן, זיך קוים נאָכגעשלעפּט נאָך זיי. דער קאָפּ האָט זיך ביי איר גע־וואַקלט, זיך נישט געקענט האַלטן אויף די אַקסלען און דער

אויפֿגעבלאָזענער גוף אין דעם צעפּליקטן קלייד, בלויז לעכער. האָט נישט געהאַט מער קיין שום כּח אין זיך, ווי ס׳וואָלט מער קיין בלוט אין איר נישט געבליבן. זי האָט נישט געוויינט, די טרערן זענען ביי איר שוין אויסגעטריקנט געווען. דערפֿאַר האָט שוין בראָניע פֿאַר אירעטוועגן געוויינט, אַלעמאָל אַזוי הויך אַרויסגעשלוכצט, אַז עס איז אויסגעקומען ווי נישט די פּאַביאַש וואָלט געווען הער אַבל, נאָר זי. ווי בראָניע האָט זיך נישט געוואָלט באַהערשן, געוואָלט איינהאַלטן די טרערן, האָט זי נישט געקענט. סוף־כּל־סוף האָט אידע זי געהייסן אָפּלאָזן די פּרוי פּאַביאַש און זי אַליין אונטערן אָרעם אָנגענומען. נאַטאַן האָט איינגענומען בראָניען, אָבער ס׳איז נישט געגאַנגען. כאָטש זי איז געקומען צו גיין אויסגעסטראָיעט, ווי געוויינטלעך, אין אירע שמאַטקעס, אַרויפֿגעכאַפּט אפילו אַ באַנד אויפֿן קאָפּ, די האָר זאָלן זיך איר האַלטן, אָנגעטון אַ שוואַרץ קליידל, ווי ס׳פּאַסט צו אַ לוויה, האָט זי זיך אָבער באַלד צוזאַמענגעבראָכן. פֿון דעם גאַנצן אויססטראָיעניש איז באַלד נישט געבליבן קיין סימן. די טרערן האָבן ביי איר אַראָפּגעשווענקט דאָס ריסעכץ פֿון די אויגן, דעם פּודער פֿון די באַקן, גערינען אין קלעפּיקע שוואַרצע ריטשקעלעך, איינגעריסט איר דאָס גאַנצע פּנים, ווי ביי אַ קליין וויינענדיק קינד. אויפֿן נאָך אַלץ יונגען פּנים אירן זענען פּלוצים אַרויסגעקומען אַלע קנייטשן, וואָס זי האָט שטענדיק אַזוי קונציק פֿאַרשטעלט און ס׳איז נישט געבליבן מער קיין זכר פֿון איר שיינקייט און פֿון איר גאַנצער אויסגעסטראָצלטקייט.

ווען די מאַטראָזן זענען אויף דעם אַנדערן עק שיף אַרויסגעקומען, טראָגנדיק פֿאָרזיכטיק אויף די הענט די צוויי מתים, אַריינגעלייגט צוליב דער מגפֿה אין אויף דער גיך צוזאַמענגעקלאַפּטע קאַסטנס—איין קאַסטן גרעסער און דער צווייטער קאַסטן קלענער — האָט די פּרוי פּאַביאַש אַזאַ הויכן קוויטש געטון, אַז אַלע זענען געבליבן דערציטערט. זי האָט בלויז איין הויכן קוויטש געטון און דערנאָך איז זי צוריק געבליבן שטיל. די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט. די מאַטראָזן האָבן איילִיק געטראָגן די צוויי בר־מינַנס, דער קאַפּיטאַן האָט סאַלוטירט, געשטאַנען גלייך־אויסגעצויגן ווי אַ ווירע. ס׳איז געווען אַזוי שטיל, אַז מען האָט

דייטלעך געהערט, ווי די מאַטראַזן טרעטן שווער אויף די ברעַ־טער און ווי דער ווינט פאַרגייט זיך אַלעמאָל שטאַרקער.

ס'האָבן זיך דערהערט צוויי שטילע פּליוסק אין וואַסער. דאָס וואַסער האָט שנעל פאַרשלונגען די צוויי קערפּערס, זיך פּלוצים אַ ריס־אויף געטון אין דער הויך, זיך אויסגעגלייכט מיט דער שיף, ווי ס'וואָלט פאַרלאַנגט נאָך — און דערנאָך זיך גיך אוועק־געקוילערט, זיך צעשיט אויף קליינע שערבלעך, ווי זילבערנע שוים. עס האָט זיך דערהערט ר' לייזער דעם שפּייז-קרעמערס קול:

— ה' נתן, ה' לקח... ברוך דין אמת...

דער ווינט האָט זיך אריינגעכאַפּט צווישן דעם בינטל יידן אויף דער שיף, זיך דווקא אָנגעזעצט אויפן דאָקטאָרס פּאָלקע, זי געריסן פון אַלע זייטן. די זון, אַ גרויסע און אַ קײַלעכדיקע, איז געווען איינגעפּאַסט אין הימל, ווי אַן אָנגעגליטע גאָלדענע שויב, זיך געשפּיגלט אין ר' לייזער דעם שפּייז־קרעמערס כאַלאַט, וואָס האָט געהאַט אַ גרינלעך־רויטן קאָליר פון פאַרזשאַווערט־אַלט אייזן, אין דעם פרישן קרומען שניט פון קריעה־רייסן פון סאַמע פראָנט אויף דער קליאַפּע. ר' לייזער איז שטיל געשטאַנען און מיט פאַרמאַכטע אויגן געזאָגט קדיש. הויך און דייטלעך האָט ער אָפּגעטיילט איין וואָרט פון אַנדערן:

— יתגדל ויתקדש . . .

ראָכמאַן האָט געמינטערט פּאַביאַשן, געוווּנקען צו אים מיט דעם בלאַסן, חשוב-איידעלן פּנים:

— זאָגט קדיש, פּאַביאַש... — האָט ער אים געמינטערט — זאָגט פּאַביאַש...

פּאַביאַש האָט אים געהאָרכט, שנעל געמורמלט עפּעס מיטן מויל, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אַליין. ער האָט גיך אָפּגעכאַפּט דעם קדיש און אַז ער איז שוין לאַנג פאַרטיק געווען, האָט מען נאָך אַלץ געהערט ווי ר' לייזער ציילט פּאַוואָליע און מיט אַ ניגון די ווערטער:

— יהא שלמא רבא מן שמיא...

— אוועק מיטן וואַסער... — האָט ווער אַ זאָג־געטון — אַז

די ערד נעמט צו, קען מען כאָטש נאָך אַמאָל קומען צוגיין צום קבר...

אַלע זענען זיך צעגאַנגען, אָבער די פּאַביאַש האָט מען נישט געקענט רירן פון אָרט. זי האָט נישט געוואָלט גיין, געזאָגט, אַז זי האָט נאָך גענוג צייט. וואָס איז דאָס יאָגעניש? וואָס האָט זי קיין צייט נישט נאָך אביסל צו וואַרטן?... מען האָט גערופן פּאַביאַשן, ער זאָל זי איינגעמען. ער האָט אַ מורמל געטון צו איר אַ פּאָר ווערטער, ווי אויף יוצא צו זיין און זיך באַלד אליין אָפּגעטראָגן. מיטאַמאָל האָט זיך די פּאַביאַש אַרויסגעגליטשט פון דער פרוי האָדעס און אידעס הענט און דער אויפגעלאָפענער גוף אירער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, ווי אַ געפּלאַצטער זאַק. מען האָט זי אויפגעהויבן, זי צוריק געוואָלט שטעלן אויף די פיס, אָבער די פיס האָבן איר נישט געדינט מער.

ר׳ לייזער האָט זיך געזעצט שבעה אויף אַ נידעריק איבערגעדרייט קעסטל, אויסגעטון די שיך. זיין פּנים איז געווען פאַרצערט, ער האָט כסדר געזען פאַר זיך דאָס ווייב, עליה־השלום, וואָס האָט פון תמיד־אָן געטראָגן מיט אים צוזאַמען דעם עול־פּרנסה, געווען אַ גרויסע בריה, אַ ווירטאַנעס. אַלץ האָט געברענט אונטער אירע הענט, אָבער קיינמאָל האָט מען דאָס נישט אָנגעזען. זי האָט גיך־גיך אָבער שטיל מיט די הענט געאַרבעט, אַז קיינער האָט גאָרנישט באַמערקט און ערשט ווען ס׳איז אַלץ פאַרטיק געווען, האָט מען זיך געחידושט ווי געשיקט זי האָט דאָס אַלץ געמאַכט. און פּונקט אַזוי שטיל און מיטן קוק, ווי זי האָט אַלץ געמאַכט, אַזוי שטיל און מיטן קוק האָט זי אַריינגעבראַכט דעם שבת אין שטוב אַריין. דערנאָך איז זי, אַן אָפּגעוואַשענע שוין לכבוד שבת, אַראָפּגעקומען אין געוועלבל אַריין און אים, לייזערן, געשיקט ער זאָל גיין עפּעס איבערכאַפּן. ער האָט נאָך פון אינדערפרי גאָרנישט אין מויל געהאַט, כדי ער זאָל וואָס מער הנאה האבן פון דער שבתדיקער סעודה.

— גיי, גיי, לייזער... — האָט זי אים געמינטערט — גיי אַרויף אין שטוב אַריין... אויפן טיש שטייט אַן אַנגעצוקערט גלעזל טיי פאַר דיינעטוועגן... יעכל שוין דא בלייבן... גיי, לייזער...

אַז ער איז אַרויפגעקומען אין שטוב אַריין, האָט עס שוין

פאַריסן פון יעדן ווינקעלע אַרויס מיט די גוטע שבתדיקע מאכלים.
די פיש האָבן זיך געקילט אין אַ פּולמיסעק אויפן פענסטער, די גרויסע ברוין־אויסגעבאַקענע קוילעטשן זענען געלעגן אויפן טיש און די יויך מיט די פעטע גאָלדענע אויגן האָט אַרויסגעשמעקט פון טעפּל אַרויס. נישט צום פאַרזינדיקן, נישט ערגער, געלויבט השם יתברך, ווי אין גרעסטן גבירישן הויז, ווו עס גייען אַרום אַ סך דינסטן...

און שפּעטער, ווען ער איז פון דאַוונען געקומען און מיט־געבראַכט מיט זיך אַן אורח, האָט דאָס ווייב נישט געוווּסט ווו אים אוועקצוזעצן, וואָס אים צו דערלאַנגען, געמיינט אַלץ, אַז זי איז נאָך נישט יוצא...

און איינמאָל, בשעת אַן אורח, אַפּגעריסן און אָפּגעשליסן, איז געזעסן ביים שבתדיקן טיש און די קינדער האָבן נישט אַראָפּגעלאָזט אַן אויג פון זיינע לאַכעס און דער עיקר פון זיינע פינגער פון די פיס, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון די שיך, האָט עס דעם ווייב געקאָסט שטיקער געזונט. עס איז פאַרגעקומען אַ שטילע פאַרבאַהאַלטענע מלחמה צווישן דעם אורח און דעם קליינוואַרג. דער אורח האָט זיך געשעמט, פאַרשטעלט די שיך, געררוקט זיי וואָס טיפער אונטערן טיש אַרונטער און די קינדער האָבן דווקא געזוכט די שיך, נאָכגעגאַנגען זיי מיטן בליק. זיי האָבן נישט אוועקגענומען די אויגן פון די נאַסע בלאָטיקע פלעקן, וואָס די שיך האָבן נאָך זיך איבערגעלאָזט, ביז זיי האָבן זיך נישט געקאָנט מער איינהאַלטן און אַרויס מיט לשון:

— די מאַמעשי קוקן... — האָבן זיי פאַרמסרט דעם אָרעמאַן פאַר דער מאַמען — אָ־דאָ, מאַמעשי...

דאָס ווייב האָט זיך לכתחילה געמאַכט, אַז זי זעט נישט, אַז זי הערט נישט, צום סוף אָנגעשריגן מיט אַ סך כעס אויפן קליינוואַרג, געהאַט טענות צו אים, צו לייזערן, געוווּנקען צו אים מיט די אויגן, פאַרוואָס ער זאָגט גאָרנישט.

— ניטע!... וויאַזוי זיצט עטץ ביים טיש!... — האָט זי זיך שטאַרק געבייזערט אויף די קינדער — עטץ זענט נישט אַליין!... ווו איז דער דרך-ארץ, ווו!...

זי האָט אַריינגערופן די קינדער אין קיך אַריין, לאַנג אויף

זיי עפּעס געשריגן. און אַז די קינדער האָבן זיך אומגעקערט צוריק צום טיש, האָבן זיי שוין נישט געקוקט מער אין דער זייט אַריין, ווו דער אָרעמאַן איז געזעסן. כאָטש עס האָט זיי דווקא געצויגן צו קוקן אויף אים און דער עיקר אויף זיינע אָפּגעריסענע שיך, האָבן זיי זיך איינגעהאַלטן און בלויז טיילמאָל מיט מורא אַ בלאָנדזשע געטון אויף אים מיט די אויגן.

נאָך דער סעודה, אַז דער אורח האָט זיך געקליבן צו גיין, האָט דאָס ווייב אים אָפּגעשטעלט ביי דער טיר, איינגערוימט אים עפּעס, קיינער זאָל נישט הערן און אים אָנגעזאָגט:

— באַלד, בלי נדר, שפּייסצונאַכטס מערטשעשעם... פאַר־געסטיץ נישט...

און טאַקע באַלד שבת־צונאַכטס, ווען ר׳ לייזער האָט זיך געקליבן אין „שטיבל" אַריין צו מלווה־מלכה, האָט ער באַמערקט, ווי דאָס ווייב פּאָרעט זיך צווישן זיינע זאַכן בשתיקה פאַר אים. זי האָט אויסגעקליבן אַ פּאָר הויזן, אַ פּאָר שיך, אַן אַלט כאַלאַטל און געמאַכט דערפון אַ פּעקל. ר׳ לייזער האָט פאַרשטאַנען פאַר וועמען דאָס פּעקל גייט.

אויף ר׳ לייזערס פּנים איז געווען אויסגעגאָסן אַ צער, וואָס האָט זיך פאַרקליבן אין די צוויי טיפע קאַרבן איבער דער דינער און גלייכער נאָז זיינער, אין דעם געדיכטן קנייטשן־גע־וועב אַרום די אָפּענע ביר־קאָלירענע אויגן. ער איז געזעסן אויפן איבערגעדרייטן קעסטל, געוואָלט אויסרעכענען די מעלות פון זיין ווייב, עליה השלום, נאָכזאָגן נאָך איר שבחים, אָבער ער האָט נישט געהאַט פאַר וועמען. מיטאַמאָל האָט ער זיך אויפ־געשטעלט, אַוועקגערוקט דאָס קעסטל פון זיך און פון זיין פּנים איז ביסלעכווייז דער טרויער פאַרשוווּנדן, וואָרום עס איז אָנגע־קומען דער שבת.

ר׳ לייזער האָט אַרויפגעצויגן צוריק די שיך. ער האָט אויס-געטון דעם וואָכעדיקן כאַלאַט מיטן קריעה־ריס, אָנגעטון, לכבוד שבת, דאָס שענסטע, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, אַן אַנדערן אַלטן כאַלאַט, וואָס האָט געהאַט דעם זעלבן גרינלעך־רויטן קאָליר פון פאַרזשאַווערט אייזן, ווי דער וואָכעדיקער, און ער האָט זיך געגרייט מקבל שבת צו זיין. פון צוזאַמענרופן איצט אַ מנין איז

געוועז אָפּגערעדט. ער האָט ארויסגעקוקט צום הימל. ס'איז געוועז שקיעת־החמה. די זון, אַ בלוטיק־רויטע, האָט זיך געזעצט, ווי אַ געפּלאַצט געשוויר פאַרגאָסן אַ גרוים שטיק הימל. ווי אַן איבער־גייענדיקער טייך האָט זיך ד' אונטערגייענדיקע זון געגאָסן אין ים אריין, זיך אויסגעמישט מיט אים, געוואָרן איינס. ר' לייזער האָט אויפגענומען דעם שבת ווי אַלע וואָך, פונקט ווי ער וואָלט זיך נישט אומגעקערט ערשט פון זיין ווייבס לוויה. ער האָט פאַר־געסן מיטאַמאָל פון אַלע צרות, זיך אויסגעטון פון אַלע וואָכע־דיקע זאָרג. ער האָט שטיל געזאָגט „לכה דודי.” ביי „בואי בשלום” האָט ער זיך אויסגעדרייט צו דער מערב־זייט, זיך דריי מאָל אַ בוק געטון פאָרויס, פאַרבעטן דעם שבת, וואָס איז גע־גליכן צו אַ כלה. דערנאָך האָט ער זיך געגרייט צו דער סעודה, צו אַביסל הארטע פּאָסנע גרויפּן און אַ קאַלט ביסל איבערגע־שטאַנענע זופּ, וואָס ער האָט זיך אליין צוגעגרייט און זיך איבערגעלאָזט פון אינדערפרי פאַר דעם פּרייטיקצונאַכטסדיקן מאָלצייט. ער האָט הויך און מיט אַ ניגון געזאָגט „שלום עליכם”, אָן אויפגעלייגטער אויפגענומען די מלאכים, זיין שטים האָט צומאָל נישט קיין ציטער געגעבן. נאָר ווען עס איז געקומען צו „אשת חיל,” האָט זיך זיין קול אַ וואַקל געטון און ער האָט זיך פאַרלוירן. אין דער באָרד האָבן זיך ביי אים אַ זילבער געטון טרערן, זיך גיך אַ קייקל געטון. באַלד האָט ער זיך אָבער צוריק געשטאַרקט, געקומען צו זיך. בעתן עסן האָט ער הויך געזונגען זמירות, צוגעפּאַטשט מיט ביידע הענט...

## IX

דער ים, אַן אָנגעהיצטער, אַ קאָכעדיקער, האָט זיך געהויבן, געשוואָלן געוואָרן, אויפגעיוירן, אויסגעזען ווי אַ גרויסער מעוברתער בויך, געפּאַטשט מיט די כוואַליעס אין דער שיף, זיך אויסגעגלייכט מיט איר, זיך געשטעלט אין דער קרום, ווי אַ מעב־טיקע וואַנט און געפּאָדערט אַלעמאָל נייע קרבנות.

און דער ים האָט די קרבנות באַקומען, זיי גיך פאַרשלונגען, צוגעדעקט מיט די שוימיקע, קאָכעדיקע וואַסערן און באַלד גע־

פֿאָדערט נאָך, געשריגן פֿון די טיפֿעניש, ווי פֿון אַנדערע פֿרעמדע אונטערוואַסערדיקע וועלטן אַרויס. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער גרויסער ים האָט זיך פֿאַרנומען אויף דער שיף, וואָס האָט זיך אַזוי נעבעכדיק צו זיין שוים געטוליעט און ער וויל זי דווקא אַריינציען אין זיינע טיפֿע תהומען.

נאָך פּאַביאַשעס מיידעלע איז באַלד דאָס יינגל אַוועק פֿון דער וועלט. דער הויכער און קרעפֿטיק־געזונטער בחור, פּאַביאַשעס שכן, האָט אויך נישט געקענט בייקומען די קרענק, איז אויסגעגאַנגען, ווי אַ ליכט און דער גריך האָט פֿאַרלוירן דאָס ווייב, די יפֿי־פֿיה, וואָס ער האָט געפֿירט מיט זיך אַהיים און ער איז צוריק געבליבן אינגאַנצן אַליין. ער איז געפֿאָרן ברענגען אַ ווייב פֿאַר זיך פֿון זיין געבורט־שטעטל, אָבער ער איז איצט צוריקגעפֿאָרן ווידער אַליין וואַשן דאָס געשיר אין זיין קליינער רעסטאָראַציע. ער האָט זיך נאָך אַלץ צוגעהערט צום ראַדיאָקעסטל, וואָס האָט געבראַנגט ידיעות פֿון זיין באַפֿאַלן לאַנד און זיינע קנאָכיקע פֿויסטן האָבן זיך נאָך מער געביילט, ווי פֿריער.

מען איז ביסלעכווייז צוגעוווינט געוואָרן צו די ידיעות וועגן די טויטע, שוין מער נישט געגאַנגען זען, ווי מען לאָזט זיי אַראָפּ אין וואַסער אַריין אין בלויזע זעק מיט שטיינער, מורא גע־האַט זיך צוצוקוקן צו דעם, אויסגעמיטן דאָס ווי ווייט מען האָט געקענט. שטיל האָט מען די טויטע געוואָרפֿן אין ים אַריין. צומייסטנס האָט מען עס געטון ביינאַכט, קיינער זאָל נישט זען, עס זאָל זיין שאַ־שטיל.

וויפֿיל אַלע זענען זיך שוין נישט נמאס און מיאוס געווען, נישט געקענט מער קוקן אויף זיך, נישט געקענט מער זען די זעלבע תנועות, הערן צום וויפֿילסטן מאָל די זעלבע רייד, וואָס מען האָט שוין געקענט פֿון אויסנווייניק, האָט מען פֿונדעסטוועגן אַלע אינדערפֿרי מיט גרויס מורא זיך פֿאַרזיכטיק און בגנבה אומגעקוקט, צי אַלע זענען דאָ, צי די מגפֿה האָט ווידער נישט געפּאַקט וועמען ביינאַכט. מיט יעדן באַקאַנטן האָט מען זיך אַלע אינדערפֿרי אין דער שטיל דערפֿרייט, אָנגעקוקט אים מיט אַ גלאַנציק פֿייערל אין די אויגן, וואָס מען האָט נישט געקענט פֿאַרבאָרגן. יעדער איינער האָט זייער מורא געהאַט פֿאַר זיך. אַ

ליאַדע קלייניקייט — אַ ליאַדע מיש אין קאָפּ, אַ ליאַדע פּלעק אויפן לייב, אַ מידקייט אין די פּיס — איז באַלד געוואָרן אין די אייגענע אויגן פּאַרדעכטיק, אויסגעוואַקסן גרויס און מען איז געוואָרן זיכער, אַז מען איז שוין פּאַרלוירן, אַט־אַט פאַלט מען אוועק. מען האָט זיך באַלד אָפּגעטיילט פון אַלע, כדי נישט צו ציען קיין שום חשד אויף זיך, כדי קיינער זאָל גאָרנישט באַמערקן און געוואַרט אַזוי לאַנג ביז ס'איז צוריק געוואָרן גוט. און אַז עס זענען אַ פּאָר טעג פאַרביי און קיינער האָט אויף דער שיף מער נישט געפעלט, האָט מען שטילערהייט געגלייבט, אַז אַליין איז שוין מיט גאָטס הילף אריבער, אָבער צו רעדן וועגן דעם אָפן האָט קיינער נישט געוואַגט, מורא געהאַט צו געבן אַן עין־הרע.

דערווייל זענען אָנגעקומען גרויסע היצן — אָנגעקומען בגנבה־שטיל און פּלוצים, ווי אַראָפּגעפאַלן פון הימל. די היצן האָבן זיך פּאָרזיכטיק אריינגעשאַרט, ווי אַן אָנשיקעניש און מען האָט זיך פאַר זיי זייער געשראָקן...

— נאַ דיר  ווייטער אַזאַ צרה טאָמער איז ווייניק געווען!...— האָבן די יידן געקרעכצט — אַזאַ חמימה!... פייער פאַלט דאָך פון הימל!... אַזוי היים איז נאָך נישט געווען!...

אין די קאַבינעס איז נישט געווען מער מעגלעך צו זיין, נישט געווען מעגלעך צו כאַפּן דעם אָטעם. פון שלאָפן איז שוין אָפּגערעדט. די עלטערע מענטשן, וואָס האָבן דווקא געוואָלט בלייבן שלאָפן אין די קאַבינעס, זענען אינמיטן דער נאַכט גע־קומען צוקריכן אויפן דעק און אין דער פינסטער געבלאָנדזשעט מיט די קישעלעך אין דער האַנט צווישן די פיל אַלטע פעסער און קאַסטנס, געזוכט אַן אָרט וווּ אוועקצולייגן דעם קאָפּ.

די חמימה האָט זיך געהאַלטן אַ פּאָר טעג נאָכאַנאַנד און עס איז געווען שווער צו דערקענען ווען עס איז טאָג און ווען עס איז נאַכט. ס'איז כסדר געשטאַנען אַ בין־השמשות, וואָס האָט אַלע סמנים פאַרווישט, איינגעהילט אַלץ אין אַ ווייס־גרויען נעפּל, אין שווערע, נידעריקע וואָלקנס, ווי אין אַ הייסער, זידיקער פּאַרע. הימל מיט ים האָט זיך אויסגעמישט אין איין שטיק מוטנער, אָן־קאָליריקער וואַטע. קיין זון האָט מען נישט געזען.

טיילמאָל בלויז האָט זיך דורך דער געדיכטער וואַטע אַדורכגע-
ריסן אַ שטיק צעברענט, צעפלאַקערט פייער — אַ סימן פון דער
זון. די גאַנצע וועלט איז געלעגן אין גרויסער שרפּהדיקער היץ,
געלעגן אויסגעשעפּט און אָן כוחות און געלעכצט נאָך אַ קילן
טרונק צו דערפרישן דעם גומען. די וועלט האָט אויסגעזען ווי
אַן אָנגעבלאָזענער פּענכער, וואָס פּלאַצט איעדע רגע אויף.
כאָטש אַלע האָבן געמיינט, אַז אָט־אָט וועט פאַלן אַ רעגן און
מען וועט זיך קענען דערכאַפּן מיט אַ פרישן טרונק, אונטער־
שטעלן דאָס מויל און פאַרשידענע כלים אונטער דעם מחיהדיקן
וואַסער, וואָס וועט זיך אַ לאָז טון פון הימל — איז אָבער קיין
רעגן נישט געקומען. די לופט איז ווייטער געבליבן אָנגעגליט
און רויט. שטיקער פייער האָבן זיך געטראָגן אינם בין־השמשות-
דיקן חלל און דער גאַנצער אָרום האָט אויסגעזען ווי איין
גרויסער אויסגעהייצטער אויוון, וואָס שפּרייט אַ שטילע און
שרפּהדיקע היץ...

קיין רעגן איז נישט געקומען און די פּאַ־ציעס וואַסער, וואָס
מען האָט אויסגעטיילט אַלע טאָג, האָבן קוים געסטאַרטשעט
די צעשרפּהטע ליפּן צו באַנעצן.

צומיינסטן פון אַלע האָבן געליטן פון דורשט מאַרקוס
פעלדבוים דער „אָקס" און די פרוי פּאַביאַש. זיי זענען צוזאַמען
אויפן דעק געזעסן, דער גורל האָט זייביידן פאַרבונדן. באַלד ווי
די היצן האָבן זיך געשטעלט, האָט מען פון דער קאַבינע גע־
ברענגט די פרוי פּאַביאַש און זי איז געזעסן, ווי אַ פלאַץ, אויפן
דעק, זיך נישט גערירט פון אָרט און איז ווי צעגאַנגען פון דער
היץ, זיך צעגאָסן נאָך מער אין דער ברייט. פּונקט ווי פעלדבוים
האָט געליטן פריער פון הונגער, געפילט ווי דער ליידיקער מאָגן
קורטשעט זיך אים איין, ווערט קלענער און קלענער און עס ווערט
אים כסדר איבלדיק און הויל אונטערן גריבל ביים האַרץ, כאָטש
ער ליידט שוין לאַנג נישט פון דער ים־קרענק, אַזוי האָט אים
איצט דער דורשט געפּייניקט. ער האָט פון הונגער פאַרגעסן,
געזוכט כסדר עפּעס אָרום זיך מיט זיינע גרויסע, מוטנע אויגן,
וואָס האָבן געהאַט דעם זעלבן קאָליר, פּונקט ווי דער ים אָרום.
ער האָט געפּרוווט אַפילו טרינקען דאָס געזאַלצענע ים־וואַסער

פון קראַן, כדי צו לעשן די שרפה אין זיך, זיך געוואָרפן דערויף מיט גרויס אייפער און מען האָט אים קוים אָפּגעהאַלטן, קוים האָט ער זיך דווקא געריסן צום וואַסער, הויך געשריגן, זיך גע־אָפּגעשטופּט. מיט אַלע כוחות פון זיין גרויס־צעוואַקסענעם גוף בייזערט און עס האָט לאַנג געדויערט ביז ער האָט באַנומען, וואָס מען רעדט צו אים.

אַלע זענען אַרומגעגאַנגען האַלב־נאַקעט, אַראָפּגעוואָרפן אַלץ פון זיך. די ווייבער האָבן מיטאַמאָל פאַרלוירן די בושה, פראַנק־און־פריי, ווי אין דעם וואַלט נישט געלעגן קיין שום שלעכטס, אַרומגעטשאַפּעט אָן כוח אין די בלויזע צעריסענע האַלקעס, פון וועלכע עס האָט חוצפּהדיק־אָפן אַרויסגעקוקט דאָס נאַקעטע לייב. פון די צעכראַסטעט־אויפגעשפּיליעטע העמדער האָבן זיך געזען די מאָגערע ברוסטן, וואָס זענען געהאָנגען מיד, ווי ליידיקע פּענכערס, פון וועלכע מען האָט אַרויסגעלאָזט די לופט. די מענער האָבן אפילו נישט געטראָגן קיין העמדער, בלויז אַרויפגעכאַפּט אויף זיך די הויזן. טייל זענען אַרומגעגאַנגען אין די גאַטקעס, מער געלעגן אויף איין אָרט, ווי אַרומגעגאַנגען, נישט געהאַט קיין כוח זיך צו רירן. מען איז שוין מיד געווען צו זוכן אַן אָרט, ווו זיך צו באַהאַלטן פון דער חמימה, אומעטום איז געווען גלייך הייס. אַלץ האָט געברענט פון היץ: די אַלטע קאַסטנס און פּעסער, וואָס זענען זיך צעפּאַלן, אַרויס פון די רייפן, די פּאַדלאַגע, די שטריק, די צעריסענע פּלאַנדעקע. צו די אייזערנע פּאָרענטשעס און זיילן האָט מען זיך נישט געקענט צורירן, ווייל זיי האָבן געגליט און גרויסע אייל־טראָפּנס האָבן זיך, ווי שווייס, געשטעלט אויף זייער אייזערן לייב.

כאָטש די דעק איז געווען גרויס און יעדער האָט ביינאַכט געקענט געפינען געגוג אָרט, ווו אויסצוציען די צעבראָכענע אברים, האָבן זיך אַלע געשטופּט אין איין קופּע און זיך געקריגט איבער אַ בעסערן פּלאַץ צו שלאָפן. אַלע זענען געווען בייז, אָנגעצויגן, אָט־אָט אויסצופּלאַצן. כאָטש מען האָט זיך געטוליעט צו זיך, האָט מען פונדעסטוועגן נישט געקענט פאַרטראָגן איינער דעם אַנדערן און ביי אַ ליאַדע קלייניקייט איז אויסגעבראָכן אַ געקריג און מען האָט זיך אַריינגעזאָגט אין טאַטנס טאַטן אַריין.

מען האָט פּשוט, ווי מיט ליכט, געזוכט זיך צו קריגן. פון די קופּקעס האַלב־נאַקעטע גופים איז אויפגעגאַנגען אַ שוויים און עס האָט זיך געהערט אַזאַ מיד שנאָרכן, ווי עס וואָלט זיך ווער געוואָרגן.

אַ סך האָבן נישט געקענט שלאָפן, אַרומגעוואַנדערט פון איין אָרט אויפן אַנדערן. זיי האָבן כסדר געביטן דאָס אָרט, גע־מיינט אַלץ, אַז ערגעץ אַנדערש וועט זיין בעסער און דער שלאָף וועט צו זיי קומען.

אויך נאַטאַן און אידע האָבן נישט געקענט צוטון קיין אויג, געזוכט אַן אָרט, געקראָכן צווישן די שלאָפנדיקע מענטשן. פּלוצים האָט נאַטאַן אָנגעטרעטן אויף וועמען און עס האָט זיך באַלד דערהערט אַ בייז פאַרשלאָפן וואָרטשען:

— וווּ קריכסטו! זעסט נישט ווו דו גייסט! האָסט דיך נאָך אַלץ נישט צוגעוווינט צו דער פינסטערניש?... נעם די אויגן אין דער האַנט אריין, אַז דו זעסט נישט!... טרעט נישט איבער קיין מענטשן!...

נאַטאַן האָט זיך צוריקגעצויגן, מיטגעשלעפּט אידען מיט זיך, געוואָלט וואָס גיכער אַוועק פון דאַנען. דאָס פאַרשלאָפענע קול האָט אים אַלץ נאָכגעשריגן, זיך נאָך אַלץ נישט געקאָנט באַרואיקן. נאַטאַן איז אַוועק וואָס ווייטער פון דעם קול, געקראָכן צווישן די רעטונגס־שיפלעך, וואָס האָבן געגלאָצט מיט די אָפענע פינסטערע מיילער צום הימל. פון דעם ים איז אויפגע־גאַנגען אַ פּאַרע, ווי פון אַ קאָכעדיקן קעסל, פאַרשטעלט אַלץ, ווי מיט אַ שלייער.

בשעת נאַטאַן און אידע זענען אַרומגעקראָכן אויפן דעק, האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף נאָך פיל מענטשן, וואָס האָבן נישט געקענט שלאָפן. ראַכמאַן האָט זיך אַרומגעדרייט מיט אַן אויפ־געשפּיליעט העמד, אויסגעפרעגט נאַטאַנען געננוי, ווו זיי געפינען זיך איצט. זיי מוזן איצט זיין נאָענט פון גרויסע מדבריות, ווייל פון וואַנען האָבן זיך פּלוצים גענומען אַזעלכע היצן? ער, נאַטאַן, איז דאָך אַן אינטעליגענטנער יונגערמאַן, איז ער מחויב צו וויסן. ער אַליין איז דאָך אויך נישט פון די פאַרגרעבטע און נאָך זיין שכל נאָך דאַרפן זיי זיין אויפן רויטן ים... ווען נאַטאַן

האָט אים געזאָגט, אַז מן־הסתם זענען זיי איצט אויפֿן אינדישן אָקעאַן, אויפֿן עקוואַטאָר, האָט ער אים גענוי געמוזט אויסמשלן, ווו דאָס איז ערגעץ. און וויפֿיל מאָל נאָטאַן האָט אים נישט אויסגעמשלט, האָט ער אַלץ „דאָקלאַדנע" נישט געוווּסט, גע־האַלטן זיך אין איין איבערפֿרעגן, ווו דאָס שטעקט...

ראָכמאַן איז אין די הייסע נעכט געווען זייער נידערגעשלאָגן. זיין גאַנצע חשיבות האָט זיך מיטאַמאָל פֿון אים אָפּגעטון. ער האָט זיך פּלוצים איינגעשטעלט פֿאַרן קאַפּיטאַן, געזאָגט, אַז מען קען צו אים קיין טענה נישט האָבן. די וואַסערן זענען נישט זיכער, דער דייטש האָט אומעטום שטעקן אַ האַנט, פֿאַרלייגט זיינע נעצן אויף אַלע ימען, אויף אַלע פֿאָרטן. וואָס־זשע קען דער ערל אויפֿטון? ער איז נעבעך אַליין אין פּעקל, האָט מורא צוצופֿאָרן צו אַ פּאָרט, ווו ס'איז אַ גרויסע סכנה, באַהאַלט זיך כּסדר אויס אויפֿן ים. אַז ער האָט זיך שוין אפֿילו אָפּגעשטעלט ע׳ גענץ האָט מען אים באַלד משלח געווען פֿון דאָרטן, ווען מען איז געוויער געוואָרן ווּעמען ער פֿירט. איצט וויל ער שוין גאָרנישט מער פּרוּוון. אַז אָך און ווי איז צו זיין קאָפּ! אַז די שיף איז אינגאַנצן הפקר. מיט וואָס האָט זי זיך אומשטיינסגעזאָגט צו ווערן קעגן אַזאַ דייטש? און אפֿשר וואָלט טאַקע אַ שׂכל געווען צו שיקן צום קאַפּיטאַן, נו, ווי הייסט זי דאָרטן דאָס ווייבל, די בראָניען?... אפֿשר וואָלט מען דאָך געקענט פֿון אים אַרויס־קריגן, ווו מען האַלט ערגעץ אין דער וועלט. ווער קען דען דערגיין זיינע כּוונות, זיינע געננ. אַז מען האַלט זיך אין איין דרייען אויף איין אָרט ווי, להבדיל, ביי הקפֿות און מען האַלט אַלץ פֿון פֿאָרנט. ס'איז אַ מעשׂה אָן אַ סוף! און אַז מען וועט שוין מיטן אייבערשטנס הילף אָנקומען קיין אויסטראַליע, איז ווער ווייסט, צי מען וועט דאָרט אַריינלאָזן? אפֿשר טויגן נישט די פּאַפּירן? אַז מען וויל אינערגעץ נישט זען דאָס ביסל יידן! אינגאַנצן פֿונם וועג רעדט ער נישט פֿאַביאַש! מען האָט שוין געזען אַזעלכע זאַכן! וואָס איז נעבעך פֿון דעם יונגענמאַן גע־וואָרן? ער איז דאָך מער נישט דערזעלבער מענטש. און ער איז דווקא אַן אינטעליגענטנער יונגערמאַן, זיך געוווּסט אָנצורופֿן אַ וואָרט, אַרויסגעברענגט אַמאָל אַ טייערן איינפֿאַל, אַ גוטן גע-

דאנק. איי, ער איז א פּלוט, ער האָט זיך איינגערעדט אַביסל צופיל, איז ווידער די אייגענע מעשה, ווער רעדט זיך דאָס נישט איין? אַ מענטש שטאַרקט זיך און שטאַרקט זיך, אָבער קיינער איז נישט פון אייזן. ווי לאַנג איז דער שיעור דאָס אַלץ איבער־צוטראָגן? מען איז אינגאַנצן הפקר!...

ראָכמאַן האָט גערעדט איצט פּונקט דיזעלבע רייד, וואָס פּאַביאַש האָט אַמאָל גערעדט, צוגעהאַלטן נאָטאַנען מיט דער האַנט און אים נישט אָפּגעלאָזט. נאָטאַן איז געווען מיד, נישט געהאַט וואָס ראָכמאַנען צו ענטפערן. עס האָט זיך אים נישט געגלוסט נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל איבערצוחזרן די זעלבע רייד, צו טאָפּטשען אין דער זעלבער בלאָטע. פּלוצים האָט זיך דער־הערט אַ קול, וואָס האָט שטיל און פאַרבענקט געזונגען עפּעס אַ פּויליש ליד. דאָס קול האָט מיטאַמאָל אויפגעהערט צו זינגען און אָנגעהויבן מיט אַ סך התפּעלות צו דעקלאַמירן אַ ליד פון אַ פּוי־לישן קלאַסיקער, ווו דער דיכטער גיסט אויס זיין בענקשאַפט נאָך דעם פאָטערלאַנד... נאָטאַן האָט דערקענט דאָס ליד. ער האָט אויך דערקענט בראָניעס קול, וואָס האָט דאָס ליד דעקלאַמירט. די פּוילישע שפּראַך, וואָס מען האָט ווייניק אויף דער שיף גע־הערט, און די באַקאַנטע ווערטער פון דעם פּוילישן דיכטער אינמיטן דער הייסער נאַכט אויפן ים, האָבן געקלונגען פרעמד און אין דער זעלבער צייט אַזוי נאָענט און אייגן. מען האָט אָבער נישט געלאָזט ענדיקן בראָניען דאָס ליד, עס האָט איר באַלד ווער איבערגעשלאָגן:

— שוין אויס פּוילן!... — מעגסט שוין פאַרגעסן דיין פּאַ פּאַלאַשו!... — האָט איר ווער איבערגעשלאָגן אין סאַמע מיטן — זע נאָר, ווי זי האָט זיך דאָס צעזינגען אינמיטן דער נאַכט! ווייניק האָט דיר דער פּאָליאַק אָנגעטון געברווינטע צרות, וואָס דו בענקסט אַזוי נאָך אים?... מעגסט שוין זאָגן קדיש נאָך פּוילן!...

בראָניע איז שטיל געבליבן, נישט געוווּסט, ווער עס האָט איר דאָס אַזוי אריינגעזאָגט. נח איז איר צו הילף געקומען. אָט דער נח, וואָס האָט קיינמאָל פון דער שוועסטער נישט געהאַלטן, אויסגערעדט אויף איר וואָס נאָר אין דער קאָרט, שטענדיק איר

צוגעוואָרפן שטעך־ווערטלעך, האָט זיך פּלוצים אָנגענומען פאַר איר:

— וואָס מאַכט איר עפּעס אַליין דעם חשבון?... וואָס זאָגט איר עפּעס שוין קדיש נאָך פּוילן?... — האָט ער זיך אָנגענומען פאַר דער שוועסטער.

— זע נאָר, ווער עס שטעלט זיך איין פאַר פּוילן?... קוקטץ נאָר אָן פּוילנס נייעם פּשיאַטשעל!... ביזט דאָך אין פּוילן געזעסן אין די תפיסות, זאָגסטו?... ווייניק האָט מען דעם ייד דאָרט דעם טויט געמאַכט?... ווייניק האָט מען אים געפּייניקט?...

— דאָס איז עפּעס אַנדערש... שולדיק אין דעם איז דער פאַשיזם... דער פּוילישער פּויער, די פּוילישע אָרימקייט האָבן נישט געוואָלט קיין פּאָגראָמען!... זיי האָבן דעם ייד נישט גע־רודפט...

— אַז דו רעדסט שוין יאָ אַזוי שיין, זאָג־זשע מיר, כ'בעט דיך, וואָס האָבן דיינע פּשיאַטשעלעס אַריינגעהאַקט דעם פּאָליאַק אַ מעסער אין דער פּלייצע?... באַפאַלן דעם אָרעמען אַרבעטער און פּויער פון הינטן?

— נישט אַריינגעהאַקט דעם פּאָליאַק אַ מעסער אין דער פּלייצע, זאָג עך אייך... נאָר דאָס רוטענישע און דאָס ווייס־רוסישע פאָלק האָבן אָראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם יאָך! און די יידן, וואָס זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון דייטשע הענט גייען אייך שוין גאָרנישט אָן?!... זיי האָט איר געלאָזט שוין אינ־גאַנצן אויף הפקר?...

— זע נאָר, ווי ער דרשנט דאָס, ווי פון אַ סידור אַרויס, דער גאַליציאַנער!... ווי כ'זע, קענסטו די תורה פון אויסנווייניק!... וואָס־זשע האָסטו אַליין געמאַכט פּליטה און איבערגעלאָזט אַנ־דערע זאָלן טאַפּן אין דיין רוסישן גן־עדן אַ וואַנט?... אַ גאַליציאַ־נער האָט דעם אמתן שכל! אַ גאַליציאַנער דאָקטאָר האָט שטענ־דיק דעם קאָפּ אויפן קאַרק!... דער חשבון איז צדק! האָסט ליב די כלה פונדערווייטנס...

אַלץ האָט מען נחן געקענט אַריינזאָגן, אָבער נישט אַזאַ ליגנט, אַז ער איז אַנטלאָפן פון דער היים, בשעת די רויטע אַרמיי איז דאָרט אַריין. דאָס איז געווען דאָס ערגסטע, וואָס מען

האָט אים געקענט זאָגן, זיין שוואַכע זייט געווען, דאָס סאַמע אָנגעוויטיקסטע אָרט. ער איז זייער בייז געוואָרן. שטענדיק אַ היציקער, וואָס טוט אַלץ אויף דער הייסער מינוט, נישט באַ־רעכנטערהייט, פאַרשוויגט קיינמאָל נישט קיין עוולה, בלייבט נישט שולדיק קיינעם קיין ענטפער, האָט אין אים איצט אַלץ געקאָכט און ער האָט זיך אינגאַנצן געוואָרפן. אין דער היים, אין לעמבערג, איז אים נישט איינמאָל זיך אויסגעקומען ארומ־צורייסן מיט די שכנים, וואָס זענען צו זיינע עלטערן אין שטוב אריינגעקומען און נישט געוואָלט מסכים זיין צו זיינע רייד. כאָטש די שכנים זענען אָרעם געווען, נישט פאַרמאָגט קיין שטיקל ברויט אין שטוב, האָבן זיי זיך פיל מאָל נישט געוואָלט צוהערן צו דעם אמת, וואָס ער האָט אַזוי קלאָר געזען, אָנגע־טאַפּט אים מיט די הענט. דאָס איז אים זייער פרעמד געווען, אינגאַנצן נישט געקראָכן אין קאָפּ אריין און ער איז אַזוי אויפ־געבראַכט געוואָרן, אַז ער האָט די שכנים באַליידיקט, זיך ארומ־געריסן מיט זיי. אויך איצט האָט ער זיך געגרייט אָפּצושייגעצן יענעם, וואָס האָט אים אַזוי טיף אריינגעזאָגט. אָבער מיטאַמאָל האָבן זיך פון אַלע זייטן דערהערט שטימען:

— לאָזטץ שלאָפן!... — האָבן זיך דערהערט בייזע און פאַרשלאָפענע שטימען — לאָזטץ צוטון אַן אויג! געפינען אַן אָרט ווו זיך ארומצורייסן!... טראַגטץ ענק אָפּ פון דאַנען!...

דערהערט די קולות, וואָס זענען געוואָרן אַלעמאָל בייזער און אָנגעצונדענער, זענען נחן די רייד שטעקן געבליבן אין האַלז און ער האָט מער גאָרנישט געענטפערט.

נאַטאַן האָט זיך צוגעהערט צו די רייד. דאָס קול, וואָס האָט נחן אַזוי אריינגעזאָגט, איז אים געווען באַקאַנט. ער האָט גע־וואָלט דערגיין ווער דאָס איז, אָבער אויף צולהכעיס האָט ער זיך איצט בשום-אופן נישט געקענט דערמאָנען. נאַטאַן האָט געקלערט פון פוילן, וואָס מען האָט ערשט אַזוי צערעכט געמאַכט, אָפּגע־ווישט; געקלערט פון די אַלע „סטאַנציעס" אין וואַרשע, ווו ער האָט זיך אַלץ ארומגעוואַלגערט און זיך כסדר געמוזט צוהערן צו די אויסגעצויגענע געשרייען פון די אַלטוואַרג־הענדלער און בעלי־מלאכות, וואָס האָבן דעם הויף פאַרהילכט און אים געלעכערט

די אויערן. די באַלעבאָסטעס פּון די סטאַנציעס זענען אים דערגאַנגען די יאָרן, דעם טויט געמאַכט, נאָכגעיאָגט אים נאָכן דירה־געלט און ער האָט זיך געמוזט פאַר זיי אויסבאַהאַלטן, כסדר אָפּנאַרן, אַז דאָס לעבן איז אים נישט איינגעגאַנגען. ער האָט געחלומט פון אַוועקפאָרן קיין אויסלאַנד, זיך געלערנט, מיט עקשנות זיך געלערנט, געוואָלט צו עפּעס צוקומען, כדי אַרויסצוקריכן פון דער בלאָטע, וואָס איז אים שוין געגאַנגען ביז איבערן האַלז. ביז אין דער האַלבער נאַכט אַריין איז ער אויף געווען, מיט בענקשאַפט געקוקט אויפן פאַרלאַטעטן, פאַרזשאַווערטן פעלד־בעטל, אויפן ברודיק־צעשיטן בעטגעוואַנט, וואָס די מאַמע האָט פאַר זיין אַוועקפאָרן פון דער היים אויסגעוואַשן, פאַרצערעוועט און מיט אירע ערלעכע, געטרייע, מאַנסביליש־גרויסע הענט איינגעפּאַקט אין אַ זאַק צוזאַמען מיט אַן אָפּגעציטערט סלאָיקל איינגעמאַכטס. ער איז געזעסן ביי די פּאַרקאָפּטשעטע נאַפט־לעמפּלעך, מורא געהאַט פאַר די באַלעבאָסטעס און פאַר די פרעמדע בחורים, וואָס זענען מיט אים אין איין שטוב געשלאָפן, צו ברענען דעם גאַז ביז אַזוי שפּעט אין דער נאַכט אַריין, זיך אַרויסגענומען די אויגן, זיך אָפּגעפרישט אַלעמאָל דעם צעהיצטן, מידן קאָפּ מיט קאַלט וואַסער און די איינגעהויקערטע פּלייצע נישט אויפגעהויבן פון די ביכלעך. כאָטש ער האָט דעם אָרעמען, ציטערדיקן טאַטן זיינעם, וואָס האָט אים דווקא געוואָלט פאַר אַ לייט מאַכן, פיינט געהאַט בתכלית השנאה, נישט פאַרטראָגן זיינע נעבעכדיקע, געפאַלענע העוויות, זיין הכנעהדיק פירעכץ, איז ער אַ סך פון אים נישט אַוועק. ער האָט זיך ווי זיין טבע בעתן לערנען מיט עקשנות געביסן די נעגל, זיך געלערנט—אַזוי פלייסיק זיך געלערנט — אַז ער האָט גאָרנישט מער פאַר די אויגן געזען און די יאָרן זענען אים גיך און מיט גאָרנישט אַוועק.

אַ סך שטערונגען האָט ער געהאַט אויף זיין שווערן וועג. דאָס, וואָס ער האָט זיך געוואָלט לערנען, האָט ער נישט געקאָנט, מען האָט אים נישט צוגעלאָזט דערצו. ער האָט זיך געמוזט וואַרפן פון איין זאַך אויף דער אַנדערער, אַלעמאָל געהאַט אַ פולן קאָפּ מיט פּלענער, וואָס זענען אים באַלד צערונען. ער האָט גע־

מוזט זיך צוקוקן, ווי די פוילישע חברים וערן צוגעלאָזט צו אַלץ, צו וואָס זייער האַרץ גלוסט און ער ווערט פון אַלץ אַרויסגע־שטויסן... ער האָט זיך געמוזט צוקוקן צו דעם און שטיקן אין זיך . . .

און כאָטש נאַטאַנען איז דאָס אַלץ אַזוי נמאס און מיאוס געווען, שוין געקראָכן פון האַלז אַרויס, האָט ער צו דעם אַלעם פונדעסטוועגן איצט קיין שום שנאה נישט געפילט. פאַרקערט, אַ גרויסע בענקשאַפט האָט ער איצט דערפילט צו די אַלע סטאַנ־ציעס מיט די שלעכטע באַלעבאָסטעס, צו די ברודיק־אָפגעשיילטע הייזער אויף דער מילע, ווו ער האָט געוווינט, צו די אויסגעצווי־גענע געשרייען פון די אַלטוואַרג־הענדלער און אפילו צו די לע־דערס, וואָס האָבן אים געבערענט דעם טריט. עס האָט זיך אים דערמאָנט דער אָרעמער טאַטע זיינער, זיין איינגעקורטשעט בערדל מיט די אויסגעטרוקנטע ליפּן, די אייביק־צעפליקטע מאַ־רינאַרקע זיינע, ווו ס׳האָבן פון אונטער דער קלאַפּע שטענדיק אַרויסגעשטעקט אַ פּאָר נאָדלען, זיין בעל־מלאכיש קאַשקעטל, וואָס ער האָט אַ טבע געהאַט פון צעטראָגנקייט צו פאַרשאַרצן אַביסל איבערן שטערן. ער פילט אויף זיך דעם טאַטנס ציטער־דיקע, איינגעקורטשעטע באָרד און די אויסגעטרוקנטע ליפּן און ס׳שטייט אים פאַר די אויגן דאָס שטעטל מיט די באַלעבאַטים, וואָס האָבן אים געטון די טובה און גאַווהדיק געשטעקט אים די ווייכע שפּיצן־פינגער, די מיידלעך, וואָס האָבן שפּאַצירט אויף און אָפּ אין מאַרק, די יידן מיט די טליתים אויף די אַקסלען, בשעת זיי זענען שבת פון דאַווענען געגאַנגען מיט געלאַסן־פּאַ־וואָליע, בנעימותדיק־רואיקע טריט.

ער האָט זיך דערמאָנט אַ חופּה אינם שטעטל ביינאַכט, וואָס מען האָט געשטעלט לעבן בית־המדרש אינמיטן מאַרק. ער האָט געזען די באָבעשי מיט דער קופּקע אויפן קאָפּ און מיטן קוילעטש אין דער האַנט אַקעגנטאַנצן חתן־כלה, געזען די פייער־ווערק, וואָס האָבן זיך גרין צעשפּריצט, ווי שטערן, אין דער נאַכט, געזען דאָס טריפנדיקע חלב פון הייס־צעשמאָלצענע ליכט אין קינדערישע אויסגעשטרעקטע הענטלעך. ער האָט געהערט די קלעזמאָרים, וואָס זענען זיך דאָ פאַרגאַנגען אין אַ געוויין, דאָ

אויפגעשפילט א „פריילעכס". די פוילישע „גאָספּאָדאַזשעס" זע־
נען געשטאַנען אַרום צוגלייך מיטן גאַנצן שטעטל יידן און זיך
צו דעם אַלעם צוגעקוקט, געפּאַטשט די מחותנים אין דער האַנט
אריין און געווונטשן אויף יידיש „מזל־טוב"...

נאָטאַן האָט זיך מיטאַמאָל דערמאָנט ווי ער איז קליינערהייט
געווען ביי זיין אַלטן זיידן אויפן דאָרף. ער איז שוין דעמאָלט
געגאַנגען אין גימנאַזיע און איבער די וואקאַציעס געווען ביים
זיידן, ווו ס'איז געווען ברויט צו דער זעט. ער האָט געזאָלט אין
דאָרף ארויפנעמען אביסל פלייש אויף זיינע דאַרע ביינער. אין
דאָרף איז געווען א בית־המדרש מיט מעשענע הענגל־לייכטער
און מיט א קליינעם, שטילן ארון־קודש און דער זיידע האָט אים
אַלע שבת מיטגענומען צום דאַוונען. ער האָט אריינגעקוקט מיטן
זיידן אין זיין גרויסן לעדערנעם און מיט גאָלד געלייטן סידור,
וואָס איז געווען איינער אין דער געגנט און וואָס איז אים אַזוי
געפאַלן, אז צוליב אים האָט ער נישט פאַרפעלט קיין איין וואָרט
פון דאַוועגען. דער זיידע האָט אים שטענדיק צוגעזאָגט איבערצו־
לאָזן דעם סידור א ירושה. און ווען דער זיידע איז פּלוצים גע־
שטאָרבן, האָט ער טאַקע צוגענומען דעם סידור פאַר זיך. נאָך
דער לוויה, בעת דאָס נידעריקע ווייס־געקאַלכטע שטיבל איז פול
געווען מיט דאָרפס־יידן און מיט פּויערים, וואָס וואָלטן פאַר זיין
זיידן דאָס לעבן אוועקגעגעבן, גערופן אים שטענדיק מיט גרויס
ליבשאַפט „בערעק," האָט ער שטילערהייט צוגעשטעלט די באַנק
צו דער שאַפע, ווו דער סידור איז געלעגן, בגנבה באַהאַלטן אים
אונטער דער מאַרינאַרקע און זיך געלאָזט גיין צו־פוס אהיים
מיט דער ירושה...

דער דאָרפישער וועג האָט געשמעקט מיט קאָניטשינע און
היי. די זון איז געלעגן אויף די שפּעדיק-פּולע בלעטער פון די
ביימער, זיך געוויקלט אַרום די צווייגן און געציטערט אין די
אָנגעגליטע גאָלדענע זיילן שטויב, וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן
נאָך יעדן אַדורכפאָרנדיקן וואָגן. אַן איינציקע זשאַבע האָט זיך
פּלוצים אויפגעוועקט אינם סטאַוו, שלעפּריקלעך געקוואַקעט, זיך
קוים געקענט דערוואַרטן אויפן פאַרנאַכט. א בושעל האָט זיך
מיט געלאַסענע טריט אַרומשפּאַצירט איבער די מנוחהדיקע פעל־

דער, זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטן, מעשה־באלעבאס. אין דער קאפליצע, ווו ס'האבן אייביק געברענט ליכט, האבן קליינע שיקסלעך מיט פלאקסענע האר, באצירט דער „מאטקע־באס־קעס" קאפ מיט קרענץ בלומען, וואס זיי האבן אפגעריסן אויף דער לאנקע. דארפס־יידן, פארשוויצטע און פארשטויבטע, זענען געגאנגען אהיים נאכן מארק־טאג. דארפישע שקצים אין גראבע ליינענע העמדער און שיקסעס אין רויט־געקעסטלטע ברייטע ספודניצעס האבן געארבעט אין פעלד. בעת ער, נאטאן, איז פארבייגעגאנגען פאר זיי, האט ער אויף דער גיך אפדעקלאמירט דעם שפרוך, וואס דער זיידע האט אים אויסגעלערנט צו זאגן שטענדיק, ווען ער טרעפט א פויער ארבעטן אין פעלד:

— דאי פאני באזשע...

עס איז געווארן פינסטערלעך, דאס פעלד האט זיך צערעדט מיט אן א שיעור פארבארגענע קולות, און נאטאן האט נאך געהאט א ווייטן וועג פאר זיך. דאס הארץ האט אים אנגעהויבן זייער צו קלאפן, ער האט זיך דערמאנט אינם טויטן זיידן און ער האט געשטעלט אלעמאל גרעסערע שפרייזן. דער סידור האט אים איצט געבריט אין די הענט, געווארן אן אפקומעניש. מיט־אמאל האט אים א פויער פון זיידנס דארף אפגעשטעלט, מיט דרך־ארץ א קוק געטאן אויף זיין גימנאזיסטיש היטל, געפרעגט אים, צי ער איז בערעקס אן אייניקל און א זון פון דעם היטל־מאכער פאן רייף פון שטעטל, אויפגענומען אים אויפן דראבניאסטן וואגן און אים אפגעפירט אהיים.

די רעשט וואקאציעס האט ער שוין פארברענגט אינם שטעטל. צוזאמען מיט די יידישע און גויאישע חברים, וואס זענען אויך אויף וואקאציעס אראפגעקומען, ארומפאראדירט אין דעם גימנאזיסטישן היטל.

דערנאך איז ער נאך פיל מאל אויף די פעריען אראפגעקומען אהיים, אבער אלעמאל איז דא טרויעריקער און אומעטיקער געווארן. און אז ער איז ארויס פון גימנאזיע און נישט געקאנט צו גארנישט צוקומען, האבן די גויאישע חברים געענדיקט דאס שטודירן, פארנומען שטעלעס און מיט אים קיין מגע ומשא נישט געוואלט האבן. אין שטעטל האט מען געשלאגן יידן. מ'האט

איינמאָל אַזוי צעהרגעט זישע סימע־קיילעס, אַ ייד ,אַ חלוש, אַז ער איז געווען פאַרביי. די גויאישע חברים האָבן זיך פון אָנהויב געפילט שולדיק קעגן אים, נאַטאַנען, נישט געקוקט אין זיין זייט אריין, דערנאָך האָבן זיי זיך געמאַכט אים נישט דערקענען און אָנגעהויבן אפילו אָנצופיתן מיט די רציחות אויף יידן...

נאַטאַן האָט זיך אומגעקוקט, מיטאַמאָל באַמערקט, אַז אידע איז לעבן אים מער נישטאָ. די היץ איז נישט קלענער געוואָרן. עס איז געווען דומפיק און פאַרנע, ווי פריער. דער הימל איז געלעגן נידעריק, שווער געהויערט מיט די גרויסע בערדיקע וואָלקנס איבערן ים, טיילמאָל דורכגעלאָזט די לבנה, וואָס האָט אַ בלאַנק געטון, ווי אַ שפיז, און זיך באַלד צוריק באַהאַלטן. דער ים האָט זיך לייכט געוויגט, קוים באַוועגט די פאַרשלאָפענע, אויפגעפּוישטע וואַסערן און עס האָט זיך געדאַכט, אַז די שיף פאָרט נישט, נאָר שטייט אויף איין אָרט. נאַטאַן האָט געזוכט אידען און ער האָט זי געטראָפן שטיין איינע אליין ווייט-אָפגערוקט פון אַלע. זי האָט צו אים געהאַט גרויסע טענות, פאַרוואָס ער האָט זי געלאָזט אַוועקגיין. זי מוז אים שוין זיין גוט צוגעגעסן, אַז ער באַמערקט גאָרנישט, צי זי איז לעבן אים דאָ, צי נישט.

אידע איז געווען שטאַרק אויפגערעגט, זיך געפילט הילפלאָז און פאַרלוירן. עס האָט גאָרנישט געהאָלפן נאַטאַנס פאַרענטפערן זיך. זי האָט געהאַט צו אים טענות, וואָס ער זעט זי נישט, לאָזט זי כסדר איינע אליין, קוקט זיך מער אויף איר נישט אום. ער האָט זי שוין אפּנים געענוג. זי האָט קיינעם נישט און איז זייער פאַרלאָזן. ווען האָט זי דען, חוץ אים, נאַטאַנען, און אַז ער קוקט זיך שוין אויך אויף איר נישט אום, איז דאָך איר שוין זייער ביטער און שלעכט...

באַלד ווי זי האָט אַרויסגעזאָגט די פּאָר ווערטער, האָט איר באַנג געטון, געוואָלט זיי צוריקכאַפּן. זי האָט דאָס נישט געטאָרט זאָגן, נישט געטאָרט אַזוי אָפן אַרויסווייזן נאַטאַנען, וואָס עס טוט זיך אַלץ אָפּ אין איר. אָבער עס איז שוין געווען פאַרפאַלן. עס איז איר געווען איצט אַזוי ביטער, אַזוי שלעכט אויפן האַרצן. זי האָט זיך קיינמאָל נישט אַרויסגערעדט פאַר נאַטאַנען, זיך געהיטן נישט אַרויסצוכאַפּן מיט אַ וואָרט, געבן עפּעס אַן אָנ־

צוהערעניש. ווי זי האָט זיך נישט געוואָלט אָפּרעדן פאַר אים דאָס האַרץ, דערציילן אים אַלץ, וואָס דריקט זי, צוטוליען דעם קאָפּ צו אים, אָננעמען זיינע הענט און גלעטן מיט זיי דאָס אייגענע צעהיצטע פּנים, דאָס לייב. האָט זי אָבער דאָס בשום־אופן נישט געקענט פועלן ביי זיך. דער מאַן אירער הערשל, וואָס איז איי־בערגעבליבן דאָרט ערגעץ אין דער היים און וואָס זי האָט פיינט געהאַט פון טיפן האַרץ, ווייל ער האָט זיך געשטעלט צווישן איר און נאַטאַנען, האָט איר דאָס נישט געלאָזט טון, געפּענטעט אירע הענט. זי איז זיכער געווען, אַז איצט, ווען זי טאָר אוודאי נישט באַוויינען הערשלען, וועט זי דערמיט באַגיין אַ שטאַרקן אומ־רעכט קעגן אים און דער עיקר וועט זי באַגיין אַן אומרעכט קעגן איר קינד, איר שרהלען, וואָס זי האָט געהאַט מיט אים. חוץ דעם האָט זי נאַטאַנען נישט געוואָלט אַרויסווייזן איר שוואַכקייט. כאָטש זי איז זיכער געווען, אַז ס׳עס איז נישט אַזוי, האָט זיך איר כסדר אויסגעוויזן, אַז נאַטאַן, וואָס האָט זיך מן־הסתם שטענדיק געהאַלטן העכער פון הערשלען, געקוקט אויף אים פון אויבן אַראָפּ, וואַרט נאָר אויף דעם, אַז זי זאָל זיך פאַרגעסן. און זי האָט אים, צוליב דעם קיין גוט וואָרט נישט געשענקט, געטריבן אים פון זיך, כאָטש זי האָט געפילט, אַז זי טוט אים וויי. דער טיף־פאַרבאָרגענער זינדיקער געדאַנק, אַז זיי ביידע, זי און נאַטאַן, האָבן אויסגענוצט דאָס אומגליק, וואָס האָט זיך געטראָפן מיט זייערע נאָענטע, האָט זי נישט אָפּגעלאָזט אויף קיין איין רגע, כסדר געענגבערט און געפּייניקט. איצט האָבן זיי שוין אויפגעבונדענע הענט, קענען זיין צוזאַמען.. ס׳האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן נאָר געוואַרט אויף דעם...

ס׳איז געווען איבער אירע כוחות. זי האָט זיך מיט נאַטאַנען נישט געוואָלט מער טרעפן, נישט געוואָלט זיך צופיל וואַרפן אין די אויגן, ווייל מענטשן האָבן שוין גענוג גערעדט, כסדר זיי אויפן אויג געהאַלטן, אָבער ווי נאָר נאַטאַן איז אוועק פון איר און זי האָט אים אַ צייט נישט באַגעגנט, האָט זי נאָך אים גע־בענקט. זי האָט געבענקט נאָך אים, כאָטש זי האָט געוווסט, אַז ער איז דאָ מיט איר צוזאַמען, אַז ער פאָרט מיט איר אויף איין שיף. און זי האָט זיך אַלעמאָל אויפסניי דערפרייט, ווען זי האָט

אים דערזען, זאָל זיין כאָטש פונדערווייטנס. זי האָט זיך דער־פרייט מיט דעם באַקאַנטן, נאָענטן פּנים, וואָס זי האָט אַזוי גוט געקענט און וואָס איז פּלוצים אָפּגעווישט און פאַרמעקט געוואָרן, ווען זי האָט עס נישט געזען. אַלעמאָל, ווען נאַטאַן איז נישט געווען מיט איר, האָט זי זיך זייער דערשראָקן, ווייל זי האָט פּלוצים נישט געדענקט ווי ער זעט אויס. זי האָט זיך געמוזט דערמאָנען און אַרויסרופן אין זכרון זיינע ווייכע גרויע אויגן, די נישט־געגאָלטע, איינגעפאַלענע באַקן, די לענגלעכע נאָז, די אַביסל איינגעבויגענע פּלייצע, די אויסגעדאַרט־שמאָלע און הויכע געשטאַלט. זי איז אים באַלד געגאַנגען זוכן, מכלומרשט גאָר־נישט־אויסן־זייענדיק אַריינגעבליקט אין אַלע ווינקעלעך, מורא געהאַט, צי ס׳איז עפּעס מיט אים נישט געשען. און דערנאָך, אַז זי האָט אים שוין צוריק געהאַט לעבן זיך, האָט זי נישט געוווסט, וואָס זי האָט אַזוי געברענט, געפּלאַטערט. דאָס פּנים, נאָך וועלכן זי האָט אַזוי געבענקט און וואָס זי האָט זיך פּלוצים נישט געקענט דערמאַנען, האָט אין אירע אויגן מיטאַמאָל אויסגעזען אַזוי וואָכעדיק — אַ פּנים, ווי ביי אַלע אַנדערע יונגעליים. און וואָס האָט זי אַזוי געציטערט, געאַרבעט מעשים? בשעת נאַטאַנען איז אויפגעפאַלן איר האַלטן זיך און ער האָט זי געפרעגט, פאַר־וואָס זי איז אַזוי אומרואיק, האָט זי אויסגעזוכט פאַרשידענע תירוצים פון אונטער דער ערד, אַבי גאָרנישט געבן צו דערקענען אין זיך.

אָבער איצט האָט זי זיך אַרויסגערעדט פאַר אים און נאַטאַן האָט גוט געדענקט די ווערטער, וואָס זי האָט אים געזאָגט, אַזעלכע רייד האָט ער פון איר נאָך קיינמאָל נישט געהערט, חוץ איינמאָל די פּאָר ווערטער, וואָס זי האָט זיך אַרויסגעכאַפּט, בעת זיי זענען אין חעם שיינעם, רואיקן פרימאָרגן ביי דעם אייזערנעם אַנלען געשטאַנען און ער האָט פאַר איר אַרויסגעלייגט זיינע פּלענער. ס׳האָט אים אַרומגענומען איצט אַ פרייד, וואָס זי האָט זיך פאַרלוירן, זיך אַרויסגערעדט פאַר אים. ער האָט זיך געפילט חשוב, אויסגעוואַקסן ביי זיך אַליין אין די אויגן. דער מאַנספּער־שוין אין אים, וואָס איז כסדר געוואָרן געטרעטן, האָט זיך מיט־אַמאָל געפילט געהויבן. ערשט היינט אין דער פרי האָט אידע

נישט געוואָלט צו אים רעדן, אויסגעדרייט פון אים דעם קאָפּ. זי איז געווען מיד און אויסגעשעפּט פון דער היץ, כאָטש זי האָט זיך נישט געוואָלט אין דעם מודה זיין. ער האָט פונדערווייטנס באַמערקט, ווי זי גייט אַרום אָן בושה, פּונקט ווי אַלע אַנדערע ווייבער, מיט אַ צעשפּילעטער בלוזקע, מיט אַ לויז־אַרומגענומען קליידל, וואָס האָט זיך קוים אויף איר געהאַלטן, אַז אָט־אָט פאַלט עס אַראָפּ. דאָס קליידל האָט זי פאַרשאַרצט ווייט איבער אירע פאַרברוינטע קני, וואָס האָבן געהאַט אַ גאָלדיקן קאָליר פון האָניק און נאַטאַן האָט פּלוצים באַמערקט איר לייב, וואָס איז להיפּוך צו אירע קני, געווען בלאַנקנדיק־ווייס. דאָס ערשטע מאָל האָט נאַטאַן געזען ביי איר דאָס לייב אַזוי אָפן. ער האָט זיך נישט געריכט, אַז זי איז אַזוי דורכזיכטיק־ווייס אויפן קערפּער און אָט די ווייסקייט האָט אים אַזוי צעטומלט, אַז ער האָט אוועקגעכאַפּט פון איר דעם קאָפּ, נישט געקוקט אין איר זייט אַריין. באַלד האָט ער אָבער צוריק אויסגעדרייט זיין קאָפּ, דערזען אירע ברוינע קאַשטאַן־האָר, וואָס מען האָט איר בעת דער דעזינ־פעקציע אַזוי מיאוס פאַרהאַקט, געמאַכט זי ענלעך צו אַ שלעכט יינגל, אַן עקשן. נאַטאַן האָט פּלוצים אויסגעפונען, אַז נאָכדעם, ווי מען האָט ביי איר אָפּגעהאַקט די האָר און זיי זענען איר אביסל צוגעוואַקסן, האָט זי זיי אליין צוגעשוירן, צוגעגלייכט, אָפּגעלייגט אליין קליינע לאָקן, וואָס האָבן זיך לייכט געפּאַליעט אויף איר דינעם, מיידלעריש־יונגען קאַרק, אויפן שטערן. די מיאוס־אָפּגע־שוירענע האָר האָבן איר צוגעגעבן אפילו אַ חן און נאַטאַן האָט אויף איר גרויס רחמנות באַקומען.

נאַטאַן האָט זי צום וויפילסטן מאָל געניי באַטראַכט, ווי ער וואָלט וועלן דערגיין מיט וואָס איז זי אַנדערש פון אַלע אַנדערע ווייבער און וואָס ער האָט אין איר אַזוינס דערזען. זי איז געווען האַלב־אויסגעטון און ער האָט געניי געזען אירע אַקסלען, אירע אָרעמס, וואָס האָבן זיך מיט שטרענגלעך־האַרטע, גלייכע, ווי אָפּ־געהאַקטע באַוועגונגען און גלייכצייטיק מיט אַזאַ נאָכגיביק־מיידלערישער ווייכקייט געפּאָרעט ביי די האָר. זי האָט אַריינ־געשטעקט די פינגער אין די קורצע האָר, זיי אַוועקגענומען פונעם שטערן, פונעם האַלז, זיי אויפגעהויבן אין חער הויך, ס׳זאָל איר

ווערן אַביסל קילער, אַזוי, אַז איר דינער, שמאָלער, מיידליש־יונגער קאָרק האָט זיך אינגאַנצן אַנטבלויזט. זיך געריסן אין דער הויך שלאַנק און שטאָלץ־גלייך ווי אַ ווייס טורעמל.

אידע האָט געליטן פון דער היץ און נאַטאַן האָט איר געוואָלט אַביסל לייכטער מאַכן, ברענגען אַביסל טרייסט. אָבער בעת ער האָט זיך צו איר דערנענטערט, האָט זי אַוועקגעדרייט פון אים קאָפּ. זי האָט באַלד אַראָפּגעשאַרצט דאָס קליידל, שנעל־שנעל, מיט ווייבערישער געניטקייט און פלינקייט אין די פינגער צוגעשפּיליעט די בלוזקע — צוגעשפּיליעט זי מיט אַ סך צולהכעיסדיקייט ווייט ביז אַרויף, כמעט ביז צו דער גאָמבע, כאָטש עס איז געווען אַזוי הייס, אַז מען האָט אַזש נישט געקענט כאַפּן דעם אָטעם.

נאַטאַן האָט איצט אידען אַרומגענומען, זיך פאַרענטפערט פאַר איר. אָבער זי האָט אים נישט געלאָזט זיך פאַרענטפערן. יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט צו איר געזאָגט, איז געווען אַרויסגעוואָרפן און זי האָט זיך אפילו נישט רעכט צוגעהערט צו אים. זיינע רייד זענען איר איבעריק געווען און האָבן זי אויפגערעגט. וואָס מער ער האָט איר אַרויסגעוויזן צערטלעכקייט, געווען גוט צו איר, אַלץ קעלטער איז זי צו אים געוואָרן, עס זענען איר איבעריק געווען זיינע צערטלעכקייטן און זי האָט נישט פאַרשטאַנען מיט וואָס ער איז איר אַזוי נאָענט און פאַרוואָס זי האָט ערשט מיט אַ פּאָר מינוט צוריק אַזוי געברענט, אַזוי געבענקט נאָך זיינס אַ גוט וואָרט. עס איז איר אויפן זכרון געקומען דאָס קינד, דער מאַן, זי האָט אַרויסגערעדט הויך זייערע נעמען און זי האָט שטיל געוויינט. נאַטאַנס האַנט, וואָס האָט זי געהאַלטן אַזוי פעסט אַרומגענומען און זי אַזוי שטאַרק צוגעדריקט צו זיך, האָט זי איצט באַליידיקט...

אָבער נאַטאַן האָט זי מער נישט אָפּגעלאָזט, געגלעט זי איבער די אָפּגעהאַקטע האָר, איבערן מיידלעריש־דינעם, יונגן נאַקן, ווו ס'האָבן זיך געפּאַליעט די לייכטע לאָקן אירע. אירע הייסע טרערן זענען אים איבער די פינגער געראָנען. און פּונקט ווי דעמאָלט אין דער היים, בעת דער טאַטע האָט זי געשלאָגן און ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר איר, אַרויסגעריסן זי פון זיינע

הענט און זי איינגענומען, אזוי האָבן אויך איצט אירע טרערן געבריט אים אין די פינגער, אָנגעצונדן אים. ער האָט געפירט מיט דער האַנט איבער אירע מיידלעריש־בויגיקע, ציטערדיק־ווייענדיקע אַקסלען, זי איינגענומען, געלאָזט רינען איבער זיינע פינגער אירע טרערן, וואָס האָבן אים אָנגעפולט מיט תענוג, אַז ער האָט געהאַט גרויס חשק צודריקן זי צו זיך מיט אַזא כוח, אַז זי זאָל אַזש אויפשרייען פון ווייטיק.

זי האָט אים אָפּגעשטופּט פון זיך, אָבער ער האָט זי מיט כוח געהאַלטן, זי נישט אַרויסגעלאָזט מער פון זיינע הענט און מיטאַמאָל אַזא הויכן געשריי געטון אויף איר, אַז זי האָט זיך פאַר אים דערשראָקן. אין דער פינסטערניש האָט ער דערפילט אירע פולע ליפּן, וואָס זענען שטענדיק געווען אַביסעלע צע־שפּאָלטן און צעראַצט און ער האָט פון שטענדיק אָן געהאַט אַ גרויס באַגער זיך איינצובייסן דווקא אין דעם ראַנד, אין דעם טרוקענעם שפּאַלט אויף אירע ליפּן. ער האָט איצט דעם ראַנד גע־זוכט און זיך איינגעזויגן אין אים, אַז אירע שיטער־צעשטעלטע פּאַרפל־ציין האָבן זיך אָנגעקלאַפּט אין זיינע.

— פאַרוואָס ביזטו אַזוי שלעכט?... פאַרוואָס ביזטו אַזוי ביטער?... — האָט ער געמורמלט גלייך אַריין אין דעם הייס־פאַרטרוקנטן מויל אירן.

זי האָט אים גאָרנישט געענטפערט, געשוויגן. ס'האָט זי שוין מער נישט באַליידיקט נאָטאַנס האַנט, וואָס האָט זיך הפקרדיק און מיט העזה געגליטשט איבער איר לויז־אַרומגענומען קליידל, איבער יעדן בויג פון איר קערפּער, וואָס האָט ווייס און בלייך געשיינט אין דער פינסטערניש. זייערע הייסע אָטעמס האָבן זיך אויסגעמישט און אירע ליפּן, צעשפּאָלטן פון דער היץ און פון ווינט, האָבן זיך ווייטיקדיק און מיט תענוג געקורטשעט, געבויגן, אויפגעלייזט געוואָרן. זי האָט בלויז איינמאָל נאָך ניכטער און מיט וואָרנונג אַ געשריי אַרויס געטון:

— נאָטאַן!...

און דערנאָך איז שוין מער קיין וואָרנונג אין איר קול נישט געווען. זי האָט בלויז כסדר איבערגעחזרט דאָס איינציקע וואָרט „נאָטאַן." אָבער זי האָט עס איצט אַרויסגעזאָגט מיט התפעלות,

אַריינגעלייגט די גאַנצע בענקשאַפט, וואָס זי האָט געטראָגן צו דעם וואָרט שוין פון יאָרן לאַנג.

דערנאָך האָט זי מער גאָרנישט געזאָגט, און גאָרנישט מער געדענקט. קיינער איז מער אויף דער וועלט נישטאָ, חוץ זי און נאַטאַן. שפּעטער האָט זי שוין אַפילו דאָס אויך פאַרגעסן...

# X

זינט דער הייסער נאַכט האָבן זיך נאַטאַן און אידע מער נישט באַגעגנט און זיי האָבן זיך אויסגעמיטן. אידע האָט נאַטאַנען נישט געקענט קוקן גלייך אין פּנים אַריין און זי האָט אויף אים אַ גרויסן כּעס געטראָגן. זי האָט זיך געפילט זייער שולדיק און דער עיקר שולד האָט זי אַרויפגעלייגט אויף נאַטאַנען. ער האָט זיך נישט געטאָרט אַזוי באַגיין מיט איר, זיך נישט געטאָרט פאַרגעסן. זי איז ווייניק אַרויס פון דער קאַבינע און געקומען אין עס-צימער איז זי שטענדיק אַביסעלע שפּעטער, ווען נאַטאַן איז שוין דאָרט מער נישט געווען. כאָטש שוין נישט־איינמאָל האָט זי געוואָלט קומען צו דער צייט אין עס־צימער, כּדי זיך צופעליק מיט אים צו טרעפן, אַרויס פון דער קאַבינע פּינקטלעך און מיט אַנטשלאָסנקייט, אָבער באַלד אויפן וועג האָבן זיך אירע טריט אָנגעהויבן צו פּלאָנטערן, זי איז געגאַנגען מיט פאַרשידענע זייטיקע אומוועגן און דער סוף איז געווען, אַז זי האָט זיך פאַרשפּעטיקט. בשעת זי איז אַריין אין זאַל און נישט געטראָפן דאָרט מער נאַטאַנען, האָט איר עפּעס אַ זעץ געטון אין האַרצן און זי האָט דערפילט אַ גרויסע בענקשאַפט, געהאַט טענות צו זיך אַליין, הלמאי זי איז נישט געקומען צו דער צייט...

אויך נאַטאַן האָט זיך געפילט שולדיק און אויסגעמיטן אידען. ער האָט כּסדר געשפּירט אין דער האַנט זיינער די וואַרעמקייט פון זיין קינדס דאַר הענטל, וואָס האָט אים דעמאָלט אין דער היים נאָך געפירט צו דער מאַמען, נישט געלאָזט אים קוקן אויף דער מומע אידע און ער האָט זייער געליטן, דאָס האַרץ האָט אים געקלעמט. נאַטאַן האָט געפילט, אַז אידע וויל זיך נישט מיט אים באַגעגענען און ער איז אַוועק שטענדיק פריער,

אָדער געקומען שפּעטער אויף די אַלע ערטער, ווו ער האָט געוווסט, אַז ער קען זי טרעפן. אויך ער האָט שוין נישט איינמאָל זי געוואָלט זען. ער האָט כּלומרשט גאָרנישט־אויסן־זייענדיק גע־וואַרט אויף איר, כּדי זיך צופעליק מיט איר צו באַגעגענען, אָבער אין דער לעצטער רגע האָט ער חרטה באַקומען און אוועק אַליין, אָן אויסגעלײדיקטער, מיט אַ הוילקייט אין האַרצן. כאָטש ער האָט געוווסט, אַז אירע איז אַזוי נאָענט פון אים, ער זעט זי אין העם אייזערנעם אָנלען, אין די געדרייטע שטיגעלעך, וואָס פירן אין די קאַבינעס אריין, אַלע ווינקעלעך, ווו ער האָט זיך מיט איר געטראָפן, זענען פול מיט איר, — דאָך האָט אים נישט אָפּגעלאָזט אַ געפיל, אַז ער האָט פאַרלוירן עפּעס טייערעס און איינגעבאַקן־נאָענטעס, וואָס וועט זיך שוין צו אים מער קיינמאָל נישט אומקערן.

די היצן האָבן אָפּגעלאָזט, נישט געברענט מער מיט אַזאַ פייער, ווי פריער. די טעג האָבן זיך געצויגן לאַנג, כאָטש די נעכט זענען צוגעפאַלן שנעל און מיטאַמאָל. מען האָט נישט גע־האַט וואָס צו טון. בראָניע פעלדבוים האָט נישט געהאַט ווו זיך אַהינצוטון בייטאָג, זיך קוים געקענט דערוואַרטן אויף דער נאַכט, ווען זי האָט זיך נאָך אַלץ געטראָפן מיטן אויסגעפּראַנטעוועטן קעלנער. אויפצומאָרגנס נאָך דער נאַכט, בעת די ווייבער האָבן זי אַזוי שטאַרק מבֿיש געווען, האָט זי זיך אַרומגעדרייט אַ פאַר־לוירענע און מען האָט געמיינט, אַז אין איר איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג. אָבער באַלד נאָכמיטאָג האָט זי אין אַלץ פאַר־געסן. ס׳איז געווען צוריק דיזעלבע בראָניע, וואָס אַמאָל, זאָל דאָס פעלן אַ האָר. זי האָט זיך צוריק אויסגעסטראָיעט אין אירע שמאַטקעס, וואָס זי האָט ערגעץ אויסגעקראַצט, אויסקאָמבינירט און צוזאַמענגעשטיקעוועט פון אַלטע זאַכן און אפילו פון מאַנס מלבושים מיט דער פלינקקייט און מסוגלדיקייט, וואָס נאָר ווייבער פאַרמאָגן. די קורץ־אָפּגעשוירענע האָר האָט זי פאַרבונדן מיט אַ סך שטיקלעך פּאַפּיר, ס׳זאָלן זיך איר מאַכן קרייזלעך און לאָקן, וואָס האָבן זי ענלעך געמאַכט צו אַ שעפּס.

בראָניע האָט נישט געהאַט ווו אַהינצוטון דעם טאָג און זי האָט געצווונגען דעם באַרימטן וואַרשעווער דאָקטאָרס קליין

ווייבל, זי זאָל שפּילן מיט איר אין קאָרטן. מיט דעם דאָקטאָרס ווייבל האָט זי זיך שוין פון לאַנג געוואָלט חברן, ס'איז איר אָנגע־שטאַנען דער יחוס און זי האָט זיך זייער געפרייט, ווען זי האָט אויסגעפירט אירס און יענע איז מסכים געווען צו מאַכן מיט איר א קערטל.

דעם דאָקטאָרס ווייב איז א בריה געווען אין קאָרטן. א טאָכטער פון שטיין-רייכע עלטערן, פון האַלב־געשמדטע וואַר־שעווער גבירים, האָט זי נישט איינמאָל נאָך דער חתונה, בשעת זי האָט נישט געהאַט וואָס צו טון, פאַרבעטן צו זיך רייכע ווייבלעך, אַזוי ווי זי און זיי האָבן זיך געלאָזט ווויל־גיין ביי די קאָרטן. זי האָט נישט געהאַט מער וואָס צו טון אין די פיל גרויי־סע און גרויסע חדרים אירע, חוץ שפּילן אין די נאָכמיטאָגס אין קאָרטן און אָפּהיטן דעם בן־יחיד און דער עיקר דעם מאַן, וואָס איז פיל ערגער ווי דער בן־יחיד געווען. ער האָט זיך נישט אָפּ־געהיטן, אַרומגעגאַנגען אָפּגעלאָזן און ווען זי דערמאָנט אים נישט, וואָלט ער גאַנצע טעג נישט גענומען גאָרנישט אין מויל אַריין. שוין נישט איינמאָל איז ער ווינטער אין די גרעסטע פרעסט, אַרויס אין גאַס אַריין אָן א מאַנטל און אָפט ארויס־געשלעפּט אויף זיך א פוטער. איז טאַקע איר אַרבעט געווען אים נאָכצוגיין נאָך יעדן טריט, אָפּצופּוצן אויף אים די מלבושים און נאָכצוטראָגן אים עפּעס צו עסן, אָפּצושיילן פאַר זיינעטוועגן א פּאָמעראַנץ און צו שטופּן אים מיט געוואַלט איינציקע ציינד־לעך גלייך אין מויל אַריין. זי האָט געהאַט פונם מאַן אין דער היים פונקט די זעלבע צרות אויסצושטיין, ווי דאָ אויף דער שיף, וו זי איז אים נאָכגעגאַנגען מיט א טעפּל און געשטופּט אים אין מויל אַריין מיט א לעפל יעדן ביסן. און פונקט ווי אין דער היים, וו דער מאַן איז אייביק געווען פאַרטון ביי זיך אין קאַבינעט און קיינמאָל צו איר קיין צייט נישט געהאַט, אַזוי האָט ער אויך דאָ נישט געהאַט קיין קאָפּ צו איר, זיך געבעטן, זי זאָל אים אָפּ־לאָזן און אַרומגעגאַנגען שטענדיק פאַרפאַרעט, אַריינגערעדט אין מענטשן, אַריינגעקוקט זיי אין פּנים מיט זיינע תמימותדיקע, האַלב־עובר־בטלדיקע אויגן.

דעם דאָקטאָרס אייביק־פּאַרדאגהטע קליין און דאַר ווייבל, איז באַלד איינגעגאַנגען צו מאַכן מיט בראָניען א קערטל. דאָס וועט זי מאַכן פאַרגעסן אביסל אין אירע גרויסע זאָרגן לגבי דעם מאַן, פאַר וועלכן זי האָט געהאַט שטאַרק דרך־ארץ, ווי פאַר א פּרעמדן, כאָטש זי איז שוין אַזוי פיל יאָרן נאָך דער חתונה געווען. נאָר איין מניעה איז איר געשטאַנען אין וועג — זי האָט נישט געוואָלט שפּילן אין קיין געלט. זי איז פון שטענדיק אָן געווען א קאַרגע, נישט קיין אויסבערענגערין, געוווסט אָפּצושאַצן דעם גראָשן. און כאָטש זי האָט געהאַט אביסל געלט, אויף א זיכער אָרט געטראָגן אויף זיך א פּאָר טייערע שטיינדלעך, וואָס זי האָט אָפּגעראַטעוועט, האָט זי דאָס אַלץ נישט געוואָלט רירן, אָפּגעהיטן עס, ווי דאָס אויג אין קאָפּ, כדי צוריקצוברענגען צום געזונט דעם מאַן אין דעם נייעם לאַנד, וווּ זיי פאָרן איצט.

אָבער בראָניע האָט גאָרנישט אין זינען געהאַט צו שפּילן אין געלט. זי האָט געוואָלט בלויז שפּילן אביסל די צייט צו פאַרטרייבן. און עס איז איר באַלד אויפן אָרט איינגעפאַלן א המצאה, זיי זאָלן שפּילן אין פּאַפּירלעך. טאַקע באַלד האָט זי פון אַן אַלט שטיקל פּאַפּיר געמאַכט עטלעכע באַנקנאָטן, אויף וועלכע זי האָט אָנגעשריבן א פּאָר ציפערן, דעם ווערט, וואָס די פּאַפּירלעך דאַרפן טראָגן...

עס איז אַוועק א שפּיל. בראָניע האָט געוווּנען. דאָס פּעקל פּאַפּירלעך האָט געהאַלטן לעבן איר אין איין וואַקסן. זי איז אַזוי פאַרקאָכט געוואָרן אין דער שפּיל, אַז זי האָט מער גאָרנישט פאַר די אויגן געזען און אָנגעהויבן צו פאַררעכענען די פּאַפּירלעך פאַר אמתדיק געלט. יעדעס געוווּנענע פּאַפּירל האָט זי זייער אָפּגעהיטן און עס האָט אין אירע אויגן דעם ווערט באַקומען פון אמתע מזומנים. און פּלוצים האָט זי די אַלע פּאַפּירלעך פאַררעכנט פאַר א חוב, געזאָגט צום דאָקטאָרס ווייב, אַז זי האָט צייט, עס ברענט נישט ביי איר, זי יאָגט זי נאָך נישט מיטן געלט, זי האָט צייט געגנוג דעם חוב איינצומאָנען.

אָבער דעם דאָקטאָרס ווייב האָט אפילו פון דעם נישט געוואָלט הערן. זי האָט זיך זייער דערשראָקן, אינגאַנצן צוגעמאַכט די קורצזיכטיקע קליינע אייגעלעך, ווי ביי א היין און זיך אָנ־

גערופן מיט זייער א שטיל און איידל קול, וואָס קען נישט טשע־פען אַ פליג אויף דער וואַנט:

— מיר האָבן דאָך עפּעס אָפּגעמאַכט, פרוי פעלדבוים... איר געדענקט שוין נישט?... איר האָט אפנים פאַרגעסן....

אַ וואָרט צו אַ וואָרט און ביידע ווייבער האָבן זיך אָנגעהויבן אריינצוזאָגן. עס איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז בראָניע האָט געהייסן דעם דאָקטאָרס ווייב אַרויסשלעפּן די שטיינדלעך און באַצאָלן דעם חוב. זי האָט דעם דאָקטאָרס ווייב פאַרגעוואָרפן די געשמדטע אין דער משפחה און געזאָגט אויף זיך, אַז אַזאַ ערלעכע יידישע טאָכטער, ווי זי, בראָניע איז, פּאַסט גאָרנישט מיט איר צו האָבן צו טון...

זיי האָבן זיך אַלץ שטיל אריינגעזאָגט, קיינער האָט גאָרנישט געהערט. און ראָכמאַן האָט מקנא געווען די ווייבער, וואָס זיי האָבן זיך אויסגעזוכט עפּעס וואָס צו טון.

ר׳ זיינוול ראָכמאַן האָט זיך אַרומגעדרייט איינער אַליין. קיינער האָט שוין נישט געוואָלט מער אויסהערן ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל די זעלבע מעשיות זיינע וועגן זיינע צוויי זין און וועגן דעם, אַז יידן דאַרפן זיין אָדער צו גאָט, אָדער צו לייט און דאַרפן האָבן אַ באָרן אונטער די פּיס. ראָכמאַנס חלום איז איצט געווען צו פּאַקן ערגעץ אַ שאָך.

— איי, אַ פּאַרטיע שאָך, וואָלט איצט צו־נוץ געקומען מיטן לעבן! ס׳איז אַ שבלדיקע שפּיל... — האָט ער אָפּגעשטעלט איעדן איינעם, וואָס ער האָט נאָר אָנגעטראָפן — מען וואָלט אַביסל פאַרגעסן אין די צרות....

ראָכמאַן האָט זיך איצט שוין נישט געוואָלט אפילו מער צוהערן צום ראַדיאָ, וואָס האָט כסדר געבערענגט די נצחונות פונם דייטש. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז דער דייטש, וואָס פאַרכאַפּט איין לאַנד נאָכן אַנדערן, יאָגט זיך נאָך דער שיף און אָט־אָט וועט ער זי פּאַקן... שוין נישט איינמאָל האָבן זיך באַוויזן איבער דער שיף עטלעכע עראָפּלאַנען, וואָס זענען געפלויגן אין אַ גלייכער שורה, אין אַ סגול, אָבער מען האָט נישט געקאָנט דערקענען צו וועמען זיי געהערן, ווייל זיי זענען געווען זייער הויך. אַלע האָבן זיך זייער דערשראָקן און די שיף האָט זיך געטוליעט צום וואַ־

סער, זיך איינגעקורטשעט, ווי אַ קוואָקע, וואָס דערזעט דעם שפּאַרבער...

ר' זיינוול ראַכמאַן האָט פון גאָרנישט געוואָלט קלערן, גע-זוכט אַ שאַך און אָפּגעשטעלט אפילו ר' לייזער דעם שפּייז-קרעמער, געפרעגט אים, צי ער שפּילט אין שאַך. אָבער ר' לייזער האָט געהאַט עפּעס אַנדערש וואָס צו טון, ווי צו שפּילן אין שאַך. דער טאָג איז אים שנעל אַוועק. איידער ער האָט זיך אומגעקוקט איז שוין דער טאָג נישט געווען. דאָס דאַווענען האָט ביי אים געדויערט עטלעכע שעה און צווישן איין דאַווענען און דעם אַנדערן האָט ער געזאָגט תהילים און געלערנט פון אַ ספר אַרויס הויך אויפן קול. ער האָט זיך באַקלאָגט פאַר ראַכמאַנען, וואָס די יידן קומען אַזוי זעלטן, אפילו איינמאָל אין דער וואָך, שבת, צו דאַווענען מיט מנין. ער מישט זיך נישט חס וחלילה צו קיי-נעם. ס'איז חס ושלום נישט זיין עסק. ער האָט פיינט צו זאָגן יענעם מוסר, אין דער צייט, ווען ער אליין איז נישט ריין פון זינד. ווער איז ער דאָס אומשטיינסגעזאָגט, אַ פּראָסטער בשר ודם, וואָס ער זאָל זאָגן יענעם מוסר, זיך שטעלן אין דער בחינה פון אַ מנהיג, פון אַ שליח צבור? זיך אליין שטעלן העכער פון אַנדערע? אָבער ס'טייטש אין אַזעלכע ביטערע צייטן מעגן יידן אביסל מער אָפּהיטן דאָס יידישקייט... פאַרוואָס זאָלן טאַקע יידן נישט אַריינקוקן אַמאָל אין אַ ספר, זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים? לא על הלחם לבדו יחיה אדם... אַז יידן וואָלטן געדענקט אין גאָט, וואָלט אפשר דער אייבערשטער זיך מער אומגעקוקט אויף זיי...

ר' לייזער האָט געהאַט מיט וואָס אויסצופילן דעם טאָג. געהאַט געבנוג וואָס צו טון. זינט דאָס ווייב, עליה השלום, איז פון אים אַוועק, האָט ער אויך געמוזט זאָרגן דאָס חיות צו דער-האַלטן אין זיך. און דאָס איז אים שווער אָנגעקומען. קיין טרפות האָט ער נישט געוואָלט פאַרזוכן, ער זאָל אפילו וויסן אויסצו-גיין פון הונגער. האָט ער זיך אליין געמוזט אָפּקאָכן דאָס ביסל וואַרעמס. פריער האָט עס געטון דאָס ווייב, איצט מוז ער עס אליין טון. און ס'איז אים שווער אָנגעקומען צו געפינען אַ וועג צום פאַוואָליעדיקן און שלעפעריקלעך-געמיטלעכן קוכער, וואָס

האָט נאָך אַלץ נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס ער טאָר נישט עסן צוגלייך מיט אַלע און מוז זיך אַליין פּאָרען מיטן קאָכן. בעת ר' לייזער האָט אים דאָס צום וויפלסטן מאָל געגעבן צו פאַרשטיין, אויסגעמשלט פאַר אים, אָנגעוויזן מיט די הענט, האָט דאָס אַלץ פונדעסטוועגן נישט געקענט קריכן אים אין קאָפּ אריין און ער האָט געלאַכט פון אים מיט אַ פול מויל גרויסע ציינער, וואָס האָבן ווייס אַרויסגעשוימט פונם פעטן אַליוור־טונקלן פּנים.

זינט דער קוכער, וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט געאײַלט, געהאַט שטענדיק פיל צייט, האָט זיך אַזוי שטאַרק אָנגעהויבן צו חברן מיט נחן, האָט ער גאָר מיט אַנדערע אויגן געקוקט אויף די יידן. די פריינטשאַפט צווישן נחן און דעם קוכער האָט אָנגע־האַלטן פון דעמאָלט אָן, בעת דער קוכער האָט זיך פאַר נחן פונאַנדערגערעדט און אים געזאָגט, אַז זיין חלום איז צו זיין נאָך אַמאָל אין רוסלאַנד און צו ברענגען דעם „קאָמוניזמאס" צו זיך קיין גריכנלאַנד... ביי זיך אין קיך האָט ער, בשתיקה פאַרן קאַפּיטאַן, געהאַט זיין אייגן ווינקל. ער האָט דאָרט מיט קאָטשערעס־און־לאַפּעטעס אותיות אויפגעשריבן פאַרשידענע לאָזונגען, אויפגעמאָלן אַ האַמער מיט אַ סערפּ און באַצירט דאָס אַלץ מיט אַ קליין רויט פענדל. דאָס ווינקל האָט ער אָנגערופן „מיקרי ראָסיא" און די פרייע צייט פאַרברענגט דאָרט, געלייענט אַ בוך, געזונגען לידער מיט אַ שלעפּריק קול. חוץ דעם האָט ער אויך אויף אַ טייל שוואַרץ־פאַרקאָפּטשעטע בלעכן און ראַנדלען אויפגעצייכנט מיט קרייד אַ האַמער מיט אַ סערפּ...

באַלד, ווי דער קוכער האָט זיך באַקענט מיט נחן, האָט ער אים געשלעפּט צו זיך אין קיך אריין און מיט ווייס־צעשוימטע ציין אין דעם טונקל-פעטן תמימותדיק-נאַאיוון פּנים אָנגעוויזן אים דאָס ווינקל. די התלהבות, די קינדערישע פרייד אין דעם צעוואַקסענעם גוף זיינעם, ווי ביי אַ גיבור, איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט אַזש נחן אַריינגעכאַפּט אין זיינע האָריק־פּעטע, בערישע לאַפּעס און אים געקושט אַלע יידן אין די אויגן אריין. נח האָט זיך פאַרשעמט, זיך געריסן פון זיינע הענט, אָבער ער האָט אים נישט אַרויסגעלאָזט, איבערגעחזרט צענדליקער מאָל איינס און דאָסזעלבע:

— פילאָס!... חבר!... — האָט ער נחן געקלאַפּט גוט־ברידע־
ריש איבער דער פּלייצע, צוגעדריקט אים מיטן גרויסן בויך און
אים מיד געמאַכט מיט די שבחים, מיט וועלכע ער האָט אים
כסדר באַשאָנקען — ביי מיר זענען אַלע מענטשן גלייך... ווי אין
ראסיא... טערקן, יידן, כינעזער, גריכן... ביי מיר זענען אַלע
ברידער... ביי אַלע פליסט רויט בלוט... גיב די האַנט, אדעל־
פּאַס... שטעק־איין! דאָס איז פאַר דער נייער וועלט, וואָס וועט
איינגיכן קומען!...

ער האָט געזוכט נחס האַנט, איינגעקלאַפּט מיט אים, גע־
שאָקלט די האַנט אַרויף און אַראָפּ.

נח איז געשטאַנען ווי אין אַ קלעם, נישט געוווּסט וואָס אים
צו ענטפערן, געזוכט עפּעס אַ פּאַסיק וואָרט, אָבער נישט געפונען.
די איינצלנע פאַרשטאַנענע ווערטער דעם קוכערס האָבן אים גע־
רירט און ס'האָט אים זייער פאַרדראָסן, וואָס ער איז שטום און
דאָס, וואָס ער וויל זאָגן, קען ער בשום־אופן נישט אַרויסברענ־
גען פון זיך. אויך האָט די יידן גערירט דעם קוכערס התלהבות,
זיין קינדערישע פרייד און ס'איז זיי וואַרעם געוואָרן אויפן
האַרצן. פונדעסטוועגן האָבן זיי זיך געוויצלט מיט נחן, וואָס ער
האָט געפונען אַזאַ גוטן חבר, מיט וועמען ער וועט זיך קענען
„קאַלעגירן" און אָפּלעקן אַ ביינדל...

פאַר ראָכמאַנען איז דער קוכער ווי אַראָפּגעפאַלן פונם
הימל. ער האָט שוין אומעטום ווו נאָר אַ ווינקל אויסגעזוכט,
אָבער אַ שאָך נישט געקענט געפינען. און ס'איז אים איינגעפאַלן
אַ געדאַנק צו גיין צום קוכער און אים פרעגן אויף אַ שאָך. און
דער קוכער האָט פאַר אים טאַקע אַ שאָך פון ערגעץ אויסגע־
קראַצט. אמת איז, אַז דער שאָך איז געווען זייער אַן אַלטער, אַ
צעבראָכענער, אַן אָפּגעריבענער, אַז מען האָט נישט געקאָנט דער־
קענען וועלכע פיגור איז ווייס און וועלכע שוואַרץ — אָבער ס'איז
אַלץ בעסער געווען ווי גאָרנישט. ראָכמאַן האָט באַלד אויפן אָרט
געפונען אַן עצה ווי צו דערקענען פון ווייס ביז שוואַרץ און אָנ־
געבונדן די שוואַרצע פיגורן שוואַרצע פעדים אויפן האַלז.

ראָכמאַן האָט אויסגעזוכט נאַטאַנען און זיי האָבן זיך גע־
זעצט שפּילן אַ פּאַרטיע. ביים שפּילן האָט ראָכמאַן זייער סך

הנאה געהאַט. ער איז געזעסן מיט אַ סך חשיבות אין דעם קאַפּל, וואָס ער האָט גערוקט פון איין אָרט אויפן אַנדערן מיט זײַנע אײדל־ווײַסע הענט. בעת ער האָט זיך טיף פאַרטראַכט איבער אַ צוג, איז דאָס קאַפּל געזעסן בײַ אים אַזוי נידעריק־אַנגערוקט אויפן שטערן, אַז אָט־אָט פאַלט עס אַראָפּ. עס האָט אים בלויז געפעלט אַ פּאַפּיראָס, וואָס וואָלט צוזאַמענגענומען בײַ אים די געדאַנקען. פון צעטראָגנקייט האָט ער זיך געכאַפּט אַלעמאָל צו דער וועסטל־קעשענע, ווו ס'איז געלעגן די פּאַפּיראָסן־פּושקע, פאַרגעסן, אַז ער האָט שוין לאַנג נישט ליגן דאָרט קיין פּאַפּיראָסן. ער האָט געבלאָזן פון היץ אין לאָפּעטקע־בערדעלע אַרײַן, זיך באַקלאָגט, וואָס נאַטאַן מאַכט נישט קיין צוג. כאָטש ער אַליין האָט זײַער לאַנג געקלערט איבער אַ צוג און נאָך דערצו דעמאָלט, ווען ער האָט געהאַלטן שמאָל, נאָר ער האָט געמעגט טראַכטן און קיין אַנדערער נישט. אַלעמאָל, אַז ער האָט שלעכט געהאַלטן האָט ער אפילו הויך געטראַכט, גערעדט צו זיך אַליין, געפירט מיט דער האַנט איבערן אויסגעריבענעם שאָך־ברעטל:

— וועל'ך גיין דאָ מיטן ראָך, וועט ער גיין אַהער... — האָט ער הויך געטראַכט און גערעדט צו זיך מיט אַ ניגון — וועל'ך גיין אַהער, וועט ער גיין דאָ... כ'בין גוט אין פּעקל! און ווו קריכט מען דאָ אַרויס, רבותי?...

ראָכמאַן האָט זײַער געהאַלטן פון זײַן שפּילן, געוואָלט, אַז מענטשן זאָלן זען זײַנע טײַערע גענג. אָבער טאָמער האָט מען זיך אַרומגעשטעלט אַרום אים און געגעבן אים עצות, האָט עס אים ממש געקאָסט שטיקער געזונט, ווײַל ער האָט פײַנט געהאַט קיביצערס, ווי סם. אַז מען האָט אים אונטערגעזאָגט אַ צוג, האָט עס אים אונטערגעהויבן. ער האָט בעת־מעשה גאָרנישט געזאָגט, זיך פּאַוואָליע אויפגעהויבן פון שטול, אָפּגעטרעטן דאָס אָרט יענעמען, וואָס האָט זיך געוואַגט אַנצורופן מיט אַ וואָרט:

— זעצט אײַך... — האָט ער אָנגעוויזן מיט אַ סך געמאַכטער געדולדיקייט אויף דער שטול — אַז איר זענט אַזוי קלוג, נעמט איר איבער די פּאַרטיע! נאַט אײַך דאָס חומשל און גייט איר אין חדר אַרײַן... לאָמיר טאַקע זען, וואָס פאַראַ צעלייגער איר זענט!... מנע...

דאָס ערגסטע איז אָבער מיט אים געווען, אַז ער האָט גע־האַלטן ביים פאַרשפּילן. דעמאָלט איז ער שוין אינגאַנצן אַרויס פון די כלים, אַראָפּגעכאַפּט דעם קעניג, פאַרשטעקט אים צו זיך אין דער קעשענע און אים בשום־אופן נישט געוואָלט מער אַרויסגעבן:

— דעם קעניג גיב׳ך נישט! — האָט ער זיך געהיצט און אויסגעשטעלט צוויי פייגן — ביי מיר איז עס נישט קיין געווונע־נע פאַרטיע... דער קעניג ליגט ביי מיר דאָ־אָ אין דער קעשענע... אַ פייג וועל׳ך אים אַרויסגעבן!...

ראָכמאַן האָט מיט יעדן איינעם געשפּילט און ס׳איז אים געגאַנ־גען ממש אין לעבן, אַז פאַביאַש זאָל מאַכן מיט אים אַ פאַרטיע און זיך אַביסל פאַרגעסן. אָבער פאַביאַש האָט אפילו נישט געהערט, וואָס ער רעדט צו אים, נישט געוווּסט, וואָס ער וויל פון אים האָבן. ער איז איצט אינגאַנצן פאַרטון געווען אין זיך, מיט קיינעם נישט גערעדט, מיט קיינעם זיך נישט אָפּגעגעבן. ער איז שוין געווען איצט אינגאַנצן זיכער, אַז די שיף וועט זיך אינערגעץ נישט דערשלעפּן, אַז מן־הסתם זענען די פּאַפּירן נישט קיין ריכטיקע, מן־הסתם פעלט זיי עפּעס, וואָס מען וויל זיי, דאָס ביסל יידן, אינערגעץ נישט אַריינלאָזן. דער קאַפּיטאַן האָט גע־מוזט נעמען יענע אַפּויתיקי פאַר פירן זיי. ער וויל גאָרנישט אויסזאָגן דערפון. מי־יודע ווו דער קאַפּיטאַן, דער צורר־היהודים, פירט זיי? ער שלעפּט זיי זיכער גלייך צום דייטש אין די הענט אַריין! וואָס האַלט ער זיך עפּעס אין איין אויסבאַהאַלטן אויפן ים? איז נאָך וואָס־זשע טויג דאָס לאַנגע שלעפּן זיך, בעסער איז שוין צו מאַכן אַ סוף צו דעם אַלעמען וואָס שנעלער. דעם ווייב קען ער שוין סיי־ווי נישט קוקן מער גלייך אין די אויגן אַריין. זי זיצט כסדר אויף איין אָרט, ווי אַ פּלאָץ, קען קוים רירן מיט די פיס און האַלט אין איין גלאָצן מיט די אויגן. ער קען נישט פאַרטראָגן איר גלאָצן אויף אים מיט די אויגן. אירע אויגן לאָזן אים נישט צו־רו. זיי גייען אים נאָך ווו ער טוט זיך נאָר אַ קער און אַ דריי און שרייען צו אים:

— מערדער, דו ביזט דער גורם! דו ביזט אין אַלץ שולדיק! — שרייען צו אים די אויגן — דו האָסט מיר אוועקגעהרגעט דאָס

קינד!... ווען נישט דו, וואָלט נאָך אַלץ גוט געווען!... דיין פּחדנות, דיין ציטערן איבער דער אייגענער פעל, איז שולדיק! וואָס האָסטו געלאָזט ארומגיין דאָס קינד מיט דער קרענק?... פאַרוואָס האָסטו קיינעם גאָרנישט אויסגעזאָגט?... מען וואָלט נאָך אַלץ געקענט פאַרכאַפּן און אַלץ וואָלט נאָך גוט געווען! דו האָסט מיר אוועקגעהרגעט די טאָכטער און דעם זון!... דו משוגענער קאָפּ, דו!...

פּאַביאַש האָט אויסגעמיטן דאָס ווייב. וואָלט זי כאָטש כסדר נישט אַזוי עקשנותדיק געשוויגן. וואָלט זי כאָטש אויסגערעדט צו אים אַ וואָרט! דאָס שווייגן איז געווען נאָך פיל ערגער ווי גערעדט, ווי זי וואָלט צו אים געהאַט גרויסע טענות. דאָס שווייגן האָט גערעדט דיבורים, אריינגעקראָכן טיף אין אים און געעגבערט און גענאָגט.

פּאַביאַש האָט פון דעם אַלעמען קיינעם נישט דערציילט, זיך נישט פאַרטרויט פאַר קיינעם, געדריקט אין זיך. ער האָט שוין מער פאַר קיינעם נישט אַרויסגעוויזן קיין שרעק, ס׳איז אים שוין אַלץ איינס געווען. אַז קיינער האָט נישט מורא, וואָס־זשע דאַרף ער פּונקט זיין דער יוצא מן הכלל? נאָך וואָס דאַרף ער זיך דאָס אַזוי מיאוס מאַכן, פאַרשוואַרצן דאָס פּנים ביי אַנדערע? אַז קיינער הערט זיך צו אים סיי־ווי נישט צו, וויל אים נישט פאַרשטיין. איצט וויל שוין אפילו דאָס אייגענע ווייב אים נישט פאַרשטיין, קוקט זיך מער נישט אויף אים אום. מען האָט בלויז אויף אים רחמנות. בלויז אויס מיטלייד רעדט מען נאָך אַמאָל אַ וואָרט צו אים. ער פילט דאָס גוט, קיין פינגער אין מויל אריין דאַרף מען אים נישט לייגן. אַז פון שטענדיק אָן זינט ער געדענקט זיך, האָט מען אים איבעריק נישט ליב געהאַט, שוין קליינוווייז האָבן אים די יינגלעך אויסגעמיטן. אפשר, אַז עס שטעקט עפּעס אין אים אַזוינס, וואָס מענטשן האָבן פיינט.

ער געדענקט גאַנץ גוט, אַז שוין יינגלווייז אין גער איז ער שטענדיק געגאַנגען זיין אייגענעם וועג, און ווען ער איז אונטערגעוואקסן איז ער געווען אייביק ברוגז מיטן טאַטן. דער טאַטע זיינער, ר׳ פישל סאַדאָווניק, איז געווען אַ ייד אַ בעל־פּרנסה, אַ שאַרפער חסיד דעם „גערערס.” פאַרן גערער וואָלט ער געשטרעקט

דאָס לעבן, ער וואָלט געגאַנגען פאַר אים אויף קידוש־השם. ער איז גרייט געווען יעדן אײנציקן, וואָס וואָלט זיך אָנגערופן עפּעס מיט אַ וואָרט קעגן רבין, עוקר מן השורש צו זיין, צו געבן פּעטש ווי די ברעטער. דער טאַטע איז אַליין ווייט נישט געווען קיין תּלמיד־חכם, ווייט געווען פון קענען לערנען. ער איז געווען אַ קליין יידל מיט אַ קאַלטענוואַסער באָרד, מיט אַ סך חוצפּה אין זיך, מיט תּקיפות, געדוצט אפילו עלטערע יידן פון זיך, געזאָגט זיי מוסר, געשריגן אויף זיי, ווי אויף יינגלעך. ער איז אָבער געווען שטאַרק אַ גלוביקער און ביי זיך אין שטוב אויפגענומען די אַלע אָרעמע חסידים וואָס האָבן נישט געהאַט אויף קיין אכסניא און נישט געפונען קיין פּלאַץ אין הויף ביים רבין. די חסידים זענען אָפט געשלאָפן אין דער סטאָדאָלע אויפן היי, אַ סך מאָל אפילו אין קאַמער, ווו ס'איז געלעגן דאָס אויבסט, געווען פול אין אַלע ווינקעלעך. זיי האָבן זיך געקריגט צווישן זיך, זיך געשפּאַרט אין דברי־תּורה, אַרומגעקראָכן אין די בלויזע טלית־קטנס אין סאָד צווישן דעם הויכן גראָז און צווישן די געדיכטעביימער מיט די פּרות, וואָס האָבן געטריפט מיט שאַרפן, שכור־זיסן זאַפט און פון שפּע אַראָפּגעשווערט די צווייגן צו דער ערד. דער טאַטע זיינער, וואָס האָט זיך אפילו אָפט געגרויסט מיט זיין עם־הארצות, געשריגן, אַז דער עיקר דאַרף מען זיין אַ ירא־שמים, האָט נישט איבעריק ליב געהאַט קיין וויל־לערנערס, גע־האַלטן, אַז די יונגעלייטלעך, וואָס קוועטשן בסדר די באַנק, זענען די ערשטע אַראָפּצוגיין פון דרך־הישר. האָט ער זיך טאַקע נישט גוט געפילט, ווען די חסידים האָבן זיך געשפּאַרט אין לערנען, אַ סך נישט פאַרשטאַנען פון דעם, וואָס זיי רעדן.

ער, פּאַביאַש, האָט דווקא יאָ געהאַט אַ ידיעה אין דעם, וואָס די חסידים שפּאַרן זיך, געקענט דווקא יאָ לערנען, אָבער ער איז שוין ווייט געווען פון דעם אַלעמען, שוין פון לאַנג קאַליע גע־ווען. ער האָט שוין אפילו אַרומשפּאַצירט מיט אַ מיידל, קיינער זאָל אים נישט זען און דאָס יונגע ווייך־שפּראַצנדיקע בערדל זיינס אַראָפּגענומען מיט עפּעס אַ פּראָשיק, אַזוי, אַז די באַקן זענען שטענדיק ביי אים געבליבן גלאַטיק. דער פאָטער, אייביק אַ פאַרפאָרעטער, האָט וועגן גאָרנישט געוווסט, גאָרנישט באַ־

מערקט, ביז ס'האָט אים איינמאָל אויפגעמאַכט די אויגן עפּעס אַ חסיד:

— האַ, פּישל, שיינע מעשיות האָב יעך מיך דאָס אָנגעהערט וועגן דיין נחמיהן... — האָט ער זיך אָנגערופן צום טאַטן און בשעת־מעשה אים, פּאַביאַשן, צוגעהאַלטן, ער זאָל נישט אַנט־לויפן — מען האָט אים געזען דעם יונג דיינעם אַרומשלעפּן זיך מיט אַ מויד! דאַכט זיך מיר, אַז דער יונג איז געכאַפּט אויף דער מעשה! אַוועק לתרבות־רעה! קוק זיך נאָר צו אים צו... ס'וואַקסט דאָך גאָרנישט ביי אים קיין באָרד! וואָס איז עפּעס די מעשה, פּישל?... פּלאי־פּלאים!... און קוק נאָר אָן די יעזשע.... נישטאָ קיין פּיצל אָרט מער אויף קיין תפילין!

דער טאַטע איז צו אים צוגעגאַנגען, זיך איינגעקוקט אין אים פון דער נאָענט, געזען, אַז דער חסיד איז גערעכט און באַלד אויפן אָרט אַראָפּגעלאָזט אים צוויי פייערדיקע פּעטש, אַז ס'האָט אַזש אָפּגעהילכט:

— נאַדיר פאַר דער באָרד און נאַדיר פאַר דער מויד! — האָט דער פאָטער געציילט די פּעטש — יעכ'ל דעך עוקר מן השורש זיין, דו שייגאַץ איינער! דו בן סורר ומורה! כ'על דיך דאָ אויפן אָרט דורסן! לאָבוז! עוכר ישראל! אַרויס פון מיין שטוב, דו גוי גמור, דו!...

ער איז באַלד אַוועק פון שטוב, מיטגענומען דעם טאַטנס צען פייערדיקע פינגער אויףביידע באַקן. ער מיטן טאַטן זענען זיך געבליבן דם־שונאים אויף אייביק. אפילו חתונה געהאַט האָט ער אָן דעם טאַטנס הסכמה. אָבער דעם טאַטנס חוצפּה האָט ער אויף אייביק מיטגענומען מיט זיך. ער איז, פּונקט ווי דער טאַטע, געשפּרונגען יעדן איינעם אין פּנים אריין, געמיינט, אַז ער ווייסט אַלץ, קיין שום זאַך אויף דער וועלט איז ביי אים נישט געווען קיין נייעס, וועגן אַלץ האָט ער שוין פון פריער געהערט און גע־ווּוסט. אָבער די תקיפות, די זיכערקייט פונם טאַטן האָט ער נישט געהאַט אין זיך, זיך אייביק אַרומגעטראָגן מיט אַ מורא, מיט עפּעס אַן אומרו, וואָס האָט אים קיינמאָל נישט אָפּגעלאָזט. ווי ס'וואָלט ווער כסדר געשטאַנען הינטער זיינע פּלייצעס. אין דער פּרנסה איז אים אויך נישט געגאַנגען, כאָטש ער איז געווען

אזוי זיכער, אז ווי נאָר ער וועט אוועק פונם טאַטן, וואָס האָט אים קיינמאָל נישט געלאָזט זיך נעמען אזוי יונג צום מסחר, וועט ער אויפפירן דערן אַ וועלט. עס איז אים אין מסחר נישט געגאַנגען און ער האָט געמוזט בלייבן בלויז ביי דער מלאכה. ער האָט געפירט אַ טאַנדייט־וואַרשטאַט, אויסגעאַרבעט קורטקעס, הויזן, מאַרינאַרקעס פאַר די פויערים. כאָטש ער איז געווען אַ גרויסער איינרייסער, געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט, האָט ער קוים צוזאַמענגעשטאַרקעט די פרנסה. ער האָט פון אומעטום געריסן און געבּרענגט אַלץ צו זיך אין שטוב אריין פאַר זיין ווייב און קינדערלעך. און ער וואָלט שוין יאַקאָש דאָס שטיקל ברויט געהאַט, נישט געדאַרפט מער אזוי שווער האָרעווען ביי זיך אין וואַרשטאַט, נאָר עפּעס אַן אומרו האָט אים אין אים געשטעקט און די מורא פאַרן מאָרגן האָט אים אַלץ נישט אָפּגעלאָזט.

ער האָט אזוי שווער געמוזט אַרבעטן די גאַנצע יאָרן זיינע, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו עפּעס. אָבער ס'איז אים באַשערט געווען צוריק מיטאיינמאָל צו פאַרלירן אַלצדינג, וואָס ער האָט קוים מיט די נעגל אַלע זיינע יאָרן צוזאַמענגעקראַצט. און ער האָט דאָס אַלץ, וואָס האָט אים אַזויפיל מי און געזונט געקאָסט, נישט געוואָלט אזוי שנעל אוועקגעבן, געלאַדעוועט דאָס גאַנצע ביסל האָב־און־גוטס זיינס אויף אַ פור אַרויף, ווען אַרום האָט שוין די וועלט געברענט און יעדע מינוט איז געווען טייער, ווייל דאָס לעבן איז געשטאַנען אין קאָן, געהאַנגען אויף אַ האָר. אָבער אים איז דאָס לעבן נישט אָנגעגאַנגען. אָן דעם ביסל פאַרמעגן זיינעם, האָט שוין די וועלט נישט געהאַט מער פאַר אים קיין שום זין. ער האָט מיט די לעצטע כוחות געאַרבעט, זיך געבאָדן אין טייכן שווייס. דאָס העמד איז געווען אויף אים פּיטש־נאַס. ער איז אַלעמאָל אַריינגעלאָפן און אַרויסגעלאָפן פון שטוב, אָנגעלאָדנט פריש מיט כלעריי שטוב-חפצים, וואָס האָבן אַראָפּגעשווערט צו דער ערד זיין קליינעם גוף. ער האָט אפילו געוואָלט מיטנעמען מיט זיך דאָס מעבל, געטראָגן פון שטוב אַרויס איינער אַליין דעם שווערן און גרויסן טיש, זיך קוים געקענט מיט אים אַן עצה געבן, ווי אַ מוראַזשקע, וואָס שלעפּט אַ צו־גרויס שפּענדל. די מענטשן האָבן געלאַכט פון אים אין די פויסטן, געמאַכט פון

אים דאָס געגאַר. דער בעל־עגלה האָט אים אונטערגעיאָגט, גע־שריגן אויף אים, געזידלט מיט דער בלאָטע צוגליך, געסטראַ־שעט אַלעמאָל, אַז ער וועט אים איבערלאָזן מיט האקל־פּאקל. אָבער ער איז געווען טויב צו די אַלע געלעכטערן און צו די אַלע געשרייען, פון גאָרנישט געוואָלט וויסן. דאָס ווייב איז געשטאַנען ווי אויף הייסע קוילן, פאַרשטעלט פאַר אים די טיר פון הויז און געמאַכט געוואַלדעס:

— משוגענער!... — האָט זי זיך געריסן, נישט געוווסט וואָס מיט אים צו טון — ווו שלעפּסטו דאָס אַלצדינק, משוגענער!... ראַטעווע דיר דאָס לעבן פריער! וואָס טוסטו? ווו ווערסטו דיך מיט דעם אַלעם אהינטון!... ביזטאָך אַ מערדער צו דיינע קינדער! אוי, מענטשן, כ'האָב נישט קיין כוח צו אים! ס'איז דאָך סכנות נפשות!... יעדע מינוט, וואָס דו וואַרטסט, איז אַ גרויסע זינד!...

אָבער ער האָט זי נישט געפאָלגט, אויך אירע רייד נישט געוואָלט הערן, נישט פאַרשטאַנען, וואָס זי וויל פון אים האָבן און זי אָנגעקוקט מיט זיינע קליינע אייגעלעך, וואָס זענען מבולבלדיק־גיך געלאָפן אהין און צוריק, ווי צעשראָקענע חיהלעך.

ווען ער האָט זיך סוף־כל־סוף אויסגעקליבן אין וועג אריין, איז שוין געווען צו־שפּעט. אויפן וועג האָבן אים די דייטשן געטראָפן, איבערגעקערט דעם פול־אָנגעלאָדנטן וואָגן מיט די קינדער אויפן סאַמע שפּיץ, ווי ער שטייט און גייט. זיי האָבן אריינגעהאַקט די בלאַנקנדיק־נאַקעטע באַגנעטן אין די אַלע חפצים, שיער נישט דורכגעשטאָכן די קינדער, געמאַכט פון אַלץ אַ באַרג אַש. ער איז אַ פאַל־אַנידער געטון אויף דעם באַרג מיסט מיט ביידע הענט פאָרויס, זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער גרויס, ווי ער וואָלט זיך געגרייט אויסצוגיין צוגליך מיט די אַלע זאַכן. דאָס ווייב האָט אים קוים אָוועקגעשלעפּט, אָבער דער עיקר האָבן אים אויפגעריסן פון דער ערד די דערשראָקענע יללות פון די קינדער, וואָס האָבן אים באַוויינט, ווי אַ טויטן. דאָס ווייב האָט אים דערנאָך איבערן גאַנצן וועג געיאָדעט, נישט געלאָזט אים צו־רו. זי איז בלויז אויף אַ שטיקל צייט שטיל געבליבן, כדי באַלד צוריק אָנגעהויבן צו עגבערן, נאָך שטאַרקער און נאָך מיט מער כוח ווי פריער.

— גאַנץ גוט אויף דיר! — האָט זי געהאַט שאָדן־פרייד און איז אַלעמאָל פריש אַרויס מיט אירע טענות, ווי אַ צאָן־ווייטיק, וואָס הערט אויף אַ רגע אויף, כדי באַלד צוריק אָנצוהייבן צו נאָגן, נאָך צודרינגלעכער און שאַרפער ווי פריער — אַז דו האָסט אַ משוגענעם קאָפּ! וואָס מענטשן זאָגן אויף דיר, זענען זיי כשר גערעכט! כ׳בין גוט מיט דיר אַריינגעפאַלן!...

דעם ווייבס גערעכטע טענות, די שרעק אין די קינדערס אויגן, בעת די בלאַנקנדיק־נאַקעטע באַגנעטן זענען אַזוי נאָענט פאַרביי זיי דורך און נאָר צוליב עפּעס אַ נס זיי נישט אָנגערירט, זענען אים אייביק נאָכגעגאַנגען, געטאָטשעט, ווי אַ וואָרעם וואָלט אין אים געזעסן. אויך איז איב נישט אַרויס פון זינען זיין טעכ־טערלס צעפּלאָמט פּנימל, ווען זי האָט זיך פאַרטרויט פאַר אים, אַז זי איז נישט געזונט און ער האָט איר נישט געוואָלט גלייבן, געשריגן אויף איר, זיך געבייזערט און זי געלאָזט אַרומדרייען מיט דער קרענק. ער זעט כסדר דער טאָכטערס אויגן, זיי קוקן אויף אים מידע און שלאָפע צוליב דער גרויסער שרפהדיקער היץ, וואָס האָט אַרומגענומען איר קינדעריש גופל, זיי קוקן צו אים פון ים אַרויס, ווו איר קינדעריש גופל רוט שוין אַ צייט לאַנג. ער הערט איצט דייטלעך און קלאָר דעם שטילן פּליוסק אין וואַסער, פּונקט ווי דעמאָלט, בעת מען האָט די טאָכטער אַראָפּ־געלאָזט אין ים אַריין. וואָס האָט דאָס קינד געהאַט אין לעבן? קיין שום פריידן האָט דאָס קינד נאָך נישט דערלעבט ביי אים און עס איז שוין אַזוי יונג פאַרשניטן געוואָרן פון דער וועלט. אַז ער קוקט אויפן ים, הערט ער כסדר דעם פּליוסק, מעג דער ים ווי שטיל זיין. אָבער ער האָט שוין מער נישט מורא פאַרן ים, ווי ער האָט מורא געהאַט פאַר אים פון אָנהויב פון דער נסיעה. פון אָנהויב נסיעה, בשעת אַלע פלעגן זיך לערנען אָנצוטון די רע־טונגס־פאַסן, האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן, נישט געוואָלט זיך אפילו צורירן צו דעם, אַנטלאָפן ווי ווייט ער האָט געקענט. אָבער היינט אַרט עס אים שוין אינגאַנצן מער נישט. ס׳איז פאַר אים אַ שפּיל, פּונקט ווי פאַר די קינדער. ער קוקט גלייכ־גילטיק אויף דעם רעטונגס־שיפל, באַהאַלט זיך שוין מער נישט און מען דאַרף אים מער נישט רופן און זוכן.

ער קוקט אויפֿן ים, וואָס גיסט זיך אַזוי זאַט און שלווהדיק, זועלבט קוים די וואַסערן, וואָס האָבן אַלערליי קאָלירן פֿונם רעגנבויגן. דאָ איז דער ים גרין, דאָ בלוי, מיניעט זיך אין דער זון, ווי פּערלמוטער. ער פֿאַרגעסט אינגאַנצן, אַז ס׳איז דער ים, פֿאַרגעסט אינגאַנצן, ווו ער געפֿינט זיך. ער איז ביי דער ווייסל אין גער, ער גייט מיט זיין ווייב שפּאַצירן... ס׳איז נישט דאָס ווייב, ס׳איז זיין כלה... זיין ווייבס צעיוירן־געשוואָלענע פֿיגור ווערט שמעלער, שמעלער, זי איז שוין אַזוי דין, אַז ער קאָן זי אַרומנעמען מיט די פֿינגער, ווי ער האָט עס געקאָנט טון, ווען זי איז נאָך זיין כלה געווען... זיין ווייב איז צוריק דאָס יונגע, דינע מיידל מיט די לאַנגע צעפּ, פֿאַרוויקלט אַרום דעם קאָפּ, ווי די פֿלעכט ביי אַ קוילעטש. די ווייסל צינדט זיך אין דער זון, ליגט אויסגעגאָסן גלאַטיק און פֿלאַך, טיקט זיך, ווי אַ בלעכערנער דאַך, צווישן דעם געדיכטן גריִנס פֿון די גערטנער און פֿעלדער. די סעדער אַרום דער ווייסל שמעקן, שפּרייטן אַרום זיך אַן אָנגעקוואָלן־וויניקן ריח... ער איז אַ קליין יינגל, לויפֿט מיט אַ חברה־חדר־יינגלעך אין אַ הייסן תמוז־טאָג זיך באָדן צו דער ווייסל, כאָטש ס׳איז זייער וויט. ס׳ציט זיי, די חדר־יינגלעך, זיך דווקא צו לויפֿן באָדן אין דער ווייסל, ס׳דאַכט זיך זיי, אַז זיי טוען אָפּ דערמיט עפּעס אַ גרויסע העלדישקייט. זיי לויפֿן איבערגענומענע און צעפֿלאַמטע בסוד־סודות, קיינער זאָל נישט געוויער ווערן און חלילה נישט די טאַטעס, וואָס וואָלטן זיי אָנגעבראָכן דערפֿאַר די ביינער. ער וואַרפֿט זיך אַריין אין וואַסער, וואָס צעשפּריצט זיך אין דריבנע גלעזערנע קייקעלעך אַרום זיין יינגלעריש לייב, קילט אַנגענעם און פֿייטשט אַזוי מחיהדיק, ווי מיט אַן אַ שיעור זילבערנע קאַנטשיקלעך... ער שווימט נאַזלדיק, זעט איבער זיך דעם ריינעם בלויען הימל... דאָס וואַסער דערפֿרישט, טוט אַריין אַ ניי חיות, איז אַזוי מחיהדיק.... ווי דער ים אַרום אים.. ער דרייט זיך ביי די רעטונגס־שיפֿלעך, דאָרט, ווו ס׳איז נישטאָ קיין שום צוים און נאָך איין טריט און דאָס וואַסער וועט אַרומנעמען זיין לייב, זיך צעשפּריצן אַרום אים אין אַ זילבערנעם שטויב, פּונקט ווי די ווייסל. ער וועט צוריק ווערן אַ קינד און ס׳וועט אים צוריק ווערן אַזוי לייכט, אַזוי מחיהדיק לייכט...

פאַביאַש כאַפּט זיך אויף מיטאַמאָל און עס באַפאַלט אים אַ שרעק. ער שטייט אויפן ראַנד פון שיף, ס'פעלט בלויז איין אומ־פאַרזיכטיקער בייג, ער זאָל אַריינפאַלן אין ים. ער באַקומט אויף זיך אַליין גרויס רחמנות. דאָס אייגענע אויסגעדאַרטע לייב, אויף וועלכן ער האָט זיך קיינמאָל נישט אומגעקוקט, ווערט אים פּלוצים ליב און טייער. ס'פאַרקלעמט אים אַזש ביים האַרץ. אין קאָפּ הייבט אים אָן צו שווינדלען און ס'נעמט אים אַרום אַזאַ מורא, אַז ער שרייט אויף. אָבער קיינער הערט נישט זיין געשריי, אַרום אים איז ליידיק, קיין מענטש זעט מען נישט. בלויז דער ים וועלבט זיך ווייטער אַזוי אומשולדיק און לייכט. ער כאַפּט שנעל אַוועק דעם קאָפּ פון ים, ווייל ער פילט, אַז עפּעס אַ כוח ציט אים דווקא צו אים. ער לויפט גיך אַוועק פון דאַנען, לויפט הענדום־פענדום צוריק דאָרט־אַהין, וווּ ס'זענען דאָ פיל מענטשן און ער מישט זיך אויס מיט זיי, טוליעט זיך וואָס נענטער צו זיי צו. זיינע קליינע אייגעלעך לויפן אַרום מבולבלדיק אַהין־און־צוריק און די בערשטלדיקע באָרד, וואָס איז אים פּלוצים אַזוי גרויס אָנגעוואַקסן, סטאַרטשעט אָפּ פון זיין פּנים פרעמד און שטעכיק און האָט אַ זשאַווערדיק־רויטלעכן קאָליר אין סאַמע מיטן. ביז איצט האָט מען ווייניק באַמערקט ביי אים די פרעמדע האַרט־אָנגעוואַקסענע באָרד, נאָר אין דער רגע איז זי געווען אַזוי שטאַרק קענטיק, אַז זי האָט זיך געוואָרפן יעדן איינעם אין די אויגן אַריין. מען האָט זיך אָפּגערוקט פון אים און דער עיקר פון דער באָרד, וואָס האָט אַזוי משונהדיק־פרעמד אויסגעזען, ווי זי וואָלט אָנגעוואַקסן ביי אים איבער איין נאַכט...

פאַביאַש האָט זיך אַרומגעדרייט צווישן די מענטשן, פּלוצים באַמערקט, ווי ר' לייזער לערנט פון אַ ספר אַרויס. ער האָט זיך צוגעזעצט צו אים. ר' לייזער האָט נישט איבערגעריסן דאָס לער־נען, כאָטש ער האָט באַמערקט, ווי פאַביאַש האָט זיך צו אים צוגעזעצט. ער האָט זיך בלויז אָפּגערוקט אַביסל, געמאַכט אַן אָרט פאַר זיינעטוועגן, שטום אָנגעוויזן אים. וווּ ער האַלט און פּונקט ווי ער האָט פריער אַליין געלערנט, זיך אויסגעשמועסט מיט זיך אַליין, אַזוי האָט ער איצט אַריינגערעדט אין פאַביאַשן, געלערנט מיט אים.

פּאַביאַש האָט זיך געוואָלט פּאַרטיפן אין לערנען, אָבער גאָרנישט האָט זיך צו אים געקלעפּט. גאָרנישט איז אים געקראָכן אין קאָפּ אַריין. ער האָט זיך שטיל אָוועקגעשאַרט פון ר׳ לייזערן. זיין אָרט איז געבליבן ליידיק. ר׳ לייזער האָט זיך נישט צוריק אַוועקגעזעצט דערויף, ווי ער וואָלט אַלץ געוואַרט, אַז פּאַביאַש וועט זיך מישב זיין און וועט צוריק קומען... פּאַביאַש איז אַראָפּ־געלאָפן צום ווייב אין דער קאַבינע אַריין, און דאָס ערשטע מאָל זינט דאָס אומגליק האָט פּאַסירט מיט אירע פיס, האָט ער זי געפרעגט, צי זי וויל אַרויף אַביסל אויפן דעק, וווּ ס׳איז נישט אַזוי דושנע, ווי דאָ אונטן. ער וועט רופן וועמען און מען וועט זי אַרויפנעמען. אָבער דאָס ווייב האָט אים נישט געענטפערט, נישט אויסגערדרייט אפילו דעם קאָפּ צו אים.

איינער אַליין איז פּאַביאַש צוריק אַרויף מיט די געדרייטע טונקעלע שטיגעלעך. אין קאָפּ איז אים געשטאַנען אַ נעפּל. און בלויז איינצלנע געדאַנקען האָבן דורכגעריסן דעם נעפּל. געפרעגט פאַרוואָס די מענטשן פילן גאָרנישט וואָס אין אים טוט זיך אַלץ אָפּ... פאַרוואָס פּרוווט קיינער נישט אים צוטוליען צו זיך? קיינער וויל אים נישט ראַטעווען... אים אָפּהאַלטן פון דעם, וואָס ער וועט אַ ליאַדע רגע אָפּטון... דאָס האָט אים זייער געפּייניקט, זייער ווייט געטון. ער זעט, אַז ס׳איז שוין אַלץ פאַרפאַלן. ער האָט זיך אַריינגעפּלאָנטערט און ס׳איז שוין שווער זיך צוריק אַרויס־צופּלאָנטערן. אָבער קיינער העלפט אים נישט. קיינער פילט נישט, ווי שלעכט אים איז. פאַרוואָס שטויסן אים אַלע נאָך אַלץ אָפּ פון זיך... ביז צו דער לעצטער רגע זענען די מענטשן געבליבן שלעכט צו אים...

אין קאָפּ איז אים אַליין געשטאַנען אַ נעפּל, ער האָט נישט געקענט פון דעם פּטור ווערן. ער האָט נישט געזען, וווּ ער גייט, נישט געפילט, וואָס ער טוט. פּלוצים האָט ער דערפילט אַ קעלט אין די ביינער, זיך אַרומגעקוקט און דערזען, אַז ער שטייט שוין ווייטער לעבן די רעטונגס־שיפלעך, דאָרט, וווּ ס׳איז נישטאָ קיין שום צוים. עפּעס אַ כּוח שלעפּט אים כּסדר צו דעם אָרט. נאָך איין טריט בלויז און ער וועט דערפילן דאָס זון־באַגאָסענע וואַסער אַרום זיין לייב, ווי יינגל־ווייז, ווען ער האָט זיך געבאָדן

אין דער ווייסל. ס'וועט אים צוריק ווערן אזוי גרינג, אזוי לייכט, א שווערע משא וועט מיטאמאל אראפ פון אים...

## XI

א גאנצע נאכט האט זיך די פרוי פאביאש געדרייט אויפן געלעגער, נישט געקאנט צוטון קיין אויג. דער שלאף האט זיך פון איר אפגעטון. זי האט זיך כסדר צוגעהארכט צו דעם מינדסטן שארך, צו דעם מינדסטן סקריפ, וואס איז געקומען פון די טרעפלעך, געוואַרט אלץ, אז דער מאן זאל אריינקומען. זי האט כסדר אין דער פינסטערניש געפילט, אז דאס ארט, ווו דער מאן איז געשלאפן, איז ליידיק, קיינער ליגט נישט דארט. ארום איז געווען שטיל. א שווערער, געזאלצענער, זויער־עפושדיקער ריח איז געשטאנען אין חלל פון די פיל שלאפנדיקע לייבער, אז מען האט נישט געקאנט דעם אטעם כאפן. פון א ווינקל האט זיך געטראגן א כראפען און א פייפן און פון א ווייטער קאבינע ערגעץ האט קוים אהער אריינגעדרונגען דאס אומעטיק־אויסגע־צויגענע געזאנג פון די מאטראזן.

די פרוי פאביאש האט זיך איינגעהערט אין דער פינסטערניש, זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער אנדערער. זי האט איצט דייטלעך געהערט, ווי די שיף באוועגט זיך, רודערט מיט אירע אלע אברים, בורטשעט און קלאפט מיטן אייזערנעם געווערס, אטעמט, ווי א לעבעדיק באשעפעניש און שניידט שווער און האמעטנע די וואסערן. די מורא האט זי נישט אפגעלאזט. דאס ליידיקע ארט פונם מאן האט איר נישט געגעבן קיין רו, געשראקן אלעמאל מער. זי האט געוואלט גיין זוכן דעם מאן, זיך אויפגע־זעצט אויפן געלעגער, זיך אומגעקוקט אין אלע זייטן, ווי זי וואלט דערוואַרט פון ערגעץ הילף און געפרווווט אראפשטעלן די פיס. אבער די פיס זענען ביי איר איצט געווען אזוי שטייף ווי די קלעצער און א שארפער ווייטיק האט זי ארומגענומען, זיך צעגאנגען איבערן גאנצן לייב, צוגענומען ביי איר דאס לעצטע ביסל כוחות. זי איז צוריק אוועקגעפאלן אויפן געלעגער, א באנאסענע פון אנגסטן. בלית ברירה האט זי אנגעהויבן רופן די

מענטשן אַרום זיך, געוועקט זיי פון שלאָף. אָבער די מענטשן זענען געווען פאַרזונקען אין אַזאַ האַרטן און שווערן שלאָף, אַז קיינער האָט נישט געהערט איר רופן. טײַלמאָל בלויז איז ווער אויפגעקומען אויף אַ רגע, געפרעגט זי עפּעס, געגרעדט עפּעס פונם וועג און באַלד צוריק איינגעשלאָפן.

די פרוי פּאַביאַש האָט זיך גענומען איינרעדן, אַז אַלץ איז אַ בײַז אויסדוכטעניש, אַ שלעכטער חלום, דער מאַן שלאָפט אויף זײַן אָרט און ס'איז גאָרנישט געשען. זי האָט מיט אַ שוואַך קול גערופן דעם מאַן, אָבער קיינער האָט איר נישט געענטפערט. זי האָט געוואַרט אויפן טאָג, זיך איינגערעדט, אַז זי וועט דעם מאַן טרעפן אויף זײַן געלעגער ווי קיינמאָל גאָרנישט. און ווען דער פרי־מאָרגן איז פּאַוואָליע און שלעפּריק אַרײַן אין דער קאַבינע, האָט זי זיך מורא געהאַט אויסצודרייען צו דעם ליידיקן בעטל פונם מאַן, שוין געווען אינגאַנצן זיכער, אַז דאָרטן ליגט קיינער נישט. זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ געוואַלד, אויפגעריסן יעדן פון שלאָף. קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס עס איז געשען און זי האָט גאָר־נישט געזאָגט, בלויז שטום אָנגעוויזן אויף דעם ליידיקן בעטל פונם מאַן. דערנאָך האָט זי אָנגעוויזן אויף דער טיר, וואָס איז אַלעמאָל געשטאַנען אויפגעלענט, כדי ס'זאָל נישט זײַן קיין שום מניעה, טאָמער וועט מיט דער שיף זיך חלילה טרעפן עפּעס אַן אומגליק און מען וועט דאַרפן אַרויפלויפן אויפן דעק. די אָפענע טיר איז געווען ווי אַ שלעכט אָנזאָגעניש און אָנגעוואָרפן אויף אַלעמען אַן אומהיימלעכקייט און אַ מורא, ווי עפּעס אַ פרעמדער בייזער שומר וואָלט דאָ כסדר געוואַכט. מער פון יעדן האָט פּאַביאַש פאַר דער אויפגעלענטער טיר מורא געהאַט, דווקא זי געוואָלט פאַרמאַכן און נישט איין אַרומרייסעניש איז צולים דעם מיט אים פאָרגעקומען...

אַלע זענען געווען פאַרשלאָפן און בשום־אופן נישט פאַר־שטאַנען, וואָס די פרוי פּאַביאַש ווייזט אָן אויף דער טיר און אויפן ליידיקן בעטל פונם מאַן. אָבער מיטאַמאָל איז אַלעמען אַלץ קלאָר געוואָרן און דער שלאָף איז פון יעדן אַוועק. אַנשטאָט דעם שלאָף איז פּלוצים געקומען אַ ניכטערקייט און אַ קלאָרקייט,

ווי מ׳וואָלט יעדן באַזונדער אָפּגעגאָסן מיט אַ שעפּל קאַלט וואַסער. אַ קעלט איז אַזש דורך די ביינער אַדורך.

קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן צו דער פרוי פּאַביאַש מיט אַ וואָרט, נישט געקוקט אין איר זייט אַריין, כדי נישט צו געבן צו דערקענען גאַרנישט אין זיך. שטילערהייט און מיט זייטיקע גיכע טריט האָט מען זיך צוביסלעך אַרויסגעשאַרט פון דער קאַבינע.

אַ גאַנץ גייענדיקן טאָג האָבן די יידן אַרומגעזוכט פּאַביאַשן, גערופן אים ביים נאָמען, אפשר וועט ער דערהערן, געשנישטערט ווו נאָר אַ ווינקל, ווו נאָר אַן אָרט, געקוקט אונטער די קאַסטנס, אונטער דער פּלאַנדעקע, ווי ס׳וואָלט מעגלעך געווען ער זאָל ליגן דאָרטן באַהאַלטן — אָבער אומזיסט. מען האָט אפילו אַלע־מאָל אַ קוק געטון צום ים, ווי מען וואָלט זיך געריכט אים דאָרטן צו דערזען. אָבער דער ים איז געלעגן אומשולדיק און שטיל, געהאַלטן די זון אין דער שוים, זיך געשפּילט מיט איר אין באַהעלטעלעך און פון גאָרנישט געוווסט צו דערציילן. קיין שום סימן האָט מען פון פּאַביאַשן אינערגעץ נישט געפונען. ער איז פאַרשוווּנדן און נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך קיין שום זכר.

כאָטש אַלע האָבן פאַרשטאַנען, וואָס מיט פּאַביאַשן איז געשען, אַז ס׳איז אַן עבירה די טרחה, האָט מען פונדעסטוועגן וועגן דעם אָפן נישט גערעדט, געהאַלטן אים שווייגנדיק אין איין אַרומזוכן, ווי מ׳וואָלט זיך אַלץ געריכט, אַז מען וועט אים סוף־כל־סוף געפינען. צום ווייב אין דער קאַבינע אַריין איז קיינער נישט געגאַנגען, נישט געוווּסט וואָס איר צו זאָגן. און וואָס האָט מען איר געקענט אומשטיינסגעזאָגט שוין זאָגן, וואָס פאַרא בשורה האָט מען איר געקענט שוין ברענגען? קיינער האָט נישט געוואָלט זיין דער אָנזאָגער פון דער בשורה־רעה, יעדערער האָט אַלץ געוואַרט דער אַנדערער זאָל זיך פעדערן און איר אַראָפּגיין עפּעס אַ טרייסט ברענגען. מען האָט נאָך אַלץ געוואַרט: אפשר... אפשר וועט נאָך געשען עפּעס אַ נס... וואָס־זשע דאַרף מען שוין לויפן און אָנטון דער יידענע אומזיסט און אומנישט צער? וואָס איז דאָס געאייל? קיינער האָט נישט געוואָלט די האָפענונג פאַרלירן, מען האָט זיך אַלץ איינגערעדט, אַז סוף־כל־

סוף וועט זיך פּאַביאַש באַווייזן. ער וועט אַרויסקומען פון עפּעס אַ ווינקל און פרעגן:

— וואָס איז געשען, יידן?... האַ?...

אָבער פּאַביאַש איז פון קיין שום ווינקל נישט אַרויסגעקו־מען און ער האָט יעדן זייער געפעלט. שוין נישט איין אומגליק איז אויף דער שיף פאָרגעקומען, שוין נישט איין מענטש איז אין מיטן העלן טאָג אוועקגעריסן געוואָרן, אָבער קיינער האָט נישט געפעלט אַזוי שטאַרק ווי פּאַביאַש. מען איז שוין אַזוי שטאַרק צוגעוווינט געוואָרן צו אים. פּונקט ווי מען איז צוגעוווינט גע־וואָרן פון אָנהויב נסיעה צו זיינע ליאַרמען און געשרייען, אַזוי איז מען צוגעוווינט געוואָרן שפּעטער צו זיין שטיל־שווייגן, צו זיין גריזשען זיך אַליין און צו זיין מישן זיך צו גאָרנישט. זיין מישן זיך צו גאָרנישט, זיין גריזשען זיך אַליין איז געווען איין שטיק געשריי, וואָס האָט געמאָנט, געפאָדערט ביי אַלעמען חשבון. ביי אַזאַ אומגליק, ווי איצט, וואָלט דאָך פּאַביאַש זיכער בייגעווען און ער וואָלט יעדן איינעם געשטאָכן:

— נו, כ'האָב נישט געוווּסט, אַז אַזוי וועט זיין דער סוף...— וואָלט ער יעדן געשטאָכן — כ'האָב אַלץ פון פריער אויס גע־וווּסט... מיר אַלע זענען שוין פאַרמשפּט... אונזער גורל איז שוין געחתמעט...

נאָך אַ גאַנץ־גייענדיקן טאָג אַרומזוכן פּאַביאַשן זענען די יידן ביינאַכט אַראָפּ אין די קאַבינעס אַריין. דאָס איינציקע לעמפּל אין לאַנגן און שמאָלן קאָרידאָר, וווּ ס'איז געשטאַנען אַ טונקלער, דומפּיק־הייסער ריח, האָט געברענט צוגעטונקלט און שוואַרץ, ווי אין טרויער נאָך עמעצן און די טיר פון פּאַביאַשעס קאַבינע, איז געשטאַנען ברייט־צעפּראַלט, ווי ס'וואָלט זיך ווער פון דאַנען מיט געוואָלט אַרויסגעריסן... די פרוי פּאַביאַש איז דאָ איינע אַליין געזעסן אויפן ראַנד פון אַ פרעמד בעטל. מיטן לעצטן ביסל כוחות האָט זי זיך אַפּנים אַליין אַראָפּגעגליטשט פון איר בעט, אָבער די פיס האָבן זי נישט געטראָגן, ווען זי האָט זיך נישט געהאַט אויף קיינעם אָנצושפּאַרן און זי איז אוועק־געפאַלן. מען האָט זי געוואָלט טרייסטן, אויסטראַכטן עפּעס אַ תירוץ, אָבער אַז מען האָט זיך אָנגעטראָפן מיט אירע אויגן,

וואָס האָבן געקוקט אַזוי דורכדרינגלעך און טיף, מיט אַזאַ קאַל־טער מיושבדיקער ניכטערקייט, איז ביי יעדן אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון. אפילו די פרוי האָדעס, וואָס איז געווען אַ גאַנצער קאָזאַק, געזאָגט יעדן איינעם דעם אמת אין די אויגן אריין, זיך שטענדיק אין לעבן אַן עצה געגעבן — אפילו זי האָט נישט גע־קענט דאָס מויל עפענען און די צונג האָט זיך ביי איר נישט געליינגט, ווען זי האָט זיך אָנגעטראָפן מיט דער פרוי פּאַביאַשעס אויגן. זי האָט אפילו שוין געהאַט פאַרטיק אַ ליגן, אָנגעטון אַ שמייכעלע אויפן אָפּענעם פנים אירן, אָבער דער ליגן איז ביי איר שטעקן געבליבן אין האַלז און דאָס שמייכעלע איז פאַרגליווערט געוואָרן אויף איר פנים, בעת זי האָט דערזען דער פרוי פּאַב־יאַשעס אויגן, וואָס האָבן געקוקט מיט אַזאַ אכזריותדיקער קעלט און געזאָגט, אַז מען דאַרף זיך נישט באַמיען און פאַרהוילן פאַר איר דעם אמת. ס'איז אַרויסגעוואָרפן די אַרבעט, זי ווייסט שוין אַלץ... זי האָט בלויז שטום מיט די אויגן אָנגעוויזן אויף איר מעמד, געבעטן מען זאָל זי אַרויפנעמען אביסל אין דער הויך, אויפן דעק.

אָבער מען האָט דאָס נישט געוואָלט טון, זיך נישט ווילנדיק געמאַכט און איר דעם אמת נישט דערציילט. אַז מען איז נאָך אַליין נישט זיכער געווען, געהאַט אַלץ אַ שטיקל האָפנונג, זיך געהאַלטן אין איין איינרעדן, אַז די גאַנצע מעשה איז נישט אמת, ס'איז נאָך ווייט פון צו זיין וואָר...

שווער האָבן זיך די יידן אָוועקגעזעצט לעבן דער פרוי פּאַביאַש, געקוקט שטאַר פאַר זיך און ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו רעדן וועגן זייטיקע זאַכן, כדי אַרויסצושלאָגן פון זכרון פּאַביאַשן. מען וואָלט נאָך זיכער געקענט אים ראַטעווען, ווען מען קוקט זיך אביסל מער אויף אים אום... דער געדאַנק האָט גענאָגט אין האַרצן, געשווערט דאָס געמיט, נישט אָפּגעלאָזט אויף קיין איין רגע. מען האָט גערעדט פאַרשידנס — גערעדט וועגן דער היים, וואָס איז אַזוי חרוב ונחרב געוואָרן, גערעדט וועגן דעם סוף, וואָס פיל שונאי־ישראל האָבן איינגענומען טאַקע פון זייער רבין אַליין, פון היטלערן ימח שמו און, אַז סוף־כל־סוף וועט היטלער האָבן דעם זעלבן גורל פונקט, ווי די אַלע המנס, וואָס האָבן

געוואָלט די יידן פאַרטיליקן און אונטערברענגען... מען האָט געדערט אַזוי לאַנג, ביז מען איז אַרויפגעקומען אויף דעם לאַנד, ווו מען פאָרט איצט.

בראַניע פעלדבוים האָט געזאָגט, אַז זי וועט זיך אין דעם נייעם לאַנד אויפמאַכן אַ „קאָנדיטעריי." זי איז צו דעם זייער ספּריטנע. זי האָט פול מיט לעבן אַ בלישטש געטון מיט אירע שוואַרצע אויגן, אויסגעשטרעקט דעם פולן ווייבעריש־ווייסן האַלז און געזאָגט, אַז זי וועט שטענדיק האָבן אַ פול געוועלב מיט „קונדן", זי ווייסט וויאַזוי צו נעמען די יונגעלייט, ווי צו פאַרדרייען דעם קאָפּ די „נאַרישע מענער." בשום־אופן וועט זי נישט פאָרן אויפן לאַנד, ווו זי זאָל ווייטער דאַרפן לעבן צווישן פויערן און אָפּפינסטערן איר ביסל יאָרן. אָבער דער מאַן אירער, מאַרקוס, וואָס האָט בטבע שטענדיק געשוויגן, האָט איר נישט געלאָזט ענדיקן און איר פּלוצים איבערגעשלאָגן:

— און עך וועל פאָרן אויפן לאַנד!... זאָ וואר עך לעב!...— האָט ער זיך זייער געבייזערט און זיינע גרויסע מוטנע אויגן האָבן ערגעץ ווייט געבלאָנדזשעט און זענען אינגאַנצן גרין געוואָרן, דערמאָנט אין די אוקראַינישע פעלדער, פון וואַנען ער קומט — עך וועל פאָרן אַרבעטן אויף ערד! עך וועל מיר נישט לאָזן פאַרדרייען פון קיינעם דעם קאָפּ!

מער האָט ער נישט געזאָגט, נישט געקענט מער אַרויסברענגען פון זיך. שטענדיק אַ רואיקער, אַ שטומפּיק־האַמעטנער, אַ מענטש אָן אַ גאַל, איז אים דאָס בייזערן זיך זייער שווער אָנגעקומען און ער האָט מער ווי אַ פּאָר ווערטער קיינמאָל נישט געקענט צוזאַמענשלעפּן. איצט, אַז ער האָט געדערט וועגן ערד און דאָס ווייב האָט אים געשטערט, אינזינען געהאַט ווייטער נישט צו לאָזן אים טון, וואָס ער וויל, געמאַכט פון אים חוכא וטלולא, האָט ער פון צופיל גערעכטיקייט און פון צופיל איבערנעמען זיך שוין אינגאַנצן נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן, ווי זיך אליין רעכט־צופאַרטיקן אין אַלעמענס אויגן.

אָבער ער האָט זיך נישט געדאַרפט פאַר קיינעם רעכטפאַרטיקן, ווייל אַלע האָבן אים פאַרשטאַנען. ראַכמאַן האָט אים באַלד געגעבן גערעכט און זיך געווונטשן, הלוואי ער אליין וואָלט געהאַט

א שטיקל ידיעה אין אזעלכע זאכן, ווי ער וואָלט ביי קיינעם קיין שום שאלות נישט געפרעגט און געבאַפּט און געלאָפן אויפן דאָרף. אים בלייבט אָבער נישט עפּעס אַנדערש וואָס צו טון, ווי זיך ווייטער צו נעמען צום מסחר...

בעת די יידן האָבן צווישן זיך געשמועסט, אויסגערעכנט צו וואָס זיי וועלן זיך אַלץ נעמען אין דעם נייעם לאַנד, האָט פּלוצים די פרוי פּאַביאַש אַ לאַנגן זיפץ געטון:

— אוי ווי איז מיר געשען... — האָט זי זיך מיטאַמאָל דער-מאָנט אין די אַלע צרות, וואָס זי מוז אַלץ אליין איבערטראָגן — פאַרוואָס קומט דאָס אַלץ מי־י־יר, רבונו־של-עולם? פאַר־וואָ־אָ־אָס?... זאָג!... וואָס בין יעך מער זינדיק פון אַנדערע?... ס׳איז צופיל פאַר אַזאַ קראַנקער צעבראָכענער יידענע, ווי יעך בין! ס׳איז צופיל פאַר איין מענטש... טאַטע געטרייער אין הימל...

און די יידענע, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, האָט זיך פּלוצים צעיאָמערט זייער לאַנג און אויסגעצויגן־שטיל. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די אַלע טרערן, וואָס זי האָט כסדר גע־שטיקט אין זיך, האָבן זיך איצט פּלוצים פון איר אַ גאָס געטון.

עס איז מיטאַמאָל געוואָרן שטיל, ביי אַלע איז אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון. מען האָט בלויז געהערט ווי אינעווייניק, אין די געדערים פון דער שיף, אַרבעט עפּעס, רוישט, און ווי די פרוי פּאַביאַש וויינט שטיל און איינגעהאַלטן־אויסגעצויגן, חזרט זיך איין כסדר איין־און־דעמזעלבן ניגון. די יידן האָבן זיך פאַרשעמט פאַר זיך אליין; זיך פאַרשעמט פאַר די רייד, וואָס זיי האָבן ערשט צוזאַמענגעפּלוידערט. זיי האָבן זיך געפילט שולדיק, זיך איינגעקורטשעט, איינגעהויקערט.

אָבער די יידענע האָט מער נישט אָפּגעלאָזט, זיך אָפּגענומען פאַר דער גאַנצער צייט שטיל־זיין. אַלץ האָט זיך ביי איר צוזאַ־מענגעקליבן אין איין ווייטיקדיקן קנוף, וואָס האָט געשטיקט, געזוכט אַ וועג אַרויס. איבער דער גאַנצער צייט האָט זי וועגן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן מיט אירע פיס, נישט גערעדט, נישט דערמאָנט וועגן דעם קיין וואָרט, ווי ס׳וואָלט זי אינגאַנצן נישט געאַרט, אָבער איצט האָט זי אָנגעוויזן אויף איר מעמד

און געקלאָגט און געיאָמערט. אַ שרעק האָט זי אַרומגעכאַפּט, דער לעצטער אָנהאַלט איז ביי איר אָוועקגעריסן געוואָרן און זי איז געבליבן אינגאַנצן אַליין. עס איז אויסגעקומען, ווי ערשט איצט וואָלט איר קלאָר געוואָרן, אַז זי איז אַ קאַליקע, ווי די גאַנצע צייט וואָלט זי גאָרנישט געוווּסט דערפון. כאָטש דער מאַן האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף איר און זי האָט צו אים נישט גע־רעדט, האָט זי אָבער ערשט איצט, ווען זי האָט דערפילט, אַז זי איז אינגאַנצן אַליין, אַז זי האָט מער קיינעם נישט ווער עס זאָל איר עפּעס דערלאַנגען, דערזען איר מעמד.

— וואָס טוט מען?... — האָט זי געוויינט און זיך געשאָקלט אַהין און צוריק, ווי דער אומרו ביי אַ זייגער — וואָס טוט מען?... ווי וועל יעך מיר אַצינד אַן עצה געבן... ווער וועט מיר עפּעס דערלאַנגען?... כ'האָב מורא... כ'האָב זייער מורא!.. כ'בין אַ קאַליקע... כ'קען נישט רירן מיט די פיס... זיי זענען ביי מיר אַזוי שווער, ווי די קלעצער... דאָס זענען נישט מיינע פיס!...

אַ גאַנצע נאַכט זענען די יידן ביי איר אין דער קאַבינע אָפּגעזעסן און ערשט ווען עס האָט אָנגעהויבן צו גרויען זענען זיי זיך געגאַנגען אַביסל צולייגן. כאָטש די אויגן האָבן זיך שוין פון מידקייט געקלעפּט און די צעבראָכענע אברים האָבן געלעכצט נאָך אַביסעלע שלאָף, האָט אָבער קיינער נישט געקענט צוטון קיין אויג. די מעשה מיט פּאַביאַשן איז קיינעם נישט אַרויס פון זינען, נישט געלאָזט שלאָפן. דאָס, וואָס פּאַביאַש האָט זיך אַליין אָנגעטון אַ מעשה, האָט זייער געשראָקן, אָנגעוואָרפן אַ מורא. און די יידן זענען ערשט דעמאָלט צו זיך געקומען, ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'קען געמאָלט זיין, אַז פּאַביאַש איז גאָר צוליב עפּעס אַ צופאַל אַריינגעפאַלן אין וואַסער אַריין.

אַרויסגעוויזן האָט זיך דאָס פּלוצים, ווען אידע האָט, שפּאַ־צירנדיק אויפן דעק, געפונען פּאַביאַשעס צעקנייטשטן און אויס־געווייקטן קאַפּעליוש. געווען איז דאָס נאָך אַ שטורעם, וואָס האָט געשליידערט און געקערט מיט דער שיף, אַז מען איז שוין זיכער געווען: אָט קומט דער סוף. דער שטורעם האָט זיך אָנגעהויבן אַקוראַט דעמאָלט, ווען מ'איז געשטאַנען אין אַ ריי אין דער עס־שטוב און געוואַרט דער קוכער זאָל אויסטיילן דאָס ביסל

געקעכץ. פון נעכטן אינדערפרי אן האט מען נאך גארנישט גע־טיילט צו עסן. ווען מ׳איז שוין גרייט געווען זיך אוועקצוזעצן ארום די טישן, האט זיך די טיר מיטאמאל געטון א פראל־אויף מיט א קנאק און זיך אין ווינט גיך אהין און צוריק געשליידערט, ווי אן אונטערגעבראכענער פליגל ביי אן עוף. דערנאך האט זיך די טיר צוריק פארהאקט מיט א קנאל און עס איז ווידער שטיל געבליבן — אזוי שטיל, ווי קיין זאך וואלט נישט פארגעקומען.

און מיט דעם האט זיך עס אנגעהויבן. ווייל באלד האט זיך איינער פון די גרויסע הילצערנע טישן געגעבן א ריס פון ארט, ווי א לעבעדיק באשעפעניש, זיך א הויב געטון אין דער הויך און די פארזשאווערט־בלעכערנטע טעלער און לעפל האבן זיך צעקלימפערט, צעטאנצט, געפאלן אויפן דיל מיט א בראזג. כאטש מ׳האט מיט אלע כוחות זיך געקלאמערט אין די טעלער, האט זיך דאס עסן אויסגעגאסן. די שיף האט זיך אזא שטארקן קער געטון אויף איין זייט, אז מען האט פארלוירן דעם באדן אונטער די פיס, געפאלן איינער אויפן אנדערן, זיך געגליטשט אויפן אויסגעגאסענעם עסן און עס האט זיך געדאכט, אז די וועלט האט זיך מיטאמאל געשטעלט מיטן קאפ אראפ און מיט די פיס ארויף...

— ס׳הייבט זיך שוין ווידער אן!... — האבן די יידן גע־קרעכצט — און וואלט עס כאטש געברענגט א שטיקל רעגן!....

מען האט זיך קוים צוגעקריגן צו דער טיר, אבער זי איז געווען פארהאקט, עפעס א בייזער כוח האט זי צוגעהאלטן מיט אזא עקשנות, אז מען האט זי בשום־אופן נישט געקענט אויפ־רייסן. ווען מען האט קוים מיט צרות די טיר אויפגעריסן, האט עס יעדן געגעבן א שטופ צוריק. באלד א שטופ פארויס מיט אזא קראפט, ווי מען וואלט אלעמען מיט געוואלט ארויסגעווארפן פון דאנען.

אויפן דעק האט דער ווינט געשליידערט, רוגזאדיק־אויסגע־צויגן געפיפן, אנגעכאפט פון פארנט, פון הינטן, געווארפן פון די פיס. דא האט דער ווינט אונטערגעשטופט, אונטערגעיאגט, און דא האט ער זיך געשטעלט אין וועג, געטריבן אויף צוריק, אז מען האט זיך געמוזט רוקן הינטערווייליעכץ. עס האט געקנאלט,

געקנאַקט און די דעק איז געווען פאַרגאָסן מיט וואַסער. מען איז געטרעטן אין קאַלוזשעס. די שיף האָט זיך אַלעמאָל געשטעלט אין דער קרום, געבליבן אַזוי שטעקן נישט אַהין און נישט אַהער, ווי זי וואָלט אַריינגעפאַלן אין אַ תהום און נישט געקענט מער צוריק אַרויס. פון די כוואַליעס האָט געשלאָגן אַ ווייסער, רציחהדיק־הייסער שוים און זיי זענען מיט אַ ווילד רעווען אַזוי גיך געלאָפן, געשפּרונגען איינס איבער ס'אַנדערע, ווי זיי וואָלטן זיך געגרייט אַלץ צו פאַרציקן, צו מאַכן פון אַלץ אַ תל־עולם. עס האָט נישט אויפגעהערט צו רעגענען, געדיכטע און קילבלעך־גראָבע שנורן וואַסער האָבן זיך געצויגן פון הימל צום ים און פון ים צום הימל, ווי אַ גרויסע אומזעבאַרע האַנט וואָלט וועלן פאַרוועבן דעם ליידיקן חלל מיט וואַסערדיקע פעדים. עס איז אויסגעקומען: דער הימל, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט וואַסער, וויל זיך באַהעפטן מיטן ים אין איין גרויסן מבול, וואָס וועט באַלד אַלץ פאַרפלייצן...

אין די קאָרידאָרן איז שוין געווען אָנגעבראָכן. אַלע זענען געווען חרוב, זיך געוואַקלט ווי שיכור, אַרומגעגאַנגען ווי אין אַ הינער־פלעט, געפאַלן פון די פיס. כאָטש מען האָט שוין לאַנג געוואַרט אויף אַ רעגן, כדי ס'זאָל אַביסל אָפּפרישן נאָך די היצן, ס'זאָל שטילן אַביסל דעם דורשט, איז אָבער איצט גאָרנישט איינגענאַנגען. דער רעגן, וואָס האָט אַזוי מחיהדיק געבייטשט דאָס לייב, האָט געבראַנגט מיט זיך אַנדערע צרות און מען האָט אין די פריערדיקע באַלד פאַרגעסן.

נאַטאַן האָט געזוכט אידען, אָבער ער האָט זי אינערגעץ נישט געפונען. זי איז אַפּנים פּונקט, ווי די איבעריקע, געלעגן אויפן בעטל אין דער קאַבינע, זיך נישט גערירט אַרויס. ס'האָט אים אָנגעכאַפּט אַן אומרואיקייט. אַלעמאָל, ווען דאָס וואַסער האָט געשטורעמט, איז ער געווען מיט איר צוזאַמען, געפילט זי לעבן זיך, אָבער איצט איז זי לעבן אים נישטאָ.

ערשט אַז דער ים האָט זיך צוריק איינגעשטילט, האָט ער זי צופעליק באַגעגנט. אַ בלייכע איז זי געגאַנגען אויפן דעק און בעת ער האָט זיך מיט איר אינגאַנצן אומגעריכט פּנים־אל־פּנים אָנגעטראָפן, האָט אים עפּעס אַ זעץ געטון אין האַרץ און ער האָט

זיך אין דער ערשטער רגע אזוי דערשראָקן, אַז ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. פון גרויס פאַרלוירנקייט און גרויס איבער־געוועטיגקייט האָט ער אַ שאָקל געטאָן צו איר מיטן קאָפּ, זיך באַגריסט מיט איר, ווי שטענדיק ווען מ'טרעפט פּלוצים אָן אַ באַקאַנט פּנים. באַלד האָט ער זיך אָבער געכאַפּט ווי נאַריש און קינדעריש ער האָט געהאַנדלט און ער איז רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן. אידע האָט אים נישט געענטפערט, גלייכגילטיק פאַר־ביי־געגאַנגען לעבן אים און ער האָט אויפגעכאַפּט דאָס לייכטע, קוים־אָפּשפּעטנדיקע שמייכעלע אויף איר פּנים. אפשר זי האָט אויך באַמערקט זיין נאַרישע האַנדלונג, זיין נאַריש אויפפירעכץ און זי לאַכט פון אים אָפּ...

נאַכדעם איז נאָכגעגאַנגען אידען, געזען ווי זי שפּרייזט אי־בערן דעק, וואָס איז געווען נאָך פיטש־נאַס און נאָך פריש גע־שמעקט מיט רעגן, געזען ווי זי דרייט אַריין אין דעם שמאָלן דורכגאַנג צווישן די רעטונגס־שיפלעך און אַלעמאָל מער און אַלעמאָל שטאַרקער איז אין אים אויפגעגאַנגען די בענקשאַפט צו איר. ער האָט געפילט, אַז ער קען זיך אָן איר מער נישט באַגיין, ער קען אָן איר מער נישט לעבן.

מיטאַמאָל האָט ער באַמערקט, אַז אידע האָט זיך אַראָפּגע־בויגן, אויפגעהויבן עפּעס און מיטן גאַנצן קערפּער אירן אַ שטאַרקן ציטער געטאָן. ער איז צו איר גיך צוגעלאָפן און דערזען, אַז זי האַלט אין דער האַנט פאַביאַשעס קאַפּעליוש, וואָס איז געווען אַזוי צעקנייטשט און אַזוי דורכגעווייקט, אַז ער האָט אויסגעזען ווי אַ נאַסע אָפּגעקראַכענע שמאַטע.

פון וואַנען דער קאַפּעליוש האָט זיך דאָ פּלוצים גענומען, פון וואַנען דער רעגן האָט אים געברענגט צו שלעפּן, האָט קיינער זיך נישט געקענט דערקלערן, כאָטש איעדער האָט געדרונגען און געטייטשט פאַרשידנס. נישט אַנדערש, נאָר דער קאַפּעליוש איז געהאַנגען ערגעץ פאַרשטופּט אויף אַ רעטונגס־שיפל און דער רעגן האָט אים פון דאָרט אַראָפּגעשווענקט. כאָטש דער לעבעדיקער סימן פון פאַביאַשן האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה, האָט מען זיך מיט אים דערפרייט און ער האָט אָנגעפילט מיט אַ שטיקל האָפנדיקייט דאָס פאַרביטערטע געמיט. איצט זענען אַלע שוין

געוועזן זיכער, אַז פּאַביאַש האָט זיך נישט אָנגעטון קיין מעשה, עס איז פּשוט געשען מיט אים עפּעס אַ צופאַל, ער האָט זיך אויסגעגליטשט. דאָס קען מיט יעדן איינעם פּאַסירן...

קיינער האָט נישט געוואָלט אַריינקלערן, נישט געוואָלט פיל אַריינטראַכטן אין דעם. באַלד, ווי ס'האָט ווער געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, אַז פּאַביאַש האָט זיך מן־הסתם אויסגעגליטשט און בשעת־מעשה זיך פאַרטשעפּעט ערגעץ און פאַרלוירן דעם קאַפּעליוש, האָט מען אין דעם אָנגעהויבן צו גלייבן. כאָטש דאָס האָט זיך אפילו נישט געלייגט אַזוי אויפן שכל און מען האָט באַשיינפערלעך געזען, אַז דאָס איז מער נישט ווי עפּעס אַ תירוץ, וואָס דאַרף פאַרשטעלן די אויגן, האָט מען זיך אין דעם אָנגעכאַפּט מיט ליב און לעבן. די פרוי האָדעס האָט געוווסט איצט אפילו צו דערציילן, אַז טאַקע דעמאָלט ביינאַכט, ווען מיט פּאַביאַשן האָט געבעך דאָס אומגליק פּאַסירט, האָט זי געהערט בפירוש עפּעס אַ קול רופן. ביז איצט האָט זי וועגן דעם קיינעם נישט דערציילט, ווייל זי האָט אַליין נישט געוווסט אויף קלאָר, צי דאָס איז בלויז אַ חלום געווען. אָבער איצט ווייסט זי שוין אויף זיכער, אַז דאָס איז קיין שום חלום נישט געווען...

— כ'האָב געהערט וועמען קרעכצן... — האָט די האָדעס דערציילט — כ'האָב געהערט בפירוש וועמען רופן: יידן, ראַטעוועט!... יאָך בין דערמאָלט עפּעס יאָ געווען וואָך און עפּעס נישט און כ'האָב געמיינט, אַז ס'איז בלויז אַ חלום... אָבער דאָס קול האָט ווייטער גערופן, אַלעמאָל שטילער און שטילער, ביז ס'האָט אינגאַנצן אויפגעהערט... געוואַלד, יידן, דאָס קול הער יאָך נאָך איצינד!... ס'גייט מיר נאָך אַצינדערט נאָך... אַזויווי דאָס וואָלט די אותו־הרגע געשען... די גאַנצע צייט האָב יאָך וועגן דעם געשוויגן, ווייל כ'האָב נישט געוווסט, צי דאָס איז בלויז אַ בייז אויסדרוכטעניש געווען, צי נישט... כ'האָב מיר שטיל געטראַכט אַז פּאַביאַש האָט זיך געמוזט פאַרטשעפּען ערגעץ און אין דער לעצטער רגע האָט ער חרטה געהאַט און גערופן הילף... אָבער אצינד ווייס יאָך שוין פּעוונע, אַז ער האָט זיך אויסגעגליטשט!... ווען דאָס מאַלעיר האָט מיט אים געטראָפן איז געווען נאַכט, פינסטער און ער האָט זיך איינער אַליין אויפן דעק געפאָרעט...

ער האָט בלויז איין נישט־אָסטראָזשנעם טריט געגעבן! כ'שטעל מיר פֿאָר די יסורים, וואָס דער ייד האָט נעבעך געמוזט די לעצ־טע מינוטן איבערלעבן... יאָך בין אוים מענטש! ער זאָל עס מיר נאָר מוחל זיין. האָט פּאַביאַש פֿאַר קיין שום ייד געדאַכט. אַלע־מאָל געהאַט אַ פֿינסטער מזל...

אַלע זענען געשטאַנען אַרום דער פֿרוי האָדעס און זיך צוגע־הערט צו אירע רייד. און כאָטש די יידן האָבן עפּעס יאָ געגלייבט אין אירע רייד און עפּעס נישט, איז זיי אָבער גוט געווען זיך צו איר צוצוהערן.

— אוודאי האָט געמוזט אַזוי זיין... — האָט זיך ווער פֿון רעדל אָנגערופֿן — אַ ייד וועט אַליין נישט טון אַזאַ זאַך... וואָ־דען... ס'איז נישט קיין יידישער דרך!

ר' זיינוול ראַכמאַן האָט צוגענומען דעם קאַפּעליוש, וואָס איז געבליבן נאָך פּאַביאַשן און אים באַהאַלטן ביי זיך אין דער וואַליזע...

# XII

אַז פּאַביאַש איז מער אויף דער שיף נישט געווען און ס'האָט מער קיינער נישט געמאָנט קיין ענטפֿער, וואָס וועט זיין דער סוף פֿון אַזאַ לאַנג שלעפּן זיך אויפֿן ים, האָט מען זיך פּלוצים מער, ווי ביז איצט, אָנגעהויבן צו שרעקן פֿאַרן מאָרגן.

מער ווי ביז איצט האָט יעדער איינער געוואָלט וויסן, וואָס וועט זיין דער סוף פֿון דעם אַלעמען און דער געדאַנק צו גיין צום קאַפּיטאַן און מאָנען ביי אים אַן ענטפֿער, פֿאָדערן ביי אים קלאָרע דבורים, האָט געעגבערט, נישט אָפּגעלאָזט.

מען האָט כסדר גערעדט וועגן דעם, זיך מישב געווען, און די פֿרוי האָדעס, וואָס האָט געזאָגט אויף זיך, אַז זי האָט פֿיינט הינטער־שיסעלער, האָט גלייך גענומען איינטענהן מיט בראַניען. אַז ס'וואָלט גאַרנישט געווען קיין קרומע זאַך, זי זאָל גיין צום קאַפּיטאַן און מיט אים פּרוון אַ רעד טון. שוין נישט פֿון היינט אָן האָט די האָדעס געהערט, ווי מען סודעט זיך און מען וויל שיקן בראַניען צום קאַפּיטאַן. נאָר זי האָט פֿון דעם קיינמאָל

נישט געהאַלטן. זי האָט נישט געהאַלטן — נישט פון בראַניען, וואָס איז אין אירע אויגן מער נישט געווען ווי אַ גרויסע פּלוי־שערין און נישט פון דער גאַנצער זאַך, וואָס איז געווען ביי איר עפּעס אַ פּוסטע מעשה.

אָבער איצט האָט זי גאָר אַנדערש אָנגעהויבן אויף דעם צו קוקן. די פרוי האַדעס, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ שגץ, פאַר אַ מענטש, וואָס גייט שטענדיק מיטן אמת, האָט נישט געקענט ליידן, ווי מען באַלעמוטשעט, ווי מען שעמט זיך און אַנשטאָט צו קומען מיט אָפענע רייד, שושקעט מען זיך אין די ווינקעלעך...

— יאָך בין אַן אָפענער איין־און־דרייסיק... אַ פּראָסטער מיכל... — האָט זי געזאָגט אויף זיך — אַזויווי עטץ זעט מיך, אַזוי קענט עטץ מיך קויפן! צוליב מיין אמת נעבעך, האָב יאָך שוין נישט איינמאָל אין לעבן טייער באַצאָלט... כ׳געהער נישט צו די ס׳גאָל מענטשן, וואָס גייען מיט הינטער־שיסעלעך... ביי מיר איז וואָס אויף דער לונג, דאָס אויף דער צונג! עטץ ווילט שעכטן דאָס הינדעלע און קיין בלוט זאָל נישט גיין!... ס׳איז אַן עת־צרה און מען טאָר זיך נישט שפּילן אין קיין טשוטשעבאַבקע!...

פון בראַניען האָט איצט די האַדעס אָנגעהויבן זייער שטאַרק צו האַלטן, מוחל געווען אפילו אַלע חטאים אירע און זי פּלוצים אָנגעהויבן צו לויבן אין הימל אַריין:

— אַ ווארע ליאַלע... אַ בילד־שאָנקייט פון אַ ווייבל... אַן אָסאָבע!... — האָט זי געזאָגט אויף איר — מען קען נישט קוקן אין איר פּנים אַריין, ווי אין דער לאַכטיקער זון... מען שמועסט, אַז ביי קירהן דאָרט אין גאַליציע האָבן די דאָקטוירים פאַר איר די כפּרה געקריגן... און אַ מיילעכל האָט זי אויף שרויפן... מיט אַזאַ געשליפן ציגגל קען מען שוין נישט פאַרפאַלן ווערן אינערגעץ! מיט איר מלכותדיק פּירעכץ קען זי איינשטיין אין די שענסטע הייזער... נישט נאָר צו אַ קאַפּיטאַן דאָרטן קען מען זי שיקן, נאָר צום קייזער אַליין...

דערהערט אַזעלכע רייד, און נישט פון אבי־וועמען דאָרטן, נאָר טאַקע פון דער פרוי האַדעס אַליין, האָבן די יידן מער קוראַזש באַקומען און אָנגעהויבן צו קוקן אויף דעם גאַנצן עסק

מיט אַנדערע אויגן. און ראַכמאָן האָט אפילו דער פרוי האָדעס באַלד אויפן אָרט גערעכט געגעבן, איבערגעחזרט אירע ווערטער:

— ס'איז אַן עת־צרה... — האָט ער געזאָגט, זיך פאַרענט־פערט פאַר זיך אַליין — און מען טאָר זיך נישט שפּילן אין קיין טשוטשע־באַבקע... און וואָס פאַרא חטא איז דאָס אומשטיינס־געזאָגט, אַז בראָניע זאָל גיין צום קאַפּיטאַן און מיט אים אַ שמועס טון... אַז כ'זע נישט קיין שום בייז דערין...

די פרוי האָדעס האָט גערעדט מיט בראָניען. זי איז איצט אַזוי שטאַרק נתפּעל געוואָרן פון איר, אַז זי האָט זיך נישט גע־קענט איינהאַלטן און גלייך אין פּנים אַריין זי באַשאָנקען מיט אַזעלכע שבחים, אַז בראָניע האָט זיך פאַרשעמט און זיך גע־האַלטן אין איין רויטלען, ווי אַ קליין מיידעלע. בראָניע האָט איינגאַנצן געשיינט, נישט געקענט באַהאַלטן די פרייד. זי האָט געזאָגט, אַז צום קאַפּיטאַן וועט זי גיין, ס'איז נישט ביי איר קיין שום מעשה — און איידער זי גייט נאָך, האָט זי אים, דעם קאַפּיטאַן, שוין ביי זיך אין די הענט! זי וועט אים שוין מאַכן רעדנדיק. מען קען זיך אויף איר, אויף בראָניען, פאַרלאָזן...

בראָניע איז מיטאַמאָל חשוב געוואָרן ביי זיך אַליין אין די אויגן, נישט געוווּסט אויף וועלכער וועלט זי איז און קיינער האָט זיך צו איר נישט געקענט גלייכן. די אַלע, וואָס האָבן פאַר איר אַזאַ קנאַפּן דרך־ארץ אַרויסגעוויזן, זי באַליידיקט, וועלן געוויוער ווערן ווער זי איז. זי האָט געפילט די גרויסע אחריות, וואָס מען האָט אויף איר אַרויפגעלייגט. מען האָט זי פון צווישן אַלע איינע אַליין אויסגעקליבן. זי איז פלוצים אויסגעוואַקסן איבער אַלע, געפילט, אַז אַלע זענען ביי איר אין די הענט, זי קען טון מיט זיי, וואָס נאָר איר געפעלט...

בראָניע האָט זיך גענומען פּוצן, זיך געגרייט צו גיין צום קאַפּיטאַן. זי האָט מיט שטיקלעך פּאַפּיר געמאַכט פאַרשידנערליי לאָקן און לעקעלער פון אירע קורץ־אָפּגעהאַקטע האָר, אָנגעטון אַ באַנד אויפן קאָפּ און אַזוי פאַרקאַכט געוואָרן אין פּוצן זיך, אין סטראָיען, אַז זי האָט זייער לאַנג באַלעמוטשעט און שיער נישט פאַרגעסן אין דער גרויסער אחריות, וואָס מען האָט אויף איר אַרויפגעלייגט. זי האָט כסדר אַרומפּאַראַדירט אויף דער שיף,

אַז אויסגעסטראָצלטע אין אירע שמאַטקעס, פאַרקלונגען מיט איר פּויליש, און בשעת ראָכמאַן האָט זיך אָנגערופן צו איר מיט עפּעס אַ וואָרט, האָט זי געמאַכט צו אים אַזעלכע הנדלעך, אַז דער ייד האָט אַוועקגעכאַפּט דעם קאָפּ, זיך באַגראָבן פאַר חרפּה. ווען די יידן האָבן דאָס דערזען, האָבן זיי זיך געוויצלט מיט ראָכמאַנען:

— אַפּנים, איר געפעלט איר, ר׳ זיינוול... — האָבן זיך די יידן מיט אים געוויצלט — וואָס איז זיך דאָ וואָס צו שעמען? איר זענט אַ ייד, אַ הדרת־פּנים, און די ווייבלעך גייען אויס נאָך אייער טריט...

פון קאַפּיטאַן איז בראָניע צוריקגעקומען מיט אַ גרויסן סוד, וואָס נישט פאַר אַ ליאַדע וועמען האָט זי אים געוואָלט פאַרטרויען. זי איז צוריקגעקומען אַ שיינענדיקע, אַ פריילעכע — דער קאָפּ האָט אויף איר געלאַכט. אירע גלאַנציק־שוואַרצע אויגן זענען איבערגעגאַנגען פון פרייד צוליב דעם סוד, וואָס זיי אַליין בלויז וויסן פון אים. מיט אַ ליאַדע וועמען האָט זי נישט געוואָלט רעדן, ליאַדע וועמען האָט זי נישט געוואָלט דערציילן, וואָס פאַראַ גרויסע זאַכן זי האָט אַלץ ביים קאַפּיטאַן אויפגעטון. מען האָט זי געמוזט פאַרשן, ציען ביי דער צונג. זי האָט דעם סוד געהאַלטן אין זיך, גערעדט בלויז מיט רמזים און אָנצוהערענישן און עס האָט לאַנג געדויערט, ביז מען האָט עפּעס פון איר אַרויסגעקריגן. נאָך אַלע פּאָר ווערטער, וואָס מען האָט קוים מיט לייד פון איר אַרויסגעשלעפּט, האָט זי איבערגעחזרט דעם זעלבן פּזמון:

— אויך מיר אַ קאַפּיטאַן מישטיינסגעזאָגט! — האָט זי פול מיט ברען אַ ווונק געטון מיט אירע אויגן — אַז אַלעם רופט זיך קאַפּיטאַן! דער קאַפּיטאַן האָט נאָך זיבער קיין פרוי פאַר די אויגן נישט געזען, אַז נישט וואָלט ער נישט רויט געוואָרן יעדעס מאָל, ווי אַ סמאַרקאַטש, ווי אַ שטובאַק פון דער ערשטער קלאַס! ווי קען מען דעם קאַפּיטאַן פאַרגלייכן צו אונזערם אַ קאַפּיטאַן! זאָ־אַ פלעגמאַט ווייסט דאָך נישט אַמאָל, אַז מען דאַרף אַ דאַמע אַ קוש טון אין דער האַנט... זאָ־וואָס האָב עך נאָך נישט באַגעגנט!...

עפּעס אַנדערש איז איר גאַרנישט געלעגן אין זינען און אויף אַלע וויכטיקע פראַגן, וואָס מען האָט איר געשטעלט, האָט זי רעכט נישט געענטפערט. מען האָט געמוזט אַזאַ אייזערנעם געדולד האָבן און אויסהערן די אַלע נאַרישקייטן, וואָס זי האָט כסדר צוזאַמענגערעדט. זי האָט געהאַלטן אין איין מאָלן גיך מיטן מויל און שיטן מיט נסים. זי האָט דערציילט, ווי זי האָט דעם קאַפּיטאַן אויפגעוועקט פון שלאָף, געמאַכט אים פאַר אַ לייט מיט לייטן צוגלייך. בשעת זי איז צו אים אַריינגעקומען, האָט ער זיך צומאָל נישט אומגעקוקט אויף איר, נישט דער־לאַנגט איר אפילו אַ בענקל. נאָר מען קען זיך אויף איר, אויף בראָניען, פאַרלאָזן, זי ווייסט ווי זיך מיט די מענער צו באַגיין, זיי זאָלן פאַלן פאַר איר אויף די קני... אָך, די מענער, זי קען זיי גוט! דער עיקר דאַרף די פרוי אַרויסווייזן גלייכגילטיקייט, אָנטון אַ קאַלטע מאַסקע אויפן פּנים און זיי וועלן איר שוין נאָכ־לויפן, ווי די „נאַרישע באַראַנעס"... זי האָט טאַקע דעם קאַפּי־טאַן, דעם גראָבן פליגל, געגעבן אַ לעקציע, ווי ס'באַדאַרף צו זיין, געלערנט אים אַביסל גוטע מאַנירן — אַביסעלע באָן־טאָן. דער סוף איז געווען, אַז ער האָט זי נישט געוואָלט מער אַרויס־לאָזן, זיך געבעטן ביי איר מיט טרערן אין די אויגן, נישט ווי אַ קאַפּיטאַן, נאָר ווי אַ סמאַרקאַטע יינגל. ער האָט זיך באַלד אויפן אָרט פאַרליבט אין איר ביז איבער די אויערן... זי האַלט אים שוין פעסט איצט אין אירע לאַפּקעס, ער ליגט ביי אירע פיס. זי קען טון מיט אים, וואָס נאָר איר געפעלט... אַלץ האָט זיך אויסגעלאָזט, ווי זי האָט פאַראויסגעזאָגט... ער האָט זי אַרויס־געלאָזט מיטן תנאי, אַז זי וועט זיך מיט אים טרעפן. אַ חוצפּה דאָס איז אַביסל! איר פאַלט גאָרנישט איין זיך מיט אים צו טרעפן. כאָטש ער איז אפילו אַ „טשיקאַווער טיפּ", וואָס זי האָט נאָך ביז איצט נישט באַגעגנט, געפעלט ער איר אינגאַנצן נישט. פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט אים צוגעזאָגט צו קומען, אָבער זי האָט שוין נישט וואָס צו טון!

ביי די לעצטע ווערטער האָט בראָניע ברוגזלעך און חנעוודיק־צעפּיעשטשעט אַ הויב געטון מיט אַ ווייבעריש־ווייכן אַקסל, ווי איינער זאָגט: משוגע מיינע שונאים. זי האָט אויס־

גענוצט די געלעגנהייט און אלעמען געהאלטן ארום זיך, געפילט, אז זי איז איצט דאָס אויבערשטע פונם שטייסל. אלע האָבן איר געקוקט גלייך אין מויל אריין און זי האָט וואָס לענגער געוואָלט אויסציען די מעשה. אָבער ביי די מענטשן האָט אָנגעהויבן צו פּלאַצן דאָס ביסעלע געדולד, ווייל זי האָט שוין איבערגעצויגן דאָס שטריקל, און ס'האָט זיך ווער אָנגערופן:

— וואָס האַקט זי אַ ספּאָדיק, וואָס?... — איז איר ווער אַריינגעפאָרן אין די רייד — וואָס האַקט זי מיר אין מיין שוואַכן קאָפּ אַריין?... ווער האָט נאָך אַזאַ גרינג קעפּעלע, ווי זי?... איפּטעך פּיפּטעך... לאָז זי בעסער דערציילן, וואָס זי האָט ביים קאַפּיטאַן אויפגעטון! וואָס טויגן מיר די אַלע נאַרישקייטן, וואָס? באָן־טאָן שמאָן־טאָן!... נאַדיר ווייטער אַזאַ משוגענע גאַליציאַנערין! וואָס עס איז אַלץ דאָ אויף דער וועלט!... ס'איז אַ וועלט מיט וועלטעלעך!...

די ווערטער האָבן בראָניען מיטאַמאָל אַראָפּגעזעצט פון הימל אויף דער ערד. זי האָט זיך זייער פאַרלוירן, די צונג האָט זיך ביי איר געפּלאָנטערט און זי האָט אָנגעהויבן צו שטאַמלען. זי האָט שוין נישט געוווּסט מער וואָס זי רעדט. ס'איז געקומען פאַר איר אַזוי אומגעריכט, אויסגעזען אין אירע אויגן אַזוי נישט יושרדיק, אַז טרערן האָבן איר געשטיקט אין האַלז. זי האָט גאָרנישט געוואָלט מער זאָגן. קוים מיט קונצן איז מען פון איר דערגאַנגען, אַז דער קאַפּיטאַן האָט איר געזאָגט, אַז מען איז שוין נישט ווייט פון אַ פּאָרט. סך־הכל איין מעת־לעת, אָדער העכסטנס צוויי און מען וועט צו אַ פּאָרט צושלאָגן...

די יידן האָט שוין באַלד באַנג געטון אויפן גאַנצן עסק, וואָס זיי האָבן אַקוראַט זי אויסגעקליבן און געשיקט מיט אַזאַ וויכטיקער שליחות. זיי האָבן עפּעס שטאַרק נישט געגלייבט אין אירע רייד, נישט געהאַט קיין צוטרוי צו איר, געוווּסט, אַז דאָס אַלץ, וואָס זי זאָגט, קען זיך נאָך אַמאָל נישט אָנהייבן און נישט אויסלאָזן. אָבער זיי האָבן קיין אַנדערע ברירה נישט געהאַט, געמוזט איר קוקן גלייך אין מויל אַריין און אָנגענומען אַלץ פאַר אַ גוטער מטבע. און טאָמער האָט נאָך ווער אין עפּעס געספּקט, האָט מען אים באַלד פאַרשריגן:

— א ווייבל קומט צוגייז און רעדט, דאכט זיך, קלאָרע דיבורים — האָט מען אים פאַרשריגן — וויל מען דווקא אירע רייד פאַרדרייען... האָסטו געהערט אַן איינפאַל!

די שמחה איז טאַקע געווען גרויס. און די שמחה האָט זיך נאָך מער פאַרגרעסערט, ווען ר׳ ליזער דער שפּייז־קרעמער האָט בעתן דאַווענען איין דער פרי, דערזען עטלעכע ווייסע ים־פייגל. דאָס איז דאָך שוין געווען דער בעסטער סימן, אַז מען איז נישט ווייט פון דער יבשה.

ר׳ ליזער איז דעם פרימאָרגן, ווי זיין שטייגער איז געווען, זייער פרי אויפגעשטאַנען, אַרום אויפן דעק און אַריינגעקוקט אין אַ ספר. דערנאָך האָט ער זיך געשטעלט דאַווענען. די זון האָט זיך ערשט אויפגעהויבן, ווי אַ פולער בעכער וויין זיך אַי־בערגעגאָסן, פאַרפלייצט אַ גרויס שטיק הימל. דער ים האָט זיך געוואָרעמט אין די ערשטע פרימאָרגנדיק־יונגע זון־שטראַלן, גע־לעגן אויסגעצויגן, ווי אַ מעכטיק זילבערנער פיש. די יואַ־סערן זענען נאָך געווען פאַרשלאָפן, שימערירט אין דער זון, זיך לייכט געפּעלדלט, זיך געקייטלט און געקרישלט.

בעת ר׳ ליזער האָט דערזען די ים־פייגל, האָט ער אַ טראַכט געטון ביי זיך, אַז די פייגל זענען, פונקט ווי ביי נחן אין דער תבה, די ערשטע אָנזאָגער פון דער יבשה... אַ פרייד האָט גע־שפּאַרט אין אים, צענומען אַלע אברים זיינע. ער האָט געוואָלט וואָס־גיכער זיך טיילן מיט וועמען מיט זיין פרייד. אָבער ער האָט נישט מפסיק געווען אינמיטן דאַווענען, שטיל און מיט צוגע־מאַכטע אויגן אויסגעשטאַנען שמונה־עשרה, נישט געלאָפן קיי־נעם גאָרנישט דערציילן. ערשט ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן דאַווענען און צוזאַמענגעוויקלט די תפילין, איינגעלייגט דעם גרויסן טלית מיט דער זילבערנער עטרה, וואָס איז געווען געל און פאַרשוואַרצט און געשמעקט מיט צעשמאָלצן חלב און הייסע תפילות, האָט ער זיך געאיילט אָנצוזאָגן די בשורה.

אַלע האָבן געזען דערנאָך די מעוועס, וואָס זענען נאָכגע־לאָפן נאָך דער שיף, געשניטן דעם זוניקן חלל אין גלייכע און קרומע ליניעס, זיך געוויגט אַרויף און אַראָפ און מיט זייערע דינע, קוויטשיק־ווייכע, קינדערישע שטימעלעך געמאָנט עסן.

אָבער די שיף האָט אַליין קיין עסן נישט געהאַט, נישט געהאַט גאָרנישט וואָס אַרויסצוואַרפן פאַר זייערטוועגן. זענען די פייגל מיד און אויסגעשעפּט נאָכגעלאָפן נאָך דער שיף, הונגעריק געפּישטשעט מיט הייזעריק־ווייכע שטימעלעך, אַז ס'איז געווען אַ גרויס רחמנות צו קוקן אויף זיי, זיך אַלעמאָל מיט גרויס האַסטיקייט אַראָפּגעלאָזט צום וואַסער, ווי אַרונטערגעשאָסן.

כמעט אַ גאַנץ־גייענדיקן פאַרמיטאָג זענען די פייגל נישט אָפּגעטרעטן פון דער שיף, נאָענט צוגעקומען צו די מענטשן אויפן דעק, גערעדט עפּעס צו זיי אין זייער פויגלישער שפּראַך, זיך הויך געריסן, געהאָנגען אין זוניקן חלל מיט ווייס־צעשפּרייטע, ריין־אויסגעוואַשענע פליגל, געפאַלן פון די כוחות פון לאַנגען פליען.

די יידן זענען איצט שוין געווען אינגאַנצן זיכער, אַז בראַניע האָט נישט אויסגעטראַכט קיין שום ליגן און מען איז שוין נישט ווייט פון ערד. דערצו האָט זיך די שיף, וואָס האָט אַזאַ לאַנגע צייט געשוויגן און מען האָט פון איר קיין שום קול נישט געהערט, פּלוצים הייזעריק צעוואָיעט, ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע חיה, וואָס געפינט צוריק איר נעסט. פונדערווייטנס, אויפן ים האָט זיך עפּעס געשוואַרצט. מען האָט זיך דערפאַר דערשראָקן, נישט געוווסט וואָס דאָס איז אַזעלכעס. און די שרעק איז נאָך גרעסער געוואָרן, זיך פאַרשטאַרקט, ווען מען האָט פּלוצים באַמערקט, אַז די אייגענע שיף, וואָס איז די גאַנצע צייט געגאַנגען פּאַוואָליע, האָט גענומען גיין שנעלער, ווי זי וואָלט פאַר עפּעס אַנטלאָפן. אָנגעשטרענגט און אין גרויס מורא האָט מען געקוקט דאָרט־אַהין, וווּ דער טונקעלער פלעק האָט זיך באַוועגט אַזוי פּאַוואָליע, ווי ער וואָלט געשטאַנען אויף איין אָרט. ס'האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דער פלעק איז אַ שיף. און ווען מען איז געוווּיער געוואָרן, אַז די שיף איז נישט קיין פיינטלעכע און מען דאַרף פאַר גאָרנישט קיין מורא האָבן — ערשט דעמאָלט האָט מען זיך אַביסל באַרויִקט.

אַ שטיק צייט האָט זיך די שיף געזען אויפן האָריזאָנט און זי איז פּלוצים פאַרשוווּנדן — פאַרשוווּנדן אַזוי פּלוצים, ווי פּלוצים זי האָט זיך באַוויזן. צוזאַמען מיט דער שיף, זענען אויך

די פייגל פאַרשווונדן ערגעץ, ווי אַראָפּגענומען מיט אַ כישוף־האַנט. מען האָט זיי אומעטום געזוכט, געלאָפן פון איין עק שיף צו דער אַנדערער, זיך אויסגעקוקט די אויגן, אָבער מען האָט זיי אינערגעץ מער נישט געזען. און ס'האָט ארומגענומען אַ גרויסע בענקשאַפט נאָך די פייגל, וואָס האָבן געברענגט מיט זיך די ערשטע בשורה פון דער יבשה. מען האָט געבענקט נאָך זייער אויסגעהונגערט קווימשען, נאָך זייערע אומפאַרשטענדלעכע פויגלישע רייד, וואָס האָבן דערציילט וועגן ערד, און מיט זייער פּלוצימדיק פאַרשווונדן ווערן, האָט זיך באַזעצט אַ נאָגנדיקע הוילקייט אין הארצן.

אָבער די נאָגנדיקע הוילקייט איז באַלד אַוועק אין אַ גרויסע פרייד האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט, וואָס האָט נישט געלאָזט מער איינשטיין אויף אַן אָרט. איינער איז דעם אַנדערן געלאָפן אָנזאָגן די בשורה־טובה, ־אָטש יעדער איינער האָט שוין אַלץ געוווסט. צוליב די ים־פייגל און צוליב דער שיף, וואָס האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן, האָט מען גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן אין דער יבשה, וואָס איז שוין אַזוי נאָענט! ס'איז אַוועק די ערשטע צעטומלטקייט, די באַרוישט־פאַרטויבטע שיכרות און ס'האָט אַזוי קלאָר אַ שיין געטון דער געדאַנק, אַז מען איז שוין טאַקע אויף אַן אמת געראַטעוועט. וואָס־זשע איז עפּעס די שמחה אַזוי קליין, וואָס־זשע נעמט מען זיך נישט אַרום און מען צעקושט זיך נישט און מען טאַנצט נישט פאַר פרייד? וואָס שטייט מען מיט פאַרלייגטע הענט און מען טוט גאָרנישט? מען דאַרף זיך דאָך צוזאַמענעמען, זיך גרייטן אין וועג אַריין. מען דאַרף דאָך שוין פאַרפּאַקן דאָס ביסל שמאַטעס!

אויף דער שיף איז ערשט איצט געוואָרן די אמתע גדולה. מען איז אינגאַנצן נישט מיד געוואָרן צו רעדן כסדר וועגן דער גרויסער געשעעניש, געטייטשט אַהין און געטייטשט אַהער יעדן קלענסטן פּרט, נישט אויפגעהערט נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל איבערצוחזרן די זעלבע זאַך אפשר צום הונדערטסטן מאָל. מען האָט זיך געוואָרפן איינער דעם אַנדערן אויפן האַלז, זיך איבערגעגעבן־היים געקושט, געגאַנגען מיט טרערן פאַר פרייד, געדאַנקט דעם באַשעפער, זיך בשום־אופן נישט געקענט איינ־

שטילן. אינמיטן די טרערן האָט מען נאָכאַנאַנד גערעדט פון די ים־פייגל און פון דער שיף, וואָס מען האָט געזען. זייער זעלטן האָט מען זיך אָנגעטראָפן מיט שיפן אויפן וועג. די אַלע סמנים ווייזן דאָך שוין זיכער, אַז די ישועה איז נישט ווייט!... און ווי איז געווען צו דעם, וואָס האָט געפּרווט לאָזן פאַלן אַ וואָרט, אַז ווער ווייסט, צי מען וועט זיי אין פּאָרט אַריינלאָזן. מען וואַרפט זיך דאָך אומעטום מיט זיי. אין גריכנלאַנד האָט מען בלויז פון זיי געוואָלט לויז ווערן, זיי אַרויסגעשיקט פון לאַנד און פּטור אַן עסק! מען האָט זיך נישט געוואָלט אַפילו רעכט צו אים צוהערן, באַלד אַרויף אויף אים:

— נאַ, אַטאַסטו אָ! — איז מען אַרויף אויף אים — אַ פרישער ווינער אויפגעשטאַנען. מזל־טוב!

## XIII

בעת ס'איז אַוועק די ערשטע פריידע און מען איז צוגע־ווינט געוואָרן צום געדאַנק, אַז מען איז געראַטעוועט, זענען די יידן צוביסלעך אַראָפּ אין די קאַבינעס אַריין. יעדערער האָט זיך גענומען פאָרען ביי זיין ביסל זאַכן. שוין לאַנג ווי מען האָט זיך אויף די זאַכן נישט אומגעקוקט און זיי זענען פאַרגעסן געלעגן אין די וואַליזעס אונטער די בעטלעך. מען האָט זיי איצט אַפּיר־געצויגן פון דאָרט, אָפּגעווישט, אָפּגערייניקט, געלאָזט לופטערן, די פייכטקייט זאָל פון זיי אַרויס. דאָס ביסל האָב־און־גוטס, וואָס האָט ערשט ביי קיינעם קיין שום ווערט נישט געהאַט, האָט באַ־קומען פלוצים צוריק די אַמאָליקע חשיבות און מען האָט אי־בער יעדן פיצל אָנגעהויבן צו ציטערן. יעדערער האָט געמאַכט אַ שטיקל חשבון, צוזאַמענגערעכנט, וואָס ער פאַרמאָגט אַלץ, אַזוי פאַרטון געוואָרן אין דער אַרבעט, אַז ער האָט באַלד פאַר־געסן אין אַלץ און אַלעמען.

די פרוי האָדעס, וואָס איז געווען אַ גרויסע ווירטאַנעס און האָט געקענט מיט אירע צוויי קרעפטיקע הענט פאַראַרבעטן אַ וועלט, האָט זיך מיט אַ סך פלינקקייט און טומל אַ נעם געטון צו איר וואַליזע. אַלץ האָט געברענט אונטער אירע הענט און זי

איז די ערשטע פּאַרטיק געוואָרן. איידער מען האָט זיך אומגע־
קוקט, האָט זי זיך געהאַט מיט אַלץ אָפּגעפּאַרעט און זיך אַ נעם
געטון צו אירע צוויי טעכטערלעך. באַלד זענען אויך אירע צוויי
מיידעלעך געווען פריש־פאַרפּוצט אין ריינע קליידלעך און פאַר־
טוכלעך, פּונקט ווי ערב־שבת, פאַר ליכט־צינדן, און זיי האָבן
זיך ווייטער געקענט אַרומפירן מיט דער ליאַלקע זייערער. דאָס
יינגערע מיידעלע האָט אויסגעסטראָיעט די ליאַלקע, פּונקט ווי
די מאַמע האָט זי אויסגעסטראָיעט. זי האָט איר אָנגעטון אַ פריש
קליידל און אַ פאַרטוכל און איר פאַרפלאָכטן אַ באַנד אין די
האָר. זי האָט אַריינגערעדט אין דער ליאַלקע דיזעלבע רייד,
וואָס די מאַמע רעדט אַריין אין איר:

— אוצר מיינער!... פּאַטשיעכע מיינע!... — האָט זי אַריינ־
גערעדט אין דער ליאַלקע און זי צוגעטוליעט מיט אַ סך צערט־
לעכקייט צו זיך — אַ ברכה אויף דיין קעפּל! דאָס האַרץ קוועלט
אין מיר, ווען כ׳קוק דיך אָן! און ס׳האָט דאָך נישט געפעלט
קיין סך, כ׳זאָל דיך שוין מער נישט האָבן! אָבער ווו איז אַהינ־
געקומען דיין טאַטעליו, ווו? טאַטע זיסער אין הימל!

די פרוי האָדעס, וואָס איז לעצטנס פּלוצים שטאַרק פרום
געוואָרן, געצוווּנגען אירע מיידלעך אַלע נאַכט פאַרן שלאָפן גיין
צו זאָגן הויך קריאת־שמע, האָט פון גרויס גדולה איצט נישט
געוווּסט וואָס זי טוט. זי האָט אָפּגעטון אַזעלכע זאַכן, וואָס האָבן
פאַר איר נישט געפּאַסט און אויסגעזען זייער משונהדיק. גערעדט
האָט זי אָן אָן אויפהער פאַר פייער און פאַר וואַסער, געקווי־
טשעט און געלאַכט, ווי אַ פּיצל קינד און זיך אַריינגעמישט צו
אַלעמען. זי האָט ביי קיינעם נישט געפרעגט, גענומען אויף זיך
די ראָל פון אַ מאַמען, אַכטונג געטון אויף יעדן. און פּונקט ווי
אַ שטרענגע, אָבער גוטע מאַמע, וואָס שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר
קיינעם, זאָגט אַריין יעדן דעם אמת אין די אויגן אַריין, שגצט־אָפּ
אפילו אירע דערוואַקסענע זין, אַליין טאַטעס פון קינדער, —
אַזוי האָט זיך די פרוי האָדעס פאַר גאָנישט אָפּגעשטעלט און
זי האָט אויף יעדן געשריגן, געהייסן טון, וואָס איר געפעלט.
ס׳האָט זיך אין איר צוריק אויפגעוועקט דער גרויס־שטאָטישער
שטאָלץ אירער פון אַ וואַרשעווער מאַדאַם און זי איז געוואָרן

אַ גאַנצע דעה־זאָגערין, כאָטש זי האָט ביי קיינעם נישט געגור־
מען קיין שום הסכמה. איינעם האָט זי געשטראָפט און דעם אַנ־
דערן האָט זי געלויבט. טאָמער איז איר עפּעס ביי וועמען נישט
געפעלן, האָט זי אים באַלד, מכּלומרשט אין אַ געלעכטער, גע־
געבן אַ פּעטשל מיט אירע הענט, וואָס האָבן איצט ביי זייער
גאַנצער דאַרקייט און גערונצלטקייט נאָך אַלץ פונדעסטוועגן
נישט אָנגעווירן זייער מאַמישע זיכערקייט און וואַרעמקייט.
זי האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אפילו פאַר דעם איידעלען און
חשובן ראָכמאַנען און געזאָגט אים מוסר, ווען ס'איז איר נישט
געפעלן ביי אים זיין ברודיקלעכער גומי־קראַגן. זי האָט אים
געהייסן אויסטון דעם קראַגן ,וועט זי אים פאַרוואַשן. דאָס איז
שוין לחלוטין אויפן אָרט נישט געווען, ווייל ראָכמאַן האָט זיך
זייער פאַרשעמט און כדי צו פאַרדעקן די בושה, האָט ער זיך,
ווי זיין טבע איז געווען, נאָכאַנאַנד געפּוצט מיט אַ סך חשיבות
דאָס אָפּגעצערטלטע לאָפּעטקע־בערדעלע זיינס און איר גאַרנישט
געענטפערט.

בראָניע האָט פאַרלייגט אַ גאַנצן וואַרשטאַט. אַ צעכראַס־
טעטע, אַ צעשויבערטע, האָט זי זיך כּסדר אַרומגעדרייט אין אַ
לויזן שלאָף־ראָק, געהאַט דווקא פיל צייט, כאָטש אַלע האָבן זיך
אַזוי געאיילט, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט עפּעס צו פאַרשפּע־
טיקן. אַרום איר איז געלעגן צעזייעט און צעשפּרייט איר גאַנצע
ווירטשאַפט: קליידלעך, קעלנערלעך, זאָקן, בענדער, אַלע שמאַכ־
טעם אירע. קיינער האָט שוין נישט געהאַט קיין רעכט שטיקל
בגד, אָבער איר האָט פון גאָרנישט געפעלט. זי האָט זיך קוים
געקענט מיט אַלץ אַן עצה געבן, פאַריכט, געצערעוועט, איינגע־
לייגט. עס איז געשטאַנען פאַר איר דאָס שטיקל אָפּגעבראָכענע,
אויסגעריבענע שפּיגעלע, ווו זי האָט אַלעמאָל אריינגעבליקט.
אַ שטיקל קאָלירט־שמעקעדיקע זייף, וואָס איין גאָט ווייסט פון
וואַנען זי האָט עס פלוצים גענומען, האָט זי אַרויסגעצויגן פון
איר וואַליזע. זי האָט דאָס שטיקל זייף געהאַלטן אין האַנט מיט
אַ סך צערטלעכקייט, אָפּגעהיטן עס, ווי דאָס אויג אין קאָפּ.
אויך האָט זי אַרויסגענומען פון דער וואַליזע אַ טוכן זשאַקעטל,
וואָס זי האָט זיך אַליין איבערגעמאַכט פון מאַנס אַ מלבוש און

וואָס האָט געהאַט טויזנט טעם. זי האָט אָנגעמאָסטן דאָס זשאַקעטל, זיך געדרייט אין אַלע זייטן מיט פּיל ווייבערישער געשיקטקייט און זגראַבנעקייט אינם קליינעם אָפּגעבראָכענעם שפּיגעלע און געפרעגט די פרוי האָדעס, צי ס'פּאַסט איר. און די פרוי האָדעס האָט געמוזט מודה זיין, אַז דאָס מלבוש איז מלא־טעם. די פרוי האָדעס איז אַריינגעפאַלן אין אַ התפּעלות, נישט געקענט אָפּרייסן די אויגן פונם זשאַקעטל:

— פון שניי גאָמלקעס קען דאָס ווייבל מאַכן! — איז זי אַריינגעפאַלן אין התפּעלות און די אויגן האָבן ביי איר געשיינט — אַ שליפל, אַ בענדל, פון גאָרנישט קען זי עפּעס צוזאַמענשטעלן. ס'זאָל האָבן אַ חן... ס'איז אַ גאָב פונם הימל!

לאַנג האָט אָבער די פרוי האָדעס מיט בראָניען נישט געקענט באַלעמוטשען, ווייל זי האָט זיך געאיילט, זיך געוואָלט אַריינכאַפּן צו דער פרוי פּאַביאַש אין דער קאַבינע אַריין, כדי צו זען, וואָס זי מאַכט. דאָס איז געווען פאַר איר אַ שווער שטיקל אַרבעט און זי האָט עס אַלעמאָל אָפּגעלייגט אויף אַביסל שפּעטער. אָבער זי האָט אין דער פּאַביאַש נישט פאַרגעסן. זי איז טאַקע געקומען צו בראָניען און זי קוים מיט געוואָלט אָפּגעריסן פון אירע שמאָכטעס, אין וועלכע יענע איז איצט געווען פאַרקאָכט מיט לייב און לעבן און זי מיטגענומען מיט זיך צו דער פרוי פּאַביאַש.

ווי געווינטלעך, איז די פרוי פּאַביאַש געזעסן אויף איר בעטל, די שווערע, האַלב־געליימטע פיס אָנגעשפּאַרט אָן דער פּאָדלאָגע. בשעת די ווייבער זענען אַריינגעקומען, האָט זי צום ערשטן מאָל נישט אויפגעהויבן דעם בליק צו זיי. זי האָט שוין אַלץ געוווסט און זי האָט זיך רעכט נישט צוגעהערט צו דעם, וואָס די האָדעס האָט איר כסדר אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ אַריין. אָבער די האָדעס איז נישט אָפּגעשטאַנען, נישט מיד געוואָרן צום וויפלסטן מאָל איבערצוחזרן איינס־און־דאָסזעלבע. זי האָט אַזוי לאַנג זיך אָפּגעגעסן דאָס האַרץ, ביז עס איז איר סוף־כל־סוף נמאס געוואָרן און זי איז אַרויס מיט אַ טענה צו דער פּאַביאַש:

— וואָס ענטפערן זי מיר גאָרנישט? — איז זי אַרויס

מכלומרשט מיט א טענה — כ׳בין דאך שוין מיד רעדנדיק... דאס גאנצע הארץ האב׳ך מיר שוין אפגעריסן!

לסוף איז איר דאך געלונגען ארויסצופרעסן פון יענער א ווארט. דער פרוי פאביאש איז שוין אלץ איינס געווען און אויף דעם אלעם, וואס די פרוי האדעס האט אין איר כסדר אריינגע־רעדט, האט זי געענטפערט בלויז דאס:

— וואס איז מיר דער חילוק, וואס? מיר איז שוין אלץ איינס... ס׳איז גאנץ שיין, אז זי זענען געקומען... אבער פאר מיר איז שוין נישטא מער קיין שום לעבן...

— נו־נו, זאגן זי נישט דאס! זינדיקן זי נאר נישט מיט די רייד... אוודאי, וואס פרעגן זי? — האט איר באלד, מיט א סך געמאכטן קוראזש, פארפאטשט דאס פנים די פרוי האדעס — וואס פארא רייד רעדן זי דאס?... אסור, אויב זי ווייסן אליין, וואס זי רעדן...

די פרוי האדעס האט זיך עפעס געפלאנטערט, נישט גע־האט קיין דרייסטקייט גענוג צו רעדן אפן און פריי צו דער פרוי פאביאש. זי האט געפילט, אז אלץ, וואס זי וועט זאגן, איז נישט גענוג, איז ארויסגעווארפן. ס׳איז מער נישט ווי אן אפנארעריי, ווייל ס׳זענען גארנישטא קיין ווערטער, וואס יענער צו זאגן. פונדעסטוועגן האט זי נישט אפגעלאזט און אין מיטן רעדן פלו־צים באקומען מער קוראזש און אויפגעהויבן העכער דאס קול:

— מאכן זי נישט דעם אנשטעל! — האט זי געזאגט מוסר דער פרוי פאביאש און זיך שוין אפילו אויף איר גוט אנגע־בייזערט — זי ווילן גאנץ גוט לעבן... יעדער איינער וויל לעבן... אזוי איז שוין דער דרך פון דער וועלט. דערציילן זי נישט קיין שום מעשיות, ווייל קיינער וועט איהן נישט גלייבן!

פלוצים איז די פרוי האדעס שטיל געבליבן, טיף אפגע־קרעכצט און צוגעגעבן:

— ווען מיינער, נישט געדאכט זאל עס זיין, איז פון מיר אוועקגעריסן געווארן — האט זי זיך אליין גענומען פאר א ביי־שפיל — האב׳ך אויך געמיינט, אז די וועלט עקט זיך מיר, אבער פונדעסטוועגן לעב׳ך יאקאש! מען פארגעסט... דאס לעבן איז שטארקער פון אלץ, גלייבן זי מיר!...

ס'איז געווען זייער שיין פון דער יידענעס זייט, וואָס זי האָט זיך אַליין ווי געטון און אויפגעדעקט אירע אייגענע ווונדן, אַבי יענער לייכטער צו מאַכן. די פרוי פּאַביאַש האָט דאָס אָפּגעשאַצט און זי שוין אפילו צוגעלאָזט, זי זאָל צוזאַמענעמען איר ביסל חפצים. שנעל און פלינק האָט זיך די יידענע אַ נעם געטון צום ביסל גראַטעס. אַז זי האָט זיך אָנגעטראָפן אויף פּאַביאַשעס און אויף די קינדערס זאַכן, האָט זי זיי כהרף־עין פאַרשטעקט ערגעץ, אַרונטערגעשטופּט פון סאַמע אונטן, אַזוי, אַז די פּאַביאַש זאָל זיי גאָרנישט פאַר די אויגן אָנזען... בראָניע האָט איר אין אַלץ צוגעהאָלפן, געהאָרכט אַלץ, וואָס זי זאָגט איר. פאַרטיק געוואָרן מיטן ביסל חפצים, האָט זיך די האָדעס ערשט אַ נעם געטון צו דער פּאַביאַש. זי האָט זיך אָנגעזעצט אויף איר און זי געצווונגען, זי זאָל איבערטון אַן אַנדער קלייד און זי זאָל זיך צוקעמען אַביסל די האָר.

— אַ מענטש מוז זיך אַביסל אין די הענט נעמען! — האָט זי געזאָגט — מען טאָר זיך נישט אַזוי אָפּלאָזן! אָ, אַזוי זעען זי אויס צוריק ווי אַ מענטש... ס'איז מער נישט איהן צו דערקענען... אַ שאָד, וואָס ס'איז נישטאָ קיין שפּיגעלע, זי זאָלן זיך קענען אָנשפּיגלען...

דער פרוי האָדעסעס רייד, איר פאָרען זיך אַרום איר מיט אַזאַ איבערגעגעבנקייט און מיט אַזאַ געטריישאַפט, דאָס פאַרזאָרגטע פּנים אירס, אַלץ צוזאַמען, האָט די פּאַביאַש אָנגעפילט מיט אַ וואַרעמקייט, אַזוי, אַז זי האָט אַ לייכטן שמייכל געטון. כאָטש גאָרנישט איז איר אָנגעגאַנגען און אַלץ איז איר געווען נמאס און מיאוס, ווייל איר לעבן האָט מער קיין שום זין נישט, האָט איר פונדעסטוועגן הנאה געטון, וואָס מענטשן נעמען זיך אַזוי שטאַרק איבער מיט איר און זי האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און אַ האַלבן, קרומען שמייכל געטון, ווי אַ מסוכן־קראַנקער, וואָס דערפילט זיך אויף אַ רגע אַביסל בעסער. זי האָט געפילט, אַז זי פאַרלירט זיך, אַז זי האָט סוף־כל־סוף מער נישט קיין כוח זיך אַקעגנצושטעלן אָט די אַלע מכלומרשט שטרענגע רייד, וואָס זענען בלויז אויסן איר גוטס און זענען אָנגעזאַפּט

מיט אַזאַ גרויסער געטרײישאַפט צו איר און זי האָט זיך געבעטן ביי דער פרוי האָדעס:

— לאָזן זי מיך צו־רו... — האָט זי זיך ביי איר געבעטן — וואָס האָבן זי צו מיר?

אָבער די האָדעס האָט זי נישט צו־רו געלאָזט. זי האָט שוין אויפגעכאַפּט דעם לייכן קרומען שמייכל אויף איר פּנים און מיט אירע געזונטע קרעפטיקע הענט זי אָנגענומען אונטערן אָרעם און געהייסען בראָניען זי אָננעמען אונטערן צווייטן אָרעם. ביידע ווייבער האָבן זי ארויסגעפירט אין קאָרידאָר.

בעת דער באַרימטער וואַרשעווער דאָקטאָר האָט דערזען די ווייבער, איז ער זיי באַלד אַקעגנגעלאָפן. ער איז איצט געווען פריש־אָפּגעוואַשן און ריין־אָנגעטון. די זילבערנע פּאָלקע איז געווען זאָרגפעלטיק־פאַרקעמט, די פריציש־דיקע, שטאָלצע וואָנ־סעם אויסגעבערשטלט און דער שוואַרצער, ברייטער קינסטלער־קאַפּעליוש איז גאָר בלאַנקנדיק־ניי געווען, געפּעכלט אַזש פון זויבערקייט. אָבער דאָס אַלץ האָט אים עפּעס נישט געפּאַסט. שטענדיק אַן אָפּגעלאָזענער, האָט די ריינקייט זיך נישט גע־קלעפּט צו אים. כאָטש ער האָט תמיד געערדט פון היגיענע, גע־וואָרנט מען זאָל זיך האַלטן ריין, כדי נישט צוצולאָזן קיין קרענק צו זיך, האָט ער אַליין קיינמאָל אויף זיך נישט אַכטונג געטון. ווי דער שטייגער איז, האָט ער נישט געזען זיין אייגע־נעם חסרון און געזוכט דעם חסרון ביי אַנדערע. די אויסגעפּוצט־קייט האָט זיך טאַקע איצט צום דאָקטאָר נישט געפּאַסט. ער האָט פאַרלוירן זיין גלאַנץ, זיך שלעכט געפילט, נישט געווען אין זיין הויט. מען האָט בעשיינפערלעך געזען, אַז לאַנג וועט זיך די אויסגעפּוצטקייט אויף אים נישט האַלטן. די אויסגעקעמטע פּאָלקע, די אויסגעבערשטלטע וואָנסעס, די גוטמוטיק־שמייכ־לענדיקע, האַלב־עובר־בטלדיקע אויגן, אַלץ צוזאַמען, האָט דער־מאָנט אין אַ קינד, וואָס די מאַמע האָט מיט געוואַלט אָפּגעוואַשן און אויסגעצוואָגן לכבוד עפּעס אַ יום־טוב, אָבער עס וועט לאַנג נישט דויערן און דאָס קינד וועט זיך צוריק פאַרשמירן.

בשעת די פרוי האָדעס האָט דערזען דעם דאָקטאָר, האָט זי

זיך אָנגערופן צו די ווייבער און דער עיקר צו דער פרוי פּאַביאַש, זי זאָל אַ שטיקל נחמה האָבן:

— אָט גייט ער דער דאָקטאָר מיט די אינסטרומענטן זיינע, ווי שטענדיק! „שייקע" מיט שלימזל... זע נאָר, ווי דאָס ווייב האָט אים אויסגעסטראַצלט. יעדער האָט זיך זיין פּעקל צרות! ער איז גוט באַליידט, דער דאָקטאָר... אַזאַ געלערנטער מענטש... ער מיינט דאָך נאָך אַלץ, אַז דער זון זיינער לעבט נאָך!

דער דאָקטאָר האָט באַגעגנט די ווייבער מיט אַ שמחה און מיט ברייט־אויסגעשפּרייטע אָרעמס:

— אַזוי איז גוט! — האָט ער געשריגן צו די ווייבער אין זיין געקליבענעם, שיינעם פּויליש — אַזוי טייבעלעך איז שיין! אַזוי קינדערלעך טייערע האָב איך ליב!

איינע נאָך דער אַנדערער, האָט ער די ווייבער פּאַטעריש אַ קניפּ געטון אין בעקל און זיך געווענדט צו דער פרוי פּאַביאַש:

— נאָר גיין! — האָט ער צו איר געזאָגט און זי אָנגע־הויבן פּלוצים פון גרויס גדולה צו „דוצן" — נאָר נישט זיצן אויף איין אָרט... דאָס וואָס דו וועסט דיר אַליין נישט העלפן, וועט דיר קיינער נישט העלפן... אפילו נישט די גרעסטע ספּע־ציאַליסטן... דו מוזט דיך באַוועגן, דו מוזט גיין, כאָטש ס'שטרענגט דיך זייער אָן. אַז נישט וועסטו פאַרלירן דעם גאַנצן כוח אין די פיס!...

דערזען די שמחה ביים דאָקטאָר, האָט זיך די פרוי פּאַ־ביאַש אָנגעשטעקט פון אים און אירע אויגן האָבן זיך לעבעדיק צעגלאַנצט. אָבער באַלד האָט זי זיך דערמאָנט אין אירע צרות און זי האָט זיך זייער פאַרשעמט פאַר זיך אַליין. זי האָט זיך אַזוי איינגעשפּאַרט, אַז די ווייבער האָבן זי געמוזט באַלד אָפּ־פירן צוריק אין דער קאַבינע אַריין.

די פרוי פּאַביאַש איז געזעסן אין דער קאַבינע, נישט אויס־גערעדט צו קיינעם אַ וואָרט. טיילמאָל בלויז האָט זי זיך אויס־געשמועסט מיט אידען, וואָס איז אויך ווייניק אַרוים אויפן דעק און די גאַנצע שמחה איז איר נישט אָנגעגאַנגען. אידע האָט איצט מער, ווי איבער דער גאַנצער צייט פון דער נסיעה, אין זינען געהאַט איר שרהלען און דעם מאַן אירן, הערשלען. זיי זענען

איר מער אויף קיין איין רגע נישט אַרויס פון זינען. כאָטש אַלע האָבן זיך איצט פּלוצים, מער ווי אַלעמאָל, דערמאָנט אין די איינגענע און נאָענטע, וואָס זענען געבליבן דאָרט ערגעץ אין גיהנום אויף יענער זייט ים און ס׳איז קיינעמען די גאַנצע שמחה נישט אַזוי שטאַרק איינגעגאַנגען, האָט אָבער אידע געליטן מער פון יעדן איינעם. שרהלע און הערשל זענען איר לעבעדיק גע־שטאַנען פאַר די אויגן, ווי זי וואָלט זיי אַט־ערשט געזען, ווי זי וואָלט אַט־ערשט מיט אַ רגע צוריק צו זיי גערעדט. טיילמאָל זענען זיי אַזוי לעבעדיק פאַר איר געשטאַנען, אַז ס׳האָט זיך איר נאָר געגלוסט צו זיי צו רעדן, זיך אויסשמועסן מיט זיי, און טיילמאָל זענען זיי געווען אַזוי ווייט פון איר, אַז זי האָט זיך בשום־אופן נישט געקענט דערמאָנען ווי זיי זעען אויס און אַ גרויסע שרעק האָט זי אַרומגעכאַפּט. ס׳האָט זיך איר נאָר גע־דאַכט, אַז מיטן פאַרלירן זיי פון זכרון, האָט זי זיי שוין אויף אייביק פאַרלוירן... דאָס געווייסן האָט זי געפּייניקט, זי האָט נישט געפונען קיין רו. ס׳האָט זיך איר געדאַכט, אַז אַלע קומען אָפּ צוליב איר. דעם קינדס ראָזאַ באַנד צו די האָר, וואָס זי האָט כסדר אויף אירע ברוסטן געטראָגן, האָט זי געבריט, נאָכאַנאַנד עפּעס געמאָנט, נישט געלאָזט איר גאָרנישט באַקומען, גערעדט צו איר קינדעריש־צעפּיעשטשעטע רייד, אַזוי, אַז זי האָט כסדר דייטלעך און קלאָר געהערט דאָס קול פונם קינד.

טיילמאָל, בעת אידע איז אַרויס אויפן דעק און געשמועסט מיט די ווייבער האָט נאָטאָן זי געזען. אירע פולע ליפּן, גע־שפּאָלטן פון זון און ווינט, זענען געווען בלאַס און אַן קאָליר און זייער בלאַסקייט און קאָליר־לאָזיקייט האָט נאָך מער נאָטאָ־נען געצויגן צו זיך, אָנגעפּילט אים מיט אַ גרויסן צער. ער האָט אויף איר געהאַט רחמנות. זי איז געווען אויסגעמאָגערט און שטאַרק אָפּגעצערט. דאָס ברייטלעכע לאַכנדיקע נעזל אירס, די העל־ברוינע, געלבלעך־בורשטינענע אויגן, וואָס טיילמאָל קור־טשען זיי זיך פון צופיל לאַכן און פריילעכקייט און טיילמאָל מרוזשען זיי זיך אין דינע שפּעלטעלעך פון צופיל גיפט און שנאה, זענען געווען אויסגעלאָשן און טרויעריק־פאַרזאָרגט. אידע האָט נאָטאַנען מיט איר אויסזען מיטאַמאָל דערמאָנט אין זיין

קינד און ווייב, אין דער היים און ער האָט פּלוצים דערפילט אַזאַ נאָגנדיקע בענקשאַפט צו איר, אַז ער האָט שוין אויף גאָרנישט מער געוואָלט קוקן און געוואָלט צוגיין צו איר. דער פּאַרטרוקנטער שפּאַלט אויף אירע ליפּן, וואָס האָט שטענדיק אַרויסגערופן אויף אים אַן אומרואיקייט, האָט אים איצט אָנגעפילט מיט אַ ווייטיק — אַ ווייטיק, וואָס האָט זיך געשטיקט אין אים, געוואָרגן, געזוכט אַ וועג אַרויס. ער האָט מקנא געווען די מענטשן, וואָס קענען שמועסן מיט איר, קענען שטיין אַזוי נאָענט פון איר. בלויז ער איינער אַליין מוז זיך האַלטן פון איר פונדערווייטנס. און נישט בלויז צו די מענטשן האָט ער געפילט אַ קנאה — ער האָט מקנא געווען די ווענט, אין וועלכע אירע שטייט אָנגעלענט, מקנא געווען די פּאָרענטשעס, וואָס אירע הענט נעמען אַרום. וואָס איז ער דאָס ערגער פון די מענטשן, וואָס זיי קענען זיין אַזוי נאָענט פון איר, וואָס זיי קענען אַזוי פריי רעדן צו איר. וואָס זענען זיי דען בעסער פון אים?

נאַטאַן האָט איצט אין אידען געזען דאָס ווייב זיינס און דעם זון, וואָס האָט אים דעמאָלט, אין דער היים נאָך, נישט געלאָזט קוקן אויף דער מומע אידע און ביי דער האַנט געפירט אים צו דער מאַמען, איינגערוימט אים דעם אויסגעטראַכטן קינדערישן ליגנט, אַז די מאַמע האָט געשיקט נאָך אים און דאַרף אים האָבן. אין אידען האָט נאַטאַן געזען איצט די היים, דעם שווערס שטוב, ווו ער האָט פאַרבראַכט יאָרן־לאַנג. שוין נישט איינמאָל האָט ער געוואָלט צוגיין צו איר. פיל האָט ער איר צו דערציילן, פיל האָט זיך אין אים אָנגעזאַמלט איבער דער גאַנצער צייט, וואָס ער האָט מיט איר נישט גערעדט. וואָס קען שוין העלפן דאָס האַלטן זיך כסדר פון איר פונדערווייטנס? אָבער אַז ער האָט באַמערקט די עקשנות, די געוואַלדיקע עקשנות אירע, זענען באַלד אַלע זיינע געדאַנקען צונישט געוואָרן, אויסגערונען און ער האָט זיך אינגאַנצן פאַרלוירן. אידע איז געווען איינגעשפּאַרט, נישט געוואָלט אים זען. זי האָט דאָס געלאָזט אים פילן אין אַלע תנועות אירע און דער עיקר אין דעם האַסטיק־שטאַרקן און ווי צולהכעיסדיקן קער זיך אָפּ פון אים מיט דער פּלייצע

אַלעמאַל, ווען זי האָט אים באַגעגנט. אין דעם האַסטיק־שטאַרקן קער מיט דער פּלייצע איז געלעגן אַ וועלט מיט פּראָטעסט. אָבער ביי דער גאַנצער פּאַרביסנקייט אירער און ביי דער גאַנצער עקשנות, האָט נאָטאַן געפילט, ווי אַלץ וויינט אין איר און רייסט זיך מיט אים צו באַגעגענען. בלויז עפּעס אַ גרויסער כוח האַלט זי שטענדיק אָפּ דערפון. און נאָטאַן האָט געהאַט צו זיך אַליין טענות, פאַרוואָס ער האָט זי כסדר אין זינען און ער הערט נישט אויף צו קלערן וועגן איר. פונדעסטוועגן האָט די זאָרג וועגן איר אים נישט אָפּגעלאָזט. זיינע גרויסע גרויע אויגן, וואָס פאַלן טיילמאָל אַריין אין ווייסקייט פון צופיל גרויקייט, זיין ביסל איינגעבויגענע פּלייצע, דאָס איינגעפאַלן־בלאַסע, נישט־געשנאַלטע פּנים, זיין גאַנץ הויך און אויסגעדאַרט געשטעל — אַלץ איז געווען אָנגעלאָדנט, אָנגעגאַרט מיט זאָרג וועגן איר. זי איז גע־בליבן איינע אַליין און ער מוז אַכטונג טון אויף איר. נאָך דערצו איצט, ווען דער פּאָרט איז אַזוי נאָענט.

כאָטש קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס פאַראַ פּאָרט ס׳גייט, האָט מען זיך פונדעסטוועגן אַלץ געגרייט אין וועג אַריין. קיינער האָט אפילו נישט באַמערקט די מאַטראָזן, וואָס האָבן אָנגעקוקט די יידן מיט חידוש, נישט געוווּסט וואָס זיי האָבן זיך פּלוצים גענומען גרייטן, ווי זיי וואָלטן זיך געקליבן אַראָפּ־צוגיין. מען האָט גאַרנישט געזען אפילו די פאַרבאַרגן־חוזקדיקע, ביטער־לצנותדיקע פייערלעך אין די מאַטראָזנס אויגן, וואָס האָבן מיט אָן אַ שיעור נייגעריקייט עפּעס אָפּגעוואַרט, געוואָלט זען וואָס דאָ וועט זיין דער סוף. גיי ווייס וואָס אַ גוי, אַ רשע מרושע, האָט דאַרטן אין זינען... ווער האָט איצט געהאַט צייט צו די מאַטראָזן, ווער האָט זיך איצט אומגעקוקט אויף זיי?...

אַלעמאַל האָט זיך ווער אַנדערש אויפן דעק באַוויזן, אויס־געפּוצט אין די צעקנאָדערטע מלבושים, וואָס האָבן זיך לאַנגע וואָכן אין די ווינקעלעך ערגעץ געוואַלגערט און קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף זיי. כאָטש מען האָט כסדר געפּרוווט אויסצוגלייכן די קנייטשן אין די מלבושים, געוואָלט אויסלופ־טערן דעם פאַרדומפּענעם און פייכט־פאַרלעגענעם ריח פון זיי, איז דאָס אָבער קיינעם נישט געלונגען. דאָס אַלטע, צעקנאָדערטע

אַנטועכץ, פול פלעקן און לעבער, האָט אין קיין שום יום־טוב נישט דערמאָנט, גיכער דערמאָנט אין אַ שפּיטאָל, פון וואַנען מען איז ערשט נאָך אַ לאַנגער קרענק אַרויס... מאַרקוס פעלד־בוימס גרינע יעגער־קאַפּעליושל איז אַזוי גרויס געווען אויף אים, אַז ס'האָט אינגאַנצן צעגעדעקט זיין מאָגער־אויסגעדאַרט פּנים'ל, אַזוי קליין פּונקט ווי אַ פויסט, אַראָפּגעפאַלן אים ביז איבער די אויערן, ווי ביי אַ קינד נאָך אַ שווערער און לאַנגער קרענק. דער קאַפּעליוש איז געהאָנגען אויף פעלדבוימס קאָפּ, ווי אַן איבער־געדרייטער טאָפּ אויף אַ שטעקן. נחס אויסגעלייגטע סלאָוואַצקע קעלנערל האָט זיך וויניק געפּאַסט צום גלאַנציק־אָפּגעטראָגע־נעם שוואַרצן אַנצוג זיינעם. סיי דער אַנצוג, נישט זיין מאָס, סיי דאָס קעלנערל, זענען געווען ברודיק און פאַרפּעצט, פאַר־לוירן דעם גאַנצן פאַסאָן און צוגעגעבן אים יאָרן. און דאַכמאַנס נייער, שוואַרצער, באַלעבאַטיש־הויכער קאַפּעליוש, וואָס ער האָט געטראָגן נאָר אום יום־טוב און וואָס האָט געזאָלט אַרויסרופן צו אים דרך־ארץ, איז לויז אַרומגעפאָרן איבער זיין קאָפּ, אויס־געזען אויף אים זייער קאָמיש און ער האָט באַקומען עפּעס אַ שטרענג און בייז פּנים. ערשט איצט האָט דער ייד באַמערקט ווי אויסגעמאָגערט ער איז געוואָרן, בלויז הויט און ביין. דאָס אַנטועכץ האָט יעדן זייער פאַרענדערט, אַרויסגערופן פּלוצים אַ דרך־ארץ פון איינעם צום אַנדערן, ווי איינער וואָלט העם אַנ־דערן נישט געקענט. גאַנץ אַנדערש האָט זיך איינער דעם צווייטן פאַרגעשטעלט. נאָכן אַראָפּוואַרפן פון זיך דאָס ביסל שמאַטעס, וואָס מען האָט כסדר אויף דער שיף געטראָגן, זיך גאָרנישט גע־שיידט מיט זיי, ווי זיי וואָלטן צום לייב צוגעוואַקסן געווען און נאָכן אויספּוצן זיך אין די פרישע מלבושים, האָט זיך עפּעס אַ פרעמדקייט אַריינגעכאַפּט צווישן די יידן און די היימישקייט איז מיטאַמאָל אוועק. ס'האָט אויסגעזען ווי מען וואָלט זיך פון פריער גאָרנישט געקענט. יעדער איינער איז געווען אַ וועלט פאַר זיך. כאָטש די מורא איז אַראָפּ פון פּנים, האָט זיך אָבער אַ זאָרג באַזעצט דאָרט — אַ זאָרג און אַן ערנסטקייט. ס'איז שוין נישט געווען מער איין גרויסע משפחה מיט דיזעלבע זאָרגן און באַ־

גערן, נאָר אַ סך קליינע משפּחהלעך מיט באַזונדערע זאָרגן און באַגערן...

דערווייל האָט זיך די שיף אַלץ געשלעפּט, זיך שוין גע־שלעפּט אַ פרישן מעת־לעת און קיין סימן פון אַ פּאָרט האָט מען נאָך אַלץ נישט געזען. און אַ קליין געדאַנקעלע האָט זיך פּלוצים באַזעצט ביי יעדן אין מוח, וואָס האָט שפּיציק און איינגעקעשנט געבויערט, ווי אַ דין, גיפטיק נעדעלע, קודם־כל פּאַוואָליע און נישט־זיכער, דערנאָך אַלעמאָל מער פעסטער און איינגעגעסענער:

— אפשר... אפשר איז גאָר די גאַנצע מעשה ליגנט... שקר פון אָנהויב ביזן סוף... אפשר האָט בראָניע אַלץ אויסגעזויגן פונעם פינגער... ווער ווייסט וואָס דער קאַפּיטאַן האָט איר גע־זאָגט... אויף איר קען מען זיך אַלץ ריכטן... אַזאַ פּלאַטער־קאָפּ... אַ קשיא אויף בראָניען... אַז דאָס ווייבל פאַרמאָגט נישט אַביסל סטאַלעקייט... אַז זי טראָגט זיך אַרום דאָרטן מיט אירע פּוסטע מעשיות, ווייסט נישט אויף וועלכער וועלט זי איז...

## XIV

די זון איז דעם דאָזיקן פאַרנאַכט אונטערגעגאַנגען זייער רויט. דער ווינט, וואָס האָט שוין אָנגעהאַלטן דעם דריטן טאָג, האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף קיין איין מינוט, שאַרף געבים־דאָס פּנים. ער האָט געבערגלט די כוואַליעס, זיי צונויפגעהויפט אין קופּעס, אויפגעשטעלט טורעמס — טורעמס איבער טורעמס פון ריינעם קרישטאָל — וואָס ער האָט באַלד צוריק צעוואָרפן, חרוב געמאַכט, אַריינגעשליידערט אין די טיפענישן פונעם ים, ווי אין גרויסע געעפנטע היילן. די שיף איז געגאַנגען ווי שיכור, זיך געוואַקלט, געפאַלן פון די כוחות, זיך איינגעגראָבן אַלעמאָל אין שוים פון ים, ווי עס גראָבט זיך אַמאָל איין אין דער מאַמע־ערד אַ מידע געיאָגטע חיה, וואָס אָט־אָט גיט זי זיך שוין איינ־גאַנצן אונטער, רירט זיך נישט מער פון אָרט.

די זון, אַ ריזיקע פייערדיקע קויל, איז שווער געהאַנגען איי־בערן ים, זיך בשום־אופן נישט געוואָלט אָפּרייסן פונם הימל, זיך נישט געוואָלט אויסלעשן אין די צעכוואַליעטע וואַסערן.

די רויט־צעגליטע זון — אַ קײלעכדיק צעפֿלאַקערט לאָך אינם בלויען הימל־געוואַנד — האָט זיך געשפּיגלט אין דעם ים, געצונדן זײַנע וואַסערן, געשטאַנען אַזוי נאָענט פֿון דער שיף, אַז אָט־אָט נאָך איין רגע און זי וועט די שיף לאָזן מיטן פֿײַער. סײַ דער הימל, סײַ די זון זענען געווען אַזוי נאָענט פֿון די מענטשן אויפֿן דעק, נאָר אויסצושטרעקן אַ האַנט און אָנצוטאַפּן מיט די פֿינגער...

דערנאָך איז די זון מיטאַמאָל אונטערגעגאַנגען, זיך אַראָפּגעלאָזט אין ים אַרײַן, ווי אַ שווערער ברענענדיקער באַרג. ס'איז געוואָרן פֿינסטערלעך. בלויז דער הימל איז אַלץ געבליבן העל, געלעגן נידעריק איבער דער שיף, געווען אינגאַנצן רויט צעפֿלאַקערט, ווי די ערד וואָלט ערגעץ ווײַט געברענט און ער וואָלט אָפּגעשפּיגלט די ווײַטע שׂרפֿה...

די מענטשן אויף דער שיף האָבן געזען דעם הימל, וואָס האָט זיך נידעריק איבער זיי אַראָפּגעלאָזט, באַדעקט געוואָרן מיט קליינע, געדיכטע, רויט־אַרומגעזוימטע וואָלקנדלעך, ווי מיט צעריסענע שטיקער רויך, וואָס האָבן זיך געקנוילט, געוויקלט, זיך באַהאָפּטן. באַלד האָבן זיך די וואָלקנדלעך אויך אויסגעלאָשן, געבליבן ליגן צעשפּרייט איבערן הימל, ווי פֿונאַנדערגעשאַרטע טליענדיקע שטיקלעך קויל אין אַש.

די מענטשן, וואָס האָבן נאָך אַלץ נישט אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די נײַע צעקנאָדערטע קליידער, האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן געוואַרט אויף עפּעס אַ יום־טובֿ, נאָר זיי האָבן געמאַכט אַ טעות אין חשבון און דער יום־טובֿ איז נישט געקומען. אָבער אויסטאָן צוריק די מלבושים האָט זיך דאָך נישט געגלוסט. ס'האָט זיך נישט געגלוסט צוריק צו צעשיידן מיט די מלבושים, פֿאַרלירן דאָס שטיקל האָפֿנונג, וואָס האָט נאָך אַלץ פֿאַרבאַהאַלטן טיף ערגעץ אין האַרץ געטליעט.

ס'איז צוגעפֿאַלן די נאַכט. ס'איז געוואָרן זייער פֿינסטער און אַלץ איז געוואָרן אָפּגעווישט, זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט דער נאַכט אַרום. דער ים האָט זיך געוויגט שווער און געדיכט, ווי סמאָלע. איינער האָט נישט דערקענט דעם צווייטן. מען איז פֿאַרבײַ זיך דורכגעגאַנגען, זיך פֿאַרטשעפּעט, אָנגעשלאָגן, אָבער

מען האָט זיך נישט דערקענט. ערשט אַז מען האָט דערהערט אין דער גדיכטער פינסטערניש אַ קול, וואָס האָט פּלוצים אַ ווייע געטון מיט לעבן, האָט מען געזען, אַז מען האָט צוטון מיט לע־בעדיקע נפשות, נישט מיט בלאָנדזשנדיקע שאָטנס...

די פרוי האָדעס האָט היינט ביינאַכט, מער ווי אַלעמאָל, אָפּגעהיטן אירע מיידלעך, נישט געלאָזט זיי אויף קיין איין מי־נוט אַליין, געהאַלטן זיי לעבן זיך, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, ס'זאָל זיי נישט געשען עפּעס שלעכטס.

— ווי לאַנג איז דער שיעור זיך צו שפּילן?... — האָט זי, פול מיט זאָרג, זיך געבעטן ביי די קינדער — ס'איז שוין די העכסטע צייט צו מאַכן נאַכט!...

זי האָט מיט די קינדער פאַרן שלאָפן גיין זייער פּאַוואָליע געזאָגט קריאת־שמע, זהר־וזהר אָפּגעטיילט איין וואָרט פון אַנ־דערן. און פּונקט ווי אַמאָל, בעשת די קינדער זענען נאָך פּיצל געוועזן, האָט זי זיי איצט אַליין אויסגעטון, לאַנג געקושט, גע־צערטלט, אַריינגעלייגט אין בעטל און גוט איינגעדעקט מיטן אַלטן צעריסענעם קאָץ. דערנאָך האָט זי אונטערגעשטעלט אַ באַק, זיך געהייסן אַ קוש טון פון די קינדער, בשום־אופן זיך נישט געקענט אָפּרייסן פון זיי. אָבער די מיידלעך האָבן נישט געליטן די מאַמע זאָל צו זיי רעדן ווי צו פּיצלעך קינדער, זיך גע־שעמט מיט אירע צערטלעכקייטן, וואָס זענען איצט געוועזן מער צודרינגלעך ווי אַלעמאָל און אויסגעזען זייער נאַריש. זיי האָבן איר אויף דער שנעל אַ קוש געטון, אַבי אָפּצוקומען:

— גיי שוין, מאַמעליו... — האָבן זיי זיך ביי איר געבעטן — לאָז אונז שוין צו־רו...

איידער די פרוי האָדעס איז זיך אַליין געגאַנגען לייגן, האָט זי זיך פריער אַריינגעכאַפּט צו דער פרוי פאַביאַש, כדי צו זען וואָס זי מאַכט.

ר' זיינוול ראַכמאַן האָט זיך נישט געקענט גיין לייגן, ס'האָט אים אינגאַנצן נישט געשלעפערט. ער האָט נישט געקענט באַ־נעמען מיטן שכל ווי ס'קען איצט ווער שלאָפן. ער האָט כסדר איצט געדענקט אין פאַביאַשן, ער איז אים נישט אַרויס פון זכרון. ר' זיינוול האָט עס יעדערן דערציילט און מען האָט

זיך צוגעהערט צו זיינע רייד. בלויז נאַטאַן האָט זיך צו אים מיט איין אויער צוגעהערט, געשטאַנען ווי אויף שפּילקעס, געוואָלט וויסן, צי אידע שלאָפט שוין. שטאַרקער ווי אַלעמאָל, האָט ער זיך די היינטיקע נאַכט אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו געפינען אידען און צוצוגיין צו איר. מער טאָר ער זיך נישט האַלטן פון איר פונדערווייטנס. דער געדאַנק איז ביי אים אַלעמאָל אויפסניי געבוירן געוואָרן, אַנגענומען פעסטקייט, בלוט און פלייש און באַלד צוריק אויסגערונען, געוואָרן נישט, אויסגעזען ווילד־פרעמד און נישט מעגלעך אַדורכצופירן. ער האָט אָבער געפילט, אַז ווען ער וועט זי איצט געפינען, וועט ער שוין זיכער האָבן כוח גענוג אין זיך צוצוגיין צו איר און אָנהייבן צו איר צו רעדן.

אויך האָט אידע די דאָזיקע נאַכט זיך לאַנג אַליין אַרומגעוואָגלט אויף דער שיף, געמיינט, אַז זי וועט זיך צופעליק אָנטרעפן מיט נאַטאַנען. זי האָט אים אין דער פינסטערניש געזוכט, מיט מורא אַריינגעקוקט אין פרעמדע פּנימער. ס׳האָט זי עפּעס אַרומגעכאַפּט אַזאַ בענקשאַפט נאָך אים, אַזאַ זאָרג און אַ מורא, וואָס האָט שווער געפרעסט, צוגעדריקט ווי מיט אַ גרויסער משא, אַז זי האָט דערשפּירט אַ שטאַרקן ווייטיק און קוים געקאָנט דעם אָטעם כאַפּן. קיינער איז איר מער נישט געבליבן ווי ער. דער ווייטיק האָט שווער געהויערט אויף איר, נישט געלאָזט זי צו רו, זי געפרעסן, געריסן פון איר לעבעדיקע שטיקער, אַז זי האָט זיך נישט געקענט מער איינהאַלטן און שטיל אַרויסגעשריגן:

— נאַטאַן...

אַרויסגעבּרענגט דאָס וואָרט פון די ליפּן, האָט זי זיך אַליין דערפאַר דערשראָקן, געוואָלט עס שוין צוריקכאַפּן, אָבער קיינער האָט סיי־ווי נישט געהערט איר קול און קיינער האָט איר נישט געענטפערט. געענטפערט האָט איר בלויז דער ים, וואָס האָט זיך הילכיק און טיף־שוואַרץ אַ הייב געטון פון אָרט, אויסגעשטרעקט צו איר דעם מעכטיק־טונקעלן רוקן, חוזקדיק אַ לאַך געטון מיט שוים, ווי מיט ווייסע ציינער, ווילד אַ באַטאַפּ געטון מיט זיינע נאַסע שטאַרקע לאַפּעס די שיף, ווי ער וואָלט וועלן אויספּרוון ווי לאַנג זי וועט נאָך קענען אויסהאַלטן...

אַלעמאָל האָט זיך אידען אויסגעדאַכט, אַז נאָטאַן גייט פֿאַרביי איר דורך און זי איז אים נאָכגעלאָפֿן. אָבער אַלעמאָל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי האָט געהאַט אַ טעות. שטענדיק איז ער דאָ נאָענט פֿון איר, זי פֿילט אים לעבן זיך, העמאָלט אַפֿילו ווען זי קוקט נישט אינגאַנצן אין זיין זייט אַריין. אָבער איצט, ווען זי וויל אים אויף אַן אמת זען, ווען די זאָרג וועגן אים איז ביי איר אַזוי גרויס, איז ער נישטאָ און ער הערט נישט איר קול, וואָס רופֿט אים.

די היינטיקע נאַכט האָבן זיך די יידן, פּונקט ווי אין די ערשטע צייטן פֿון דער נסיעה, פֿאַרקליבן איינער צום אַנדערן אין דער קאַבינע אַריין. און פּונקט ווי אין די ערשטע צייטן פֿון דער נסיעה האָבן זיי גערעדט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, זיך דערציילט וועגן אַלע מדינות, וווּ ס'איז זיי אויסגעקומען זיך צו וואַלגערן זינט זיי זענען פֿון דער היים אַנטלאָפֿן. איינער האָט געפֿילט אַ גרויסע נאָענטקייט צום אַנדערן, אַ קרובהשאַפֿט, נישט אָפּצומעקן, אַ ליבע, וואָס האָט געשטראָמט פֿון טיפֿן האַרצן אַרויס. ס'איז צוריק געווען איין גרויסע משפּחה מיט די זעלבע זאָרגן און באַגערן...

ווי שטענדיק, איז דער ראש המדברים געווען ר' זיינוול ראַכמאַן. ער האָט אַריינגערופֿן צו זיך דעם וואַרשעווער דאָקטאָר, פֿעלדבוימען, נחן, זיי דערציילט, אַז פּאַביאַש שטייט אים איצט אַזוי לעבעדיק פֿאַר די אויגן. דווקא פּאַביאַש... כאָטש מען איז געווען זיכער, אַז ער זוכט שוין ווייטער עפּעס אַ קרבן, כדי צו דולן אים אַ קאָפּ מיט זיינע מעשיות, האָט מען זיך אָבער איצט זייער געגנוי צו אים צוגעהערט. און דער דאָקטאָר, וואָס האָט אַליין שטענדיק ליב געהאַט אַ סך צו רעדן, האָט אים אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין מיט אַן אַלץ־ווייסעריש, פֿאַרשטענדיק, האַלב־עובר־בטלדיק שמייכעלע, ווי איינער זאָגט: כ'פֿאַרשטיי אַלץ, כ'פֿאַרשטיי... פֿון דעם האַלב־קלוגעטשקן און האַלב־עובר־בטלדיקן שמייכעלע איז ראַכמאַנען אַדורך אַ קעלט און ער האָט זיך דערפֿילט זייער פֿאַרלוירן. ער, ראַכמאַן, וואָס איז אַ מענטש אַ בר־דעת, אַ מענטש, וואָס פֿאַרלירט קיינמאָל נישט דעם קאָפּ, האָט איצט געפֿילט, אַז ס'געשען אַרום אים זאַכן, וואָס ער באַ־

גרייפט נישט מיטן שכל, ווו זיין שכל דערגרייכט נישט מער. אין דער היים, ביי זיך אין שטעטל איז ער געווען א בורר, קינד און קייט האט פאר אים דרך־ארץ געהאט. ער איז געווען א רודף־שלום, מיט זיין רואיקן, געזעצטן שכל געפרווט אויסגלייכן די שווערסטע סכסוכים, ס'זאל קיינעם חלילה נישט געשען קיין ברעקל עוולה. א סך האט מען אים נישט געדארפט ברייען, ער האט באלד געוווסט יענעמס געדאנקען, געטראפן וואס יענער גייט זאגן, איידער יענער האט נאך דאס מויל געעפנט. מיט די קינדער האט ער זיך אזוי לאנג ארומגעריסן, ביז ער האט איינגעזען, אז זיי זענען גארנישט אזוי קרום און זיי זענען אפשר גערעכט אויך, און ער האט טיילמאל געפרווט אריינקוקן אין זייערע ביכלעך, כדי צו דערגיין זייער אמת...

כאטש ר' זיינוול ראכמאן האט זיך געפרווט איינרעדן, אז אלץ וועט נאך מיטן אייבערשטנס הילף גוט זיין, האט ער אבער געפילט, אז דער סוף איז נאענט. קיין גוטס קען שוין נישט ארויסקומען פון אזא לאנגן שלעפן זיך אויפן ים, ווו די וואסערן זענען נישט זיכער און ווו יעדע מינוט איז דאס נפש איינגעשטעלט. עפעס שלעכטס וועט געשען. ער האט דאס אראפגעלייענט פון די אלע פנימער פון די יידן, וואס האבן זיך נאך אליין געפרווט איינשמועסן, פונקט ווי ער, אז אלץ איז נאך פונדעסטוועגן נישט פארפאלן. ער האט געקוקט ארום זיך און געזען אין דעם פינסטערלעכן ליכט בלאסע פנימער אן א שום מראה און מיטאמאל האט זיך אים גענומען אויסדוכטן, אז דאס זענען נישט קיין פנימער מער פון לעבעדיקע מענטשן. נישט קיין לעבעדיקע מענטשן זיצן ארום אים. אפילו ר' לייזער דעם שפייזקרעמערס קול, וואס האט געלערנט פון א ספר ארויס, האט געקלונגען פרעמד, ווי ס'וואלט געקומען פון עפעס אן אנדערער וועלט. ר' לייזער, וואס איז שטענדיק געווען אן עניו, גערעדט שטיל, האט ביים לערנען געהאט א זיכער קול און דאס זיכערע קול האט איצט אויף יעדן אנגעווארפן אן אימה און אין דער זעלבער צייט צוגעגעבן כוח, אז אלע זענען שטיל געבליבן און זיך צו אים צוגעהערט...

קיינעם האט זיך נישט געגלוסט צו גיין שלאפן, כאטש יע־

דער האָט שוין געגאַרט צו ליגן אויפן אייגענעם געלעגער און שלאָפן, שלאָפן, אין אַלץ פאַרגעסן.

שפּעט ביינאַכט האָבן זיך די יידן געקליבן צו גיין ליגן. ראַכמאַן איז אַריין צו זיך אין דער קאַבינע אַריין, זיך קוים גע־קענט דורכקריגן צווישן די שלאָפנדיקע גופים. ער האָט זיך אויס־געטון, ווי זיין טבע פּינקטלעך און גלייך אוועקגעלייגט זיינע זאַכן לעבן זיך. אין די קאַבינעס איז געווען ענג. אַלעמאָל האָט זיך ווער אַנדערש פאַרטשעפּעט אָן עמעצנס אַ האַנט, אַ פוס, שיער נישט אַרויפגעטרעטן אויף וועמען. ס'האָט זיך געהערט אַ פּייפן און אַ שנאָרכן און אַ שווערער, וואַרעמער, געזאַלצן־פּייכטער ריח איז געשטאַנען אין חלל. אַ קינד האָט זיך אויפגע־וועקט פון שלאָף און זיך הויך געריסן. עמעצער האָט פון שלאָף געשריגן, געוועדט עפּעס לאַנג, ווי ער וואָלט זיך מתוודה געווען, איבערגעגאַנגען אין אַ יאָמערלעך געוויין. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער קנאַל, וואָס האָט אַלץ פאַרטויבט. דער קנאַל איז געווען אַזוי מעכטיק און אַזוי מאַוימדיק, ווי די וועלט וואָלט מיטאַמאָל אונטערגעגאַנגען.

אָבער די וועלט איז נישט אונטערגעגאַנגען. אונטערגעגאַנ־גען איז בלויז די אַלטע גריכישע פּראַכט־שיף מיט די פּאַסאַ־זשירן און מיט דער מאַנשאַפט...

דאָס קנאַלן האָט נישט אויפגעהערט, זיך געשיט אַלעמאָל געדיכטער און שנעלער. דער ים האָט אַ שיס־אויף געטון אין דער הויך צוזאַמען מיט שטיקער האָלץ, אייזן, וואָס זענען זיך ווייט צעפלויגן, זיך צעשפּרייט אין אַלע זייטן. אַ פייער האָט אַ שנייד־אויף געטון די פינסטערניש, העל באַלויכטן די נאַכט אַרום. פּלוצים האָט זיך דער קוימען הויך צעשריגן אין דער פינסטע־רער נאַכט אַריין, זיך אימהדיק געריסן, ווי ער וואָלט גערופן הילף, מיט אַ דערוואָרגן קול געכאָרכלט, באַלד אינגאַנצן אָפּגע־האַקט, ווי ס'וואָלט אים ווער מיט געוואַלט פאַרשטאָפּט דאָס מויל...

פון אַלע זייטן האָט זיך דאָס וואַסער געשפּאַרט צו דער שיף, וואָס איז שטיל און אָן אַ קרעכץ געזונקען. דאָס פייער האָט זיך געראַנגלט מיטן וואַסער, געשפּרונגען פון איין אָרט אויפן

אנדערן, זיך באַהאַלטן און זיך באַלד צוריק באַוויזן, זיך העל צעפּלאַקערט, אויסגעשטרעקט דער נאַכט אין פּנים אַריין עטלע־כע לאַכנדיק־רויטע צונגען מיטאַמאָל, וואָס האָבן ווילד געטאַנצט, זיך געקורטשעט, איינגעשרומפּן געוואָרן און זיך באַלד צוריק אויפגעוויקלט. אַ רויך האָט זיך געדושעט, זיך געשטיקט, זיך צעוואַקסן, אַרומגענומען אַלץ, ווי אַ גרויסער רויכערנדיקער באַרג.

דאָס וואַסער האָט זיך גענאָסן — זיך געגאָסן מיט אַ רעש און מיט כוח, גיך געלאָפן ווי בעת אַ פאַרמעסט איבער ברעטער, איבער ווענט, איבער שטיקער אייזן, וואָס זענען זיך צעפּאַלן, ווי ברוכוואַרג, זיך נאָך קוים געהאַלטן אויפן אויבערפלאַך פונם ים. דאָס וואַסער האָט זיך געגאָסן מיט אַ גבורה און מיטן גע־קלאַנג פון אייזן, פאַרטיליקט אַלץ אויפן וועג, זיך אַזוי געאײלט, ווי ס׳וואָלט וואָס גיכער וועלן פון אַלץ אַ תל מאַכן. גאַנצע ווענט מיט וואַסער, ווי ווענט געגאָסענע פון אייזן, פון שטאָל, האָבן זיך געהויבן העכער און העכער, איין וואַנט איבער דער אַנדע־רער, געפליקט און געריסן שטיקער לעבעדיק לייב פון דער מידער שיף, אַזאַ געפּילדער געמאַכט, אַז ס׳האָבן זיך איינגאַנצן נישט געהערט די צוגעדושעטע מענטשלעכע קרעכצן און די געשרייען, וואָס זענען געקומען ערגעץ פון דער טיף, פונם איינגעווייד פון דער שיף, ווי פון אַ פאַרשיטן קבר אַרויס. דער ים האָט נצחונדיק געשריגן, געהיילט, געיובלט, זיך פאַרכליניעט פון גרויסער פרייד, ווי ער וואָלט דאָס געפּראַוועט אַזוי אַ ווילדע שיכורע שמחה. ס׳האָט זיך געדאַכט אַז דער ים האָט זיך אַ ריר געטון פון זיינע ברעגעס...

פ. גאָלדהאַר

# די אויסטראַלישע ליטעראַטור

### א.

ווען איך וואָלט קיינמאָל אין אויסטראַליע נישט געווען און ס'קומט מיר צופעליק אויס זיך צו באַקענען מיט דער אויסטראַלישער ליטעראַטור, וואָלט זי, מיין איך, פאַר מיר געהאַט דעמזעלביקן אינטערעס פונקט ווי פאַר אַן אַלטן אויסטראַלישן תושב. אמת, די ליטעראַטור אין אויסטראַליע איז נאָך לפי ערך גאָר יונג. זי האַלט זיך ערשט אין געשטאַלטיקן און האָט נאָך לעת־עתה נישט אַרויסגעגעבן קיין גרויסע, מרעיש־עולמדיקע ווערק. אָבער אַז מ'באַקענט זיך מיט איר נענטער, אַנטפּלעקט זי באַשטימטע קוואַליטעטן, וואָס האָבן פון אַ ברייטערער קולטור־פּערספּעקטיוו אַ גאַנץ באַזונדערן אינטערעס. אויך פאַר אונז ייִדן איז זי אין כמה פּרטים אַן אָביעקט, אויף וועלכן עס איז כדאַי זיך אָפּצושטעלן.

די אויסטראַלישע ליטעראַטור איז צוליב אַ רייע סיבות — כ'וועל זיך אויף זיי אָפּשטעלן אין ווייטערן לויף פון אַרטיקל — איינע פון די סאַמע כאַראַקטעריסטישסטע ליטעראַטורן, וואָס שאַפן זיך אין די לענדער פון דער אַזוי גערופענער נייער וועלט. אַ העלפט פון ייִדישן פאָלק לעבט היינט אין אָט די לענדער. די איצטיקע מלחמה, וואָס האָט חרוב געמאַכט די גרויסע, מיליאָניקע ייִדישע קיבוצים אין אייראָפּע, רוקט אָט די דאָזיקע העלפט אַרויס אויפן פאָדערגרונט פון אונזער ייִדישן זיין. אַ סך פּראָבלעמען פון דער ייִדישער עמיגראַנטישער ווירקלעכקייט וואָלטן פאַר אונז געווען קלאָרער, ווען מיר וואָלטן בעסער פאַרשטאַנען די אינעווייניקסטע גייסטיקע פאַקטאָרן, וואָס באַווירקן דאָס לעבן אין די מעבר־לים לענדער. אמת, זיי זענען זייער פאַרשידן,

די דאַזיקע לענדער. פונם סובאַרקטישן קאַנאַדע ביזן סובטראָפּישן אויסטראַליע, פונם אַנגלאָ־זאַקסישן צפון־אַמעריקע ביזן לאַטײַנישן דרום־אַמעריקע איז אַ ווײַטער מהלך נישט בלויז אין פּשוטן פיזישן, נאָר אויך אין מעטאַפיזישן זין. אָבער עס איז דאָ אַ סך בשותּפותדיקעס צווישן זיי. דער נאָמען „נײַע וועלט" איז עפּעס מער ווי אַ געאָגראַפישע באַצייכענונג. אויך היסטאָריש און קולטורעל שטעלן די לענדער פון דער נײַער וועלט פאַר מיט זיך אַ באַשטימטע גאַנצקייט. עס לאָזן זיך אין אַ סך פּרטים ציען פּאַראַלעלן אין זייער געשטאַלטיקונג און געשיכטלעכער אַנטוויקלונג.

אויסטראַליע, און באַזונדערס די אויסטראַלישע ליטעראַטור איז זייער אַ דאַנקבאַרער אָביעקט צו פאָרשן די טענדענצן פון דער קולטורעלער אַנטוויקלונג אויך פון אַנדערע נײַע־וועלט־לענדער. קודם־כּל איז אויסטראַליע מיט איר עטלעכע־און־נײַנציק פּראָצענטיקער בריטישער מערהייט דאָס אַממערסטן אײנהייטלעכע לאַנד אין דער נײַער וועלט אין פּרט פון באַפעלקערונג. עס זענען דאָ אַמווינציקסטן פאַרגעקומען צוזאַמענשטויסן פון די פאַרשידענערלײ קולטורן, וואָס דער ווײַסער מענטש האָט אַריבערגעבראַכט פון אייראָפּע אין די זידלונגען מעבר־לים. עס לאָזן זיך דעריבער אין אויסטראַליע קלאָרער אָבסערווירן די אַקלימאַטיזאַציע־פּראָצעסן פון קולטור אויף עמיגראַציע. אין די אַמעריקאַנער לענדער האָבן זיך כּסדר געמישט קולטור־טראַדיציעס פון פאַרשידענע ראַסן און פעלקער, זיך געקאָכט אין אַ בשותּפותדיקן שמעלצטאָפּ. זענען דעריבער נישט אַזוי קענטיק די פּראָצעסן, ווי אַזוי זיי האָבן זיך פאַרוואָרצלט אין פרעמדן באָדן. אַ וויכטיקער פאַקטאָר איז אויך די געאָגראַפישע ווײַטקייט און אָפּגעזונדערטקייט פון אויסטראַלישן קאָנטינענט. עס פעלן די נאָנטע קאָנטאַקטן פון שכנותדיקע לענדער און די קעגנזײַטיקע באַווירקונג פון שכנותדיקע קולטורן, אַזוי, אַז די אַריבערגעבראַכטע בריטישע קולטור־טראַדיציע האָט דאָ אָן שום זײַטיקע אײַנפלוסן זיך איבערגעשטאַלטיקט אין אַ נײַער קולטור. עס האָט צומאָל נישט געווירקט דער אײַנפלוס פון דער אײַנגעבוירענער באַפעלקערונג. די פּרימיטיווע קולטור פון די ווילדע

אויסטראַליער איז געשטאַנען צו־נידעריק, אַז זי זאָל אויסאיבן עפּעס אַ ווירקונג אויף דעם בריטישן קאָלאָניסט. האָבן מיר טאַקע אין אויסטראַליע אַ קלאַסישן מוסטער פון אַ קאָלאָניזאַציע־לאַנד, ווו עס שפּיגלען זיך אָמקלאָרסטן אָפּ די נאַטירלעכע פּאַק־טאָרן, וועלכע האָבן באַשטימט די געשטאַלטיקונג פון די איבער־געפלאַנצטע אייראָפּעאישע קולטורן אין אַלע אַנדערע לענדער פון דער נייער וועלט.

ב.

וואָס אייגנטלעך פאַרשטייט מען אונטערן באַגריף „אויס־טראַלישע ליטעראַטור"? צי איז די אויסטראַלישע ליטעראַטור אַ זעלבסטשטענדיקע קולטור־שאַפונג, צי בלויז אַ לאָקאַלער אָפּ־צווייג פון דער ענגלישער ליטעראַטור? וועגן אָט דער פראַגע זענען דאָ חלוקי־דעות. ווען עס איז אין לאָנדאָן אין יאָר 1931 פאָרגעקומען אַן אויסשטעלונג פון אויסטראַלישע ביכער, האָט דער „טיימס" קלאָר און אומצווייטייטיק געשריבן:

„פון דער מאַסע מאַטעריאַל, וואָס מ'רופט געוויינטלעך אויסטראַלישע ליטעראַטור, און פון די מוסטערן, וואָס מ'קאָן זען אין „אויסטראַלישן הויז", איז אָמווינציקסטן אויסטראַליש דער טייל, וואָס פּרעטענדירט אָממייסטן אויף ליטעראַטור. ס'איז אָן שום ספק אַ פּראָדוקט פון ענגלישן איינפלוס. כדי אַ ליטע־ראַטור זאָל זיין אויסטראַליש, דאַרף זי באַזיצן אַ צוגאָב פון נאָך קוואַליטעטן".

דאָס איז זייער אַ כאַראַקטעריסטישע באַמערקונג, באַזונ־דערס דער לעצטער זאַץ, וואָס רירט אָן די פראַגע פון קוואַלי־טעטן. אויך די אויסטראַלישע שרייבערס גופא, וואָס האָבן די פאַרשטענדלעכע אַמביציע צו זען די אויסטראַלישע ליטעראַטור ווי אַן אומאָפּהענגיקן אויסטראַליש־נאַציאָנאַלן קולטור־פּראָדוקט און פּראָקלאַמירן ביי יעדער געלעגנהייט איר זעלבסטשטענדי־קייט, אויך זיי זענען נישט אינגאַנצן זיכער ביי זיך וועגן די קוואַליטעטן, וואָס זייער שאַפן דאַרף האָבן, כדי צו זיין אַמתדיק אויסטראַליש. עס זענען נישטאָ קיין פעסטע, שאַרף־געצייכנטע

גרעניצן, וואָס טיילן פֿונאַנדער די אויסטראַלישע ליטעראַטור פֿון דער ענגלישער. און נישט בלויז בנוגע דער ליטעראַטור, נאָר אויך אין באַצוג צו באַזונדערע שרייבערס איז די באַצייכע־נונג אויסטראַליש זייער עלאַסטיש. אינדערהמתן: וואָס הייסט אַן אויסטראַלישער שרייבער? זאָל מען, למשל, נעמען די באַ־קאַנטע שריפֿטשטעלערין, הענרי הענדל ריטשאַרדסאָן. זי איז אַ געבוירענע אויסטראַליערין, אָבער זינט יאָרן לעבט זי און שאַפֿט אין ענגלאַנד, וווּ מען באַטראַכט זי פֿאַר אַן אייגענער אין דער ענגלישער ליטעראַטור. אָבער גלייכצייטיק גילט זי אין אויס־טראַליע פֿאַר אַן אמתע אויסטראַלישע שרייבערין. אַ פּאַרקער־טער פֿאַל — אַדאַם לינדסיי גאָרדאָן, וועלכער ווערט פֿאַררעכנט צו די וויכטיקסטע אויסטראַלישע דיכטער. ער איז געבוירן גע־וואָרן אין ענגלאַנד און אויפֿן דאָזיקן סמך האָט מען אים אין דער ענגלישער ליטעראַטור באַטראַכט ווי אַן אייגענעם ענגלישן שרייבער, און אָסקאַר ווײַלד האָט וועגן אים געשריבן ווי וועגן אַ כאַראַקטעריסטישן פֿאָרשטייער פֿון דער ענגלישער ליריק. די דאָזיקע טאָפּלטע אויסטראַליש־ענגלישע צוגעהעריקייט איז אַן אָפֿטע דערשיינונג אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. דער אויסטראַלישער שרייבער איז ענג פֿאַרבונדן מיטן ענגלישן שאַפֿן און ס'איז שווער צו אַנטשיידן, ווו און ווען עס הויבט זיך אָן און עס ענדיקט זיך זיין צוגעהעריקייט צו דער אויסטראַלי־שער, אָדער ענגלישער ליטעראַטור. ווו ליגט די גרעניץ צווישן די ביידע ליטעראַטורן? וואָס זענען די סימנים, לויט וועלכע מ'קאָן שאַצן די אויסטראַלישקייט פֿון אַ שרייבער, און מיט וואָס פֿאַראַ מאָס דאַרף מען מעסטן זיין שייכות צו דער אויסטראַ־לישער ליטעראַטור?

מיט אַזעלכע און ענלעכע פֿראַגעס באַשעפֿטיקט מען זיך זייער ערנסט אין די אויסטראַלישע ליטעראַטור־קרייזן, וואָרום די דעפֿיניציע פֿון אויסטראַלישקייט פֿון דעם באַזונדערן שריי־בער איז אויך די דעפֿיניציע פֿון דער אויסטראַלישער ליטעראַ־טור. פּראָפֿ. מאָררים מיללער, איינער פֿון די וויכטיקסטע ליטע־ראַטור־פֿאָרשערס אין אויסטראַליע, ווידמעט אין זיין ווערק „די אויסטראַלישע ליטעראַטור" אַ באַזונדער קאַפּיטל דער פֿראַגע:

„ווער זענען אויסטראַלישע שרייבערס?" ער באַהאַנדלט די דאָזיקע פראַגע מיט גרויס אויספירלעכקייט און ברענגט ראיות פון דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, וועלכע איז אין די ערשטע סטאַדיעס פון איר אַנטוויקלונג געשטאַנען פאַר אַנאַלאָגישע פּראָבלעמען. מ'קאָן אָבער די אַנאַלאָגיע אָנווענדן נישט בלויז אין באַצוג צו אַמעריקע, נאָר בכלל צו אַלע לענדער פון דער נייער וועלט. דער פונדאַמענטאַלער אונטערשייד צווישן די ליטעראַטורן פון דער נייער און דער אַלטער וועלט ליגט קודם־כל אין דער שפּראַך. אין דער אַלטער וועלט געדייעט יעדער ליטעראַטור אין איר אייגענעם שפּראַכלעכן עלעמענט. אַזעלכע לענדער ווי סערביע און בולגאַריע, אָדער טשעכיע און דייטשלאַנד זענען אין קלימאַט, אין לעבנס־שטייגער און אין כמה אַנדערע פּרטים אַ סך ענלעכער צו זיך, ווי עס זענען אויסטראַליע און קאַנאַדע למשל. אָבער די דערמאָנטע אייראָפּעאישע לענדער האָבן אייגענע שפּראַכן, וואָס האָבן זיך געשטאַלטיקט אין משך פון דורות און אַריינגעזאַפּט אין זיך די זאַפטן פון דער היימישער ערד. עס קומען דורך זיי צום אויסדרוק די דינסטע ניואַנסן פון רעגיאָנאַלער אייגנאַרטיקייט און זיי לייגן אַרויף אַן אייגענעם בולטן חותם אויף די ליטעראַטורן, וואָס שאַפן זיך אין זיי. דער שרייבער האָט אין דער שפּראַך אַ פּאַרטיק געצייג, מיט וועלכן ער קאָן אונמיטלבאַר אַרויסברענגען די באַהאַלטנסטע קנייטשעלעך פון זיין לאַנד און סביבה.

אַנדערש אָבער איז אויף די נייע קאָנטינענטן, ווו עס זענען נישטאָ קיין בולטע שפּראַכלעכע גרעניצן. איבער די ריזיקע שטחים פון צפון־אַמעריקע און אויסטראַליע דאָמינירט דאָס אייגענע ענגלישע לשון, פּונקט ווי שפּאַניש און פּאָרטוגאַליש דאָמינירן אינם צענדליק לענדער פון צענטראַל־ און דרום־אַמעריקע. די ליטעראַטורן אין די דאָזיקע לענדער אַנטוויקלען זיך אין אַ שפּראַכלעכער אַטמאָספערע, אימפּאָרטירט פון דער פרעמד. זיי האָבן נישט דעם עכטן ספּעציפישן קלאַנג אַזוי ווי די ליטעראַטורן אין דער אַלטער וועלט. עס פעלט דער אונמיטלבארער אָרגאַנישער צוזאַמענהאַנג צווישן דער שפּראַך און באָדן. די ליטעראַטורן איןביידע אַמעריקעס און אויסטראַליע

האָבן פאַר זיך געהאַט די שווערע אויפגאַבע צו אַקלימאַטיזירן דעם אימפּאָרטירטן שפּראַך־מיטל, אַריינצוטראָגן אין אים נייע טענער און ריטמען, צו פאַרהיימישן אים אין די עקזאָטישע לאַנד־שאַפטן פון ווייטע קאָנטינענטן.

ס'איז מיר אויסגעקומען צו שמועסן וועגן אָט דעם פּראָבלעם מיט אַן אָנגעזעענעם אויסטראַלישן שריפטשטעלער, און תוך כדי דיבור האָב איך אים דערציילט וועגן אונזער יידישער ליטעראַטור, וואָס שאַפט זיך אין פונקט פאַרקערטע באַדינגונגען. זי האָט איר אייגענע שפּראַך, יידיש, אָבער קיין לאַנד האָט זי נישט. דער שריפטשטעלער האָט זיך דערויף אָנגערופן:

— כ'וויים ווי שווער עס איז אייער יידישער גורל צוליב דעם, וואָס איר האָט נישט קיין אייגן לאַנד. פונדעסטוועגן בין איך אייך אַביסל מקנא. ביי דאָועלל אָ'ריילי איז דאָ אַ דערציילונג, אין וועלכער ער שילדערט די פּיאָנערן, וואָס האָבן קאָלאָניזירט דעם אויסטראַלישן צפון. די געגנטן נאָענט צום ים האָבן זיי גערופן מיט ענגלישע נעמען, ווי גלענברוק, דריפּסטאָון, לאַקסלי. אָבער וואָס טיפער זיי זענען געקומען אין לאַנד אַריין, האָבן זיי זיך אונטערגעגעבן דעם כישוף פון דער אויסטראַלישער ערד און גענומען רופן די ווייטע, צעוואָרפענע לאַגערן מיט ווילדע אויסטראַלישע נעמען: נאַראַמיני, מאַנדזשעריבאַר, באַלאַרינגאַר. אויך מיר, אויסטראַלישע שרייבערס, זענען אַפּטמאָל ווי יענע פּיאָנערן, ווען מיר ווילן זיך אַריינגראָבן אַביסל טיפער אין אונזער אויסטראַלישן מהות. דאָס זאַפּטיקע, היימישע ענגלישע לשון ווערט דעמאָלט אַזוי טרוקן און שטייף, אַז כ'אַטש נעם און שרייב „פּידזשין"־ענגליש.

דאָס אייגענע פּראָבלעם, אָבער פון אַן אַנדערן קוק־ווינקל, פון אַ קולטור־היסטאָרישן, ווערט אויך באַהאַנדלט פונם פריערדערמאָנטן פּראָפ. מאָריס מיללער אין זיין ווערק „די אויסטראַלישע ליטעראַטור". אַרומרעדנדיק די פראַגע וועגן די אויסזיכטן און ווייטערדיקע מעגלעכקייטן פון ליטעראַרישן שאַפן אין אויסטראַליע, רירט ער אויך אָן די פראַגע פון שפּראַך:

„מיר ווייסן וויל, וואָס פאַרא ווונדערלעכער שניט עס איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין ליטעראַטור־שפּייכלערס פון איי־

דאָפּע, ווען די פֿעלקער האָבן פֿאַרשטאַנען, וואָס פֿאַרא אויס־
דרוקס־קראַפֿט עס ליגט אין דער איינגעבוירענער שפּראַך, און
זיי האָבן זיך באַפֿרייט פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער שפּראַך
פֿון מיטלאַלטער — דעם לאַטיין פֿון די שולן. אויסטראַליע אָבער
קאָן זיך נישט אָפּרייסן (פֿון ענגלישן לשון) אויפֿן זעלביקן אופֿן,
יעדנפֿאַלס דערווייל נאָך נישט".

דיביידע אויבן־געבראַכטע מיינונגען קאָנען אפשר מאַכן
דעם פֿאַלשן איינדרוק, אַז עס איז אין אויסטראַליע פֿאַראַן אַ
געוויסע פֿאָרם פֿון אַ שפּראַכן־פּראָבלעם. דערפֿון איז לחלוטין
אָפּגערעדט. אויסטראַליע איז דורכאויס בריטיש און פֿלעגט מיט
געטריישאַפֿט די בריטישע קולטור־טראַדיציע, וואָס איז דער
סאַמע וויכטיקסטער און פֿונדאַמענטאַלסטער פֿאַקטאָר אין איר
גייסטיקער געשטאַלטיקונג. אַ פֿאָלק אָבער קאָן
נישט איבערטראָגן זיין קולטור־ירושה
פֿון איין אָרט אויפֿן צווייטן, פּונקט
ווי דער ווילדער אויסטראַליער פֿירט
אַ ברענענדיק פֿייער אין זיין שיפֿל
פֿון איין לאַגער אין אַנדערן. דאָס קול־
טור־פֿייער דאַרף מען תּמיד אָנצינדן
מיט ניי האָלץ אויף נייער ערד. דאָס
איז געשען אין אַמעריקע, דאָס איז
געשען אין אויסטראַליע.

איך האָב אונטערגעשטראָכן די אויבערשטע פּאָר שורות
נישט אַזוי צוליב זייער אינהאַלט, ווי צוליב זייער מחבר. זיי גע־
הערן צו דער באַקאַנטער אויסטראַלישער שרייבערין, מאַרדזשאָ־
רי באַרנאַרד. פֿאַר אַ יידישן לייענער זענען אַזעלכע געדאַנקען
כּלל נישט ניי. מיר ווייסן וווּיל, וואָס עס הייסט פֿאַר אַ פֿאָלק
צו וואַנדערן מיט זיין קולטור־ירושה איבער לענדער און קאָנטי־
נענטן. מיר איבן זיך שוין אין דער דאָזיקער עובדא איבער צוויי
טויזנט יאָר צייט. זיי זענען אָבער זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר
אַ בריטישן מענטש, וואָס זיין קולטור און היסטאָרישע טראַדי־
ציע שטייען אויף דעם פֿעסטן פֿונדאַמענט פֿון די דאָווער־פֿעלזן.
ער שפּירט אָבער, אַז זיין פֿעלזן־פֿעסטע בריטישע טראַדיציע

הויבט זיך אָן צו קרישלען, ווען ער טראָגט זי איבער אויף אַ נייעם באָדן. באַזונדערס שאַרף פילט ער עס אָפּ אין אויסטראַליע, ווו אַלץ איז אַזוי אַנדערש פונם היימישן ענגלאַנד. די בראשיתדיקע אויסטראַלישע סטיכיע, די ענדלאָזע סטעפּעס פון זאַלץ־בוש און ספּיניפעקס־גראָז, די זאַוויערוכעס פון רויטן מדברדיקן זאַמד — דאָס אַלץ האָט אויף דעם ענגלישן איבערוואַנדערער אַרויפגעלייגט אַ טיפן חותם, אַריינגעטראָגן אין זיין קילן נאָרדישן געמיט אַ הייסערן ריטם. דאָס נייע לאַנד האָט אים איבערגעפורעמט און אויך די דורותדיקע קולטור־ירושה, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון זיין ענגליש מוטערלאַנד האָט איינציקווייז זיך גענומען ענדערן, אָננעמען אויסטראַלישע אייגנשאַפטן און אַריינצופּאַסן זיך אין דער אויסטראַלישער לאַנדשאַפט אַריין.

אָט דער בהדרגהדיקער גילגול פונם ענגלישן איבערוואַנ־ערער איז אַ ספּעציפישן אויסטראַלישן טיפּ, דער טיפער איבערברוך אין זיין בריטיש געמיט אונטערן איינפלוס פון דער אורטימלעכער אויסטראַלישער סטיכיע, און בכלל דער גאַנצער קאָמפּלעקס פון די טיפע נשמהדיקע פּראָצעסן, וואָס האָבן אויסגעשטאַלטיקט דעם אויסטראַלישן קיבוץ, האָבן זיך אויף אַ קלאָרן, אונמיטלבאַרן אופן אָפּגעשפּיגלט אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. זי האָט צוזאַמען מיטן קיבוץ אַדורכגעמאַכט די אַלע אומוואַנדלונגען, פון וועלכע עס האָט זיך אויסגעוויקלט דאָס אויסטראַליע, וואָס מיר האָבן היינט.

ג.

פון די פאַרשידענע טענדענצן, וואָס דאָמינירן אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור, טרעטן אַמבולטסטן אַרויס: פּיאָנערישע טראַדיציע און דעמאָקראַטישע איינשטעלונג. פּיאָנערישע מאָטיוון זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר די ליטעראַטורן אין אַלע קאָלאָניזאַציע־לענדער, אָבער אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור טרעטן זיי אַרויס מיט אַ באַזונדערער שאַרפקייט. די סיבה דערפון ליגט אַפּנים, אין דער אַנדערשקייט פון דער אויסטראַלי־

שעד נאַטור מיט אירע אויסטערלישע חיות און געוויקסן און בראשיתדיק־ווילדער לאַנדשאַפט. עס שטעקט אין דער אויסטראַלישער נאַטור עפּעס אַן אורטימלעכער סטיכישער כוח, וואָס לאָזט זיך נישט איינברעכן און פאַרהיימישן, און נאָך 150 יאָר קאָלאָניזאַציע שטייט פאַר איר דער ווייסער מענטש נאָך אַלץ אין דער בחינה פון אַ פּיאָנער, וואָס ראַנגלט זיך מיט אומבאַצוווּנגענע נאַטור־כּוחות.

אָט דער געראַנגל שפּיגלט זיך שאַרף אָפּ אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. שוין די ערשטע שרייבערס פון דער צייט, ווען דאָס לאַנד איז נאָך געווען אַן ענגלישע פאַרשיקונגס־קאָלאָניע, ווי סייוועדי און ראַוקראַפט, שילדערן אין זייערע ווערק די ווילדקייט פון דער אויסטראַלישער נאַטור. אין זיינע „דערציילונגען פון די קאָלאָניעס" (דערשינען אין 1843) מאָלט ראַוקראַפט אַ קלאָר הגם קינסטלעריש־רוי בילד פון דעם לעבן פון די ערשטע קאָלאָניסטן. ער דערציילט וועגן בוש־פייערן, וועגן איבערפאַלן פון ווילדע אויסטראַליערס אויף די ווייסע זידלונגען, וועגן די שווערע נסיונות פון די ערשטע פּיאָנערן. אויך די שפּעטערדיקע שרייבערס פונם אַזוי־גערופענעם קאָלאָניאַלן פּעריאָד שטרייכן נאָכאַנאַנד אונטער די אומגעצוימטע ווילדקייט פון דער אויסטראַלישער נאַטור. די ליטעראַטור פון יענער צייט ברענגט צום אויסדרוק דאָס געפיל פון קאָנטראַסט צווישן דעם מילדן און געמיטלעכן ענגלאַנד און דער אומהיימלעכער, בראשיתדיקער סטיכיע פון אויסטראַליע. באַזונדערס בולט ווערט דער דאָזיקער קאָנטראַסט אַרויסגעבראַכט אין דער דאַמאָלסדיקער פּאָעזיע, וואָס איז פול מיט שטימונגען פון אומעט און בענקשאַפט. דער דאָזיקער פּעריאָד ווערט ריכטיק באַצייכנט אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור־געשיכטע אַלס דער פּעריאָד פון די „גלות־פּאָעטן". זייערע וויכטיקסטע פאָרשטייערס זענען הענרי קענדעלל (1839-1882) און אַדאַם לינדסיי גאָרדאָן (1838-1870).

צוגלייך מיט דער געשריבענער ליטעראַטור, וואָס איז געשטאַנען אונטערן איינפלוס פון די ענגלישע ליטעראַטור־טראַדיציעס, האָט זיך געשאַפן אַ גאַנץ אַנדערער מין ליטעראַטור, וואָס איז דירעקט אַרויסגעוואַקסן פון דער אויסטראַלישער רוי־ערד.

דאָס איז געווען אַ פּאָלקס־ליטעראַטור פון לעגענדעס און לידער, וואָס אומבאַקאַנטע, אַנאָנימע מחברים האָבן געשאַפן אויף די פּאַרמס אין הינטערלאַנד, אויף די ווילדע שטעגלעך אין דער געדיכטעניש פון בוש. אַרום ביינאַכטיקע לאַגער־פייערן, אין די ביר־שענקען פון די פּאַרוואָרפענע פּאַרם־ און גאָלד־שטעט־לעך האָבן זיך וואַנדערנדיקע שעפּסן־שערערס, גאָלד־זוכערס, פּי־טרייבערס און טרעמפּס דערציילט מעשיות, פּאַרצויגן אַ לידל, און אָט די ספּאָנטאַנע שאַפונגען, וואָס די אויסטראַלישע ערד האָט זיי געבוירן, זענען איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל, גע־וואַנדערט איבער דער לענג און ברייט פון קאָנטינענט, און איינ־ציקווייז אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אויך אין דער געשריבענער ליטעראַטור. עס איז אויפגעקומען אַ גרופּע שרייבערס אונטער דער אָנפירערשאַפט פון א. פּ. ארטשיבאלד, רעדאַקטאָר פון באַ־קאַנטן סידנעיער „ביולעטין”, וואָס האָבן אין זייערע שאַפונגען געגעבן אַ קינסטלערישן תיקון אָט דעם פּאָלקלאָר פון הינטער־לאַנד. די דיכטערס פון דער „ביולעטין”־גרופּע, ווי „באַנדזשאָ” פּעטערסאָן, אגילווי א. אַנד. האָבן געשאַפן אַן אייגנאַרטיקן ליטעראַטור־זשאַנר, די בוש־באַלאַדע. די בוש־באַלאַדע איז גע־ווען דער ערשטער פּראָדוקט פון זעלבסטשטענדיקן אויסטראַ־לישן שאַפן. אירע דיכטערס האָבן אין קעגנזאַץ צו די „גלות־פּאָעטן” האָפּערדיק פּראָקלאַמירט זייער אויסטראַלישקייט. מיט זייער קומען אויף דער אַרענע איז די אויסטראַלישע ליטעראַטור אַרויף אויף אַ נייעם וועג. זי האָט זיך באַפרייט פון איר קאָלאָ־ניאַלן כאַראַקטער און אָנגעהויבן אָננעמען אַן אייגענע נאַציאָ־נאַלע פיזיאָנאָמיע.

אויך די פּראָזע, וועלכע האָט אָנגעהויבן אַריינצוזאַפּן אין זיך דעם פּאָלקסטימלעכן שטייגער פון די בוש־לעגענדעס און איבערצונעמען די ווערטלעך און די אידיאָמאַטישע אויסדרוקן פון אויסטראַלישן פּאָלקס־מויל, האָט זיך פאַרקערעוועט אויף אַ נייעם וועג. אָנשטאָט די לאַנגע ראָמאַנען מיט אַ פאַרוויקלטן סיפּור המעשה, מיט אויסטערלישע געשעענישן און ראָמאַנטישע געשטאַלטן פון העלדישע „בושריינדזשערס” (אויסטראַלישע בוש־באַנדיטן) און קאַטאָרזשניקעס, ווי עס זענען געווען די ווערק

פֿון באַלדערוווד, קלאַרק, איז אויפֿגעקומען די כאַראַקטעריסטיש־אויסטראַלישע קורצע דערציילונג. סיי אין פֿאָרם און סיי אין אינהאַלט איז זי אַן אייגנאַרטיקער אויסטראַלישער פּראָדוקט. זי דערמאָנט מיט איר לויזער קאָנסטרוקציע און אינטימען שמועס־טאָן אָן די מעשיות, וואָס מ׳דערציילט זיך אַרום די לאַגער־פֿייערן ביינאַכט אין בוש, אָדער ביי אַ גוט־ברודעריש גלאָז ביר ביים טרינק־טיש אין אַ שענק ערגיץ אין דער „קאַנטרי". דער מייסטער פֿון אָט דעם מין דערציילונג איז געווען הענרי לאָוסאָן.

לאָוסאָן (1867־1922) איז איינער פֿון די מערקווירדיקסטע שרייבערס אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. ער איז געווען אַן אמתער אויסטראַלישער פֿאָלקס־מענטש, אויס־געווען ווי אויסטראַליע האָט אַן עק און זיך תמיד געדרייט צווישן פּראָסטן פֿאָלק, געווען אַ גוטער ברודער מיטן פּשוטן עולם. ער האָט געקאָנט אַדורך־און־אַדורך אויסטראַליע און דעם אויסטראַלישן מענטש, פֿונם פּי־טרייבער אויף די ענדלאָזע פּליינען אין קווינסלענד ביזן לומפּן־פּראָלעטאַריער פֿון די ענגע סידנעיער הינטערגעסלעך. ער האָט זיי אַלע געשילדערט אין צענדליקער דערציילונגען, באַזונגען זייער גורל אין לידער מיט אַ טיפֿער ליבשאַפֿט און זעלטענער אויפֿריכטיקייט. ער איז געווען אַ בעל־מום. אַ טויבער, אָבער קיינער פֿון די אויסטראַלישע שרייבערס האָט נישט געהאַט אַזאַ גוט אויער פֿאַרן ריטם און כאַראַקטער פֿון אויסטראַלישן רעדנס־אַרט. זיין שרייבן האָט געשפּילט מיט אַלע חנען פֿונם אויסטראַלישן „סלענג", וועלכן ער האָט, פּונקט ווי מענדעלע דאָס יידישע מאַמע־לשון, דערהויבן צו אַ הויכער מדרגה פֿון נאַציאָנאַל־קינסטלערישן אויסדרוק. כאָטש לאָוסאָן איז געקומען אין דער ליטעראַטור נאָך קנאַפּע הונדערט יאָר פֿון שריפֿטשטעלערישן שאַפֿן אין אויסטראַליע, איז ער געווען דער ערשטער, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט די היימישע ליטעראַטור אויף אירע אייגענע פֿיס. ער האָט מיט זיינע דערציילונגען אַריינגעבלאָזן אין דער אויסטראַלישער פּראָזע אַ פֿרישן, לעבעדיקן אָטעם. ער האָט איר געגעבן אַן אייגנאַרטיק אויסטראַליש פּנים און אַ כאַראַקטעריסטישע דערציילערישע פֿאָרם. די אָפֿענע קאָנ־

סטרוקציע און די אינטימע שמועס־פֿאָרם פֿון דער לאָוסאָנישער דערציילונג האָט אויך שטאַרק באַאיינפֿלוסט די געשטאַלטיקונג פֿונעם אויסטראַלישן ראָמאַן. דזשאָזעף פֿערפֿים „אַזוי איז דאָס לעבן", וואָס ווערט באַטראַכט פֿאַר אַ קלאַסיש ווערק אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור, באַשטייט פֿון לויז־געבונדענע בוש־דערציילונגען, אַדורכגעפֿלאָכטן מיט פֿערזענלעכע דערינערונגען און שמועסן וועגן שעקספּירן, געאָלאָגיע, פּאָליטיק. די נאַבלעד־סיקע קאָנסטרוקציע פֿון פֿערפֿים ראָמאַן, זיין דרך־אַגבדיקער דערציילערישער טאָן און אויטאָביאָגראַפֿישע מאַניערע ווערט דורך דער קריטיק באַצייכנט ווי אַן אויסדרוק פֿון אויסטראַלי־שער אייגנאַרטיקייט און עכטקייט. אויך די ראָמאַנען פֿון רענ־דאָלף בענפֿאָרד, מיילס פֿרענקלין און פֿון אַ סך אַנדערע וויכ־טיקע אויסטראַלישע שרייבערס זענען פֿונעם זעלבן כאַראַקטע־ריסטישן שניט.

לאָוסאָן האָט דער אויסטראַלישער ליטעראַטור געגעבן אַן אייגענעם נאַציאָנאַלן אויסבליק. ביז אים האָבן די שרייבערס געזען אויסטראַליע דורך ענגלישעברילן, אויפֿגעכאַפּט בלויז די עקזאָטיק פֿון לאַנד און געווען עמפּינדלעך אויף איר אַנדערש־קייט לגבי דעם ענגלישן היימלאַנד. די בוש־באַלאַדיסטן פֿון „ביולעטין" האָבן מיט זייער דעמאָנסטראַטיווער פֿאָלקסטימ־לעכקייט אויסגעדריקט די ערשטע פֿרייד פֿון אַן אויפֿגעוואַכטן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין און זיך פֿאַרשיכורט מיט דער אויס־טראַלישקייט, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט אין די פֿאָלקס־שאַפֿונ־גען פֿון בוש. לאָוסאָן איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט גע־נומען אויסטראַליע פּשוט און זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אָן התנצלות און אָן איבערגעטריבענעם ווייזן מיטן פֿינגער: נאַט, זעט אונזער וווּנדערלעך לאַנד! ער האָט געשילדערט אויסטראַליע און דעם אויסטראַליער אַזוי ווי זיי גייען און שטייען, און מיטן גע־זונטן אינסטינקט פֿון אַן אמתן קינסטלער אויסגעמיטן די שאַר־פֿע פֿאַרבן פֿון עקזאָטישקייט און די אויפֿפֿאַלנדיקע אַנדערשקייט פֿון דער אויסטראַלישער נאַטור. ער האָט אין זיינע ווערק אַרויס־געבראַכט די נשמה פֿון לאַנד, דעם אינעווייניקסטן ריטם פֿון אויסטראַלישן לעבן.

לאָוסאָן האָט די יונגע אויסטראַלישע ליטעראַטור אַרויפ־ געפירט אויף דעם וועג פון אמתן נאַציאָנאַלן שאַפן, וואָס ווייזט דאָס אייביקע און אַלגעמיין־מענטשלעכע אין שפּיגל פון נאַ־ ציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט. עס האָט זיך מיט אים אָנגעהויבן אַ תקופה פון שטאַרקן פונאַנדערבלי אין דער אויסטראַלישער לי־ טעראַטור. עס האָבן זיך גענומען ווייזן ווערק פון ברייטערן פאַר־ מעסט, ווי די ראָמאַנען פון מיילס פראַנקלין, באַרבאַראַ ביינטאָן, קעטרין פריטשערד, וועלכע האָבן געגעבן ברייט־אַרומנעמנדיקע שילדערונגען פון דער אויסטראַלישערווירקלעכקייט און גע־ וויזן דער וועלט נישט בלויז דאָס אויסערלעכע פּנים, נאָר אויך דאָס וואַרימע, צאַפּלדיקע האַרץ פונם ישוב. אַ באַזונדערע אויפ־ מערקזאַמקייט פאַרדינט די טרילאָגיע „די מזלות פון ריטשאַרד מאַהאָני" פון דער באַקאַנטער שרייבערין מיטן מענערישן פּסעוו־ דאָנים הענרי הענדל ריטשאַרדסאָן. די טרילאָגיע נעמט אַרום דעם פּעריאָד פון די פופציקער יאָרן, די צייט פון גאָלדפיבער אין באַלאַראַט, ביז די אַכציקער פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. דער דאָזיקער פּעריאָד איז געווען דער סאַמע שטורמישסטער אין דער אויסטראַלישער געשיכטע, אָבער ריטשאַרדסאָן שטרייכט קוים אונטער אין איר ווערק דעם היסטאָרישן הינטערגרונט און שילדערט ווינציק דעם אייגנאַרטיקן לעבנסשטייגער פון יענער טשיקאַווער עפּאָכע. איר קינסטלערישע אויג איז אָנגעשטעלט בעיקר אויף די מענטשן, וועלכע זי ברענגט אַרויס, און אויף זייערע איבערלעבונגען. די וויכטיקייט פון דער טרילאָגיע באַ־ שטייט אין די גלענצנדיקע פּסיכאָלאָגישע אַנאַליזן און טיפן ציינבליק אין מענטשלעכן כאַראַקטער.

אויך וואַנס פּאַלמער איז אַ שרייבער מיט אַ טיפן פּסיכאָ־ לאָגישן אַריינבליק אין דער נשמה פון מענטש. אין זיינע ראָ־ מאַנען, „דער מאַן האַמילטאָן", „די פאַמיליע סוויין", „מענטשן זענען מענטשלעך" שילדערט ער אינדיווידואַליזירטע געשטאַלטן און לייגט דעם טראָפּ אויף אינעווייניקסטע מענטשלעכע אי־ בערלעבונג. פּאַלמער האָט אויך צוזאַמען מיט די שרייבערס פון דער נאָך־לאָוסאָנישער תקופה, ווי די פּראָזאַאיקער נאָרמאַן לינד־ סיי, קעטרין פריטשערד, און די דיכטערס קריס ברעננען, בער־

נארד אַ׳דאָוד א. אנד. אַריינגעטראָגן אין דעם אויסטראַלישן שרייבן מער פאַרביקייט און פאַרשידנאַרטיקייט פון פאָרם און סטיל. לאָוסאָן און די „ביולעטין״־גרופע האָבן אין זייערע ווערק געזוכט קודם־כל צו ברענגען צום אויסדרוק די קאָלעקטיווע אַס־פּעקטן פון דער אויסטראַלישער ווירקלעכקייט און צו געבן דער אויסטראַלישער ליטעראַטור אַן אייגענעם נאַציאָנאַלן כאַראַק־טער. דער דור שרייבערס נאָך לאָוסאָנען איז שוין געווען מער אינדיווידואַליסטיש. זיי האָבן דאָס קינסטלערישע אויג אָנגע־שטעלט מער אויפן יחיד, אויף דער אינדיווידועלער איבערלע־בונג, און אין זייער שאַפן שאַרפער אונטערגעשטראָכן קינסט־לערישע אינדיווידואַליטעט. די אויסטראַלישע ליטעראַטור איז טאַקע דורך זיי געוואָרן פילפאַרביקער און פאַרשידנאַרטיקער אין אויסדרוק און אין פאָרם.

די אויסטראַלישע ליטעראַטור ביים היינטיקן טאָג שטייט אונטערן איינפלוס פון דער סאָציאַל־רעאַליסטישער שיטה. אַדאַנק דעם דאָזיקן איינפלוס באַמערקט זיך ביי די יינגערע שרייבערס אַ קענטיקער צוריקקער צו דער לאָוסאָנישער טראַדיציע. זיי האָבן צוריק אַריינגעפירט אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור די פּשוטע שפּראַך, אַזוי ווי דאָס פאָלק רעדט. אויך די טעמאַטיק שעפּן זיי פון פּשוטן, טאָג־טעגלעכן מאַסן־לעבן, און אין זייער שאַפן דאָמינירן, פּונקט ווי ביי לאָוסאָנען, די קאָלעקטיווע אַס־פּעקטן אויפן חשבון פון יחידישער איבערלעבונג. עלען מאַרשאַל און גייווין קעיסי זענען כאַראַקטעריסטישע פאַרשטייערס פונם יינגערן דור אויסטראַלישע שרייבערס.

די אויסטראַלישע ליטעראַטור האָט, ווי מיר זעען, אַדורכ־געמאַכט פאַרשידענע עטאַפּן אין איר געשיכטע. איר וועג איז געווען אַ זיגזאַגישער און פאַרשידענע פאַקטאָרן האָבן אויף איר געווירקט אין פאַרשידענע צייטן. אָבער איין עיקרדיקער פאַק־טאָר — דער פּיאָנערישער — גייט ווי אַ רויטער פאָדים אַדורך דורך דער גאַנצער לענג פון איר אַנטוויקלונג. עס איז כמעט ניש־טאָ קיין איינציקער שרייבער אין אויסטראַליע, וואָס זאָל אין זיינע ווערק אויף דעם, צי אַן אַנדערן אופן נישט אַרויסברענ־גען דעם מאָטיוו פון פּיאָנערישקייט, די פאַרמעסטונג פון מענטש

קעגן די רויע כוחות פון נאַטור. ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דער דאָזיקער שטריך טרעט אַרויס אַמבולטסטן נישט אַזוי ביי די פריע אויסטראַלישע שרייבערס, וואָס האָבן מיטגעמאַכט די פּיאָנערישע צייטן, ווען דער ווייסער מענטש האָט געשטעלט די ערשטע טריט אויפן נייעם קאָנטינענט, ווי דווקא ביי די שריי־בערס, וואָס האָבן שוין פאַר זיך געהאַט אַ באַוווינט לאַנד און איינגעפונדעוועטע קיבוצים. הענרי לאָוסאָן און די שרייבערס פון דער „ביולעטין"־גרופּע האָבן ערשט אמתדיק און אונמיטל־באַר אַרויסגעבראַכט דעם גאַנצן פּאַטאָס פון פּיאָנערישן געראַנגל, מיט וועלכן עס איז אַדורכגעדרונגען די געשיכטע פון אויסטראַ־לישן ישוב. אין די ווערק פון לאָוסאָן, דזשאָזעף פערפי, מיילס פרענקלין, באַרבאַראַ ברײנטאָן ווערט דער אויסטראַלישער מענטש נאָכאַנאַנד אָפּגעשפּיגלט אויפן פאָן פון בוש און פון די ענדלאָזע שטחים טיף אין לאַנד, ווו די נאַטור־סטיכיע בושע־וועט אומבאַצוווּנגען און ווילד. אויך די מאָדערנע שרייבערס, ווי פּאַלמער, דייוויסאָן, פּריטשערד, קיילי טעננענט, קסייוויער הערבערט, גייווין קעיסי ווענדן כסדר אַוועק זייער בליק פון דעם רוישיקן לעבן אין דער גרויסער שטאָט, ווו עס איז קאָנצענטרירט דער גרעסטער טייל פון דער אויסטראַלישער באַפעלקערונג, און מאָלן נאָכאַנאַנד אין זייערע ווערק דאָס ווייטע, פּוסטע הינטער־לאַנד, ווו דער פּי־טרייבער, דער וואַלדהעקער און דער „סעלעק־טאָר" (אַ פּאַרמער אויף נישט קולטיווירטן קרוין־לאַנד) פירן אַן אומגלייכן, ביטערן קאַמף אַנטקעגן די עלעמענטן.

עס שטעלט זיך טאַקע די פראַגע: צי גייט די אויסטראַלישע ליטעראַטור אויפן ריכטיקן וועג? די אויסטראַליערס זענען אין זייער גרעסטער מערהייט שטאָט־מענטשן, און בלויז אַ קלייִנער טייל פון זיי לעבט אויפן לאַנד. אין דער גרויסער שטאָט וויקלט זיך פונאַנדער דאָס היינטצייטיקע לעבן מיט די אַלע פּלאָנטער־נישן און קאָנפליקטן, וואָס דער מאָדערנער שרייבער דאַרף באַ־לייכטן און פאַרענטפערן. צי אַנטלויפט נישט דער אויסטראַלי־שער שרייבער פון דער ווירקלעכקייט, צי טוט ער זיין שרייבע־רישע פליכט, האַלטנדיק זיך כסדר ביי דער טעמאַטיק פון בוש?

אויף אָט דער פראַגע גיט די שוין פריער ציטירטע שריי־

בערין, מארדזשארי בארנארד פאלגנדיקן ענטפער: „אונזער ליטעראטור איז געבוירן געווארן און זיך געכאוועט אין בוש. מיר דענקען וועגן דעם טיפישן אויסטראליער ווי פון א בוש־מענטש. דאס איז דערפאר, ווייל אונזערע שטעט זענען נישט אנדערש פון די גרויסע שטעט איבער גאר דער וועלט, אבער אונזער בוש איז איינציקארטיק. עס איז דער בוש, וואס שפייזט און סטימולירט אונזער פאלקס־פאנטאזיע, אפילו ווען מיר האבן אים נישט פאר די אויגן.

עס בעט זיך ממש אן אנאלאגיע צווישן דער יידישער ליטעראטור מיט איר טעמאטיק פון קליינשטעטל און דער אויסטראלישער ליטעראטור מיט איר טעמאטיק פון בוש. די ווערטער פון בארנארד פארענטפערן אויך די טענות, וואס מען האט אפטמאל צו אונזער יידישער ליטעראטור, הלמאי זי שטייט נאכאנאנד מיטן פנים צום קליינעם שטעטל. אינם שטעטל איז דער טיפיש־יידישער שטייגער און כאראקטער געקומען פולבלוטיק און גאנץ צום אויסדרוק, פונקט ווי דער אויסטראלישער שטייגער און כאראקטער אין בוש.

ד.

א צווייטער עיקרדיקער שטריך אין דער אויסטראלישער ליטעראטור איז איר דעמאקראטישער כאראקטער. פיאנערישקייט און דעמאקראטישקייט זענען גלייך געווען אנגעמערקט שוין אין די סאמע פריע שפראצונגען פון דער אויסטראלישער ליטעראטור, וואס האט זיך אנגעהויבן צו שאפן נאך אין די צייטן, ווען דאס לאנד איז געווען אן ענגלישע שטראף־קאלאניע. ס'איז אינטערעסאנט דער פאקט, אז פון די ערשטע פיאנערן פון ליטעראַרישן שאפן אין אויסטראליע זענען געווען פארשיקטע, ווי מייקל ראבינסאן און הענרי סיוועריי. דאס ווייזט, אז די ערשטע שעפערישע אימפולסן זענען געקומען פון סאמע אונטן, פון א דערנידעריקטער און פארשטויסענער סביבה. דער אנהויב פון דער אויסטראלישער ליטעראטור איז אין אורשפרונג געווען א מאניפעסטירונג פון דעמאקראטישן ווילן. די ווערק

פון די פריע אויסטראַלישע שרייבערס, ווי „דער פּרוש פון וואַן־דימענס לאַנד" פון אויבן־דערמאָנטן סייוועריִ, אָדער טשאַרלז ראַוקראָפטס „מעקברענדאָן דער קאַטאָרזשניק" האָבן געשילדערט דעם שווערן גורל פון די פאַרשיקטע און זענען געווען פול מיט פּראָטעסט קעגן אומגערעכטיקייט און אונטערדריקונג. קיין גרויסן קינסטלערישן ווערט האָבן נישט די דאָזיקע ווערק, אָבער זיי האָבן אַ באַדייטונג דערמיט, וואָס אין זיי זענען בולט אָנגעצייכנט די דעמאָקראַטיש־פּראָגרעסיווע טענדענצן, לויט וועלכע עס האָט זיך געשטאַלטיקט די אויסטראַלישע ליטעראַטור.

מיט דער קאַטאָרגע־עפּאָכע מאַכט מען זיך אין די אָפיציעלע און געזעלשאַפטלעכע קרייזן אַ קנאַפּן צימעס. מ׳שעמט זיך מיט דעם נישט־יחוסדיקן אָנהויב פון דער אויסטראַלישער געשיכטע, און די פאַרבליבענע דאָקומענטן פון יענער צייט, וועלכע קאָנען וואַרפן אַ פּגם אויפן אָפּשטאַם פון אַ סך פירנדיקע נעמען אין דער אויסטראַלישער געזעלשאַפט, ליגן טיף פאַרשטעקט אין די מלוכהשע אַרכיוון, מ׳באַנוגט זיי קיינמאָל נישט אויף דער ליכטיקער שיין. פאַר די אויסטראַלישע שרייבערס אָבער האָבן די קאַטאָרגע־צייטן אַ באַזונדערן רייץ. עס אימפּאָנירט זיי דאָס העראָאישע און דאָס טראַגישע פון יענער עפּאָכע, אויף דער קאַנווע פון וועלכער עס לאָזן שטאַרק אויסשפּילן די מאָטיוון פון סאָציאַלן יושר און פון קאַמף קעגן אונטערדריקונג.

די קאַטאָרגע־טעמאַטיק איז טאַקע ברייט אויסגענוצט געוואָרן אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. פון די צאָלרייכע ווערק, אין וועלכע עס איז געשילדערט געוואָרן יענע עפּאָכע, פאַרנעמט דאָס ערשטע אָרט דער ראָמאַן פון מאַרקוס קלאַרק „פאַרמשפּט אויפן גאַנצן לעבן". דער ראָמאַן איז דערשינען אין 1870, אָבער ער איז ביזן היינטיקן טאָג געבליבן איינס פון די שטאַרקסטע און אַממייסטן געלייענטע ווערק אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. עס איז אַ ראָמאַנטישע געשיכטע פון אַן ענגלישן אַריסטאָקראַט, וועלכן מ׳האָט אומשולדיק פאַרשיקט אויף אייביקער קאַטאָרגע קיין טאַסמאַניע, און אויפן דאָזיקן פאָן שילדערט קלאַרק מיט שטאַרקע פאַרבן די גרויזאַמע באַהאַנדלונג פון די פאַרשיקטע מצד דער קאָלאָניאַלער אַדמיניסטראַציע. עס

איז אַ ווערק, פון וועלכן עס שרייט אַרויס דער פּראָטעסט קעגן מענטשלעכער אונטערדריקונג און ברוטאַלער מאַכט, און עס דערמאָנט אין אַ סך פּרטים וויקטאָר הוגאָס „לע מיזעראַבל".

פון די שפּעטערע שרייבערס, וואָס האָבן באַהאַנדלט די קאַטאָרגע־עפּאָכע, פאַרדינען באַזונדערס דערמאָנט צו ווערן: פּרייס וואָראַנג, וועלכער האָט פאַרעפנטלעכט פינף בענדער דערציילונגען פון קאַטאָרגע־לעבן; דזשיימס ברענטאָן סטיפענס, פירנדיקער דיכטער פון דער „ביולעטין"־גרופּע און מחבר פון דער עפּישער פּאָעמע „אַ קאַטאָרזשניק אַמאָל", און דער שרייבער פון דער יינגערער גענעראַציע, ברייען פענטאָן, וועלכער האָט אין זיין ראָמאַן „לאַנד־דעראָבערערס" געשילדערט די אומברחמנותדיקע עקספּלאָאַטאַציע פון די פאַרשיקטע בעת דער קאָלאָניזירונג פון קווינסלענד.

אַ צווייטער באַליבטער מאָטיוו אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור איז דאָס פּראָבלעם פון די „אַבאָרידזשינס", די ווילדע אויסטראַלישע אור־איינוווינערס. אויך דער דאָזיקער מאָטיוו ברענגט צום שטאַרקן אויסדרוק דעם דעמאָקראַטישן און סאָציאַל־פּראָגרעסיוון גייסט, מיט וועלכן עס איז אַדורכגעדרונגען דאָס אויסטראַלישע שרייבן. די מאַסנווייזע פאַרניכטונג און די דעגענעראַציע פון די אַבאָרידזשינס, וואָס די ווייסע קאָלאָניזאַציע האָט גורם געווען, איז מיט אַ טיפן מענטשלעכן סענטימענט און אַ סך פאַרשטענדעניש אָפּגעשפּיגלט געוואָרן אין אַ רייע ווערק. דער אויסטראַלישער שרייבער טרעט נישט בלויז אַרויס אַלס פאַרטיידיקער פון די שוואַרצע, נאָר ער באַמיט זיך אויך אַריינצודרינגען אין זייער אייגנאַרטיקער פּרימיטיווער פּסיכאָלאָגיע און אַוועקצושטעלן דאָס פּראָבלעם פון שוואַרץ־ווייס אַלס פּראָבלעם פון מענטשלעכער גלייכקייט און ברידערלעכקייט. אַז מ'לייענט קעטרין פּריטשערדס היים־אָטעמדיקן, פּאַטעטישן ראָמאַן „קונאַרדו", צי די האַרציקע שילדערונגען פון ענעאַס גאַן „די שוואַרצע פּרינצעסין" און „מיר פון נעווער־נעווער לאַנד", אָדער ק. הערבערטס ברייט־פאַרמאָסטענעם ראָמאַן „קאַפּיקאַרניאַ", זעט מען מיט וויפיל ערנסטקייט און ליבשאַפט די אויסטראַלישע שריפטשטעלערס גייען־צו צום אָנגע־

ווייטיקטן פראבלעם פון די אבארידזשינס. די טראגעדיע פון די קאלירטע ראסן, וואס זענען צעטראטן געווארן אונטער די אומרחמנותדיקע טריט פון דער ווייסער קאלאניזאציע אויף די נייע קאנטינענטן, איז אין דער אויסטראלישער ליטעראטור אפגעשפיגלט געווארן אזוי אמתדיק־נאקעט און מיט אזא טיף־מענטשלעכער פארשטענדעניש, וואס איז שווער צו געפינען אין וועלכער עס איז אנדערער ליטעראטור פון די נייע־וועלט־לענדער.

ס'איז אן שום ספק, אז די אייגנארטיקע געשיכטלעכע אנטוויקלונג פון אויסטראליע, די טיפע פאליטישע און סאציאלע אויפטרייסלונגען, וואס דאס לאנד האט אדורכגעמאכט צוערשט אלס פארשיקונגס־קאלאניע און דערנאך אלס א קאלאניאלע פראווינץ, האבן צוגעגעבן דער ליטעראטור א פראגרעסיוון קעמפערישן כאראקטער. דער „יוריקא”־אויפשטאנד פון די גאלדגרעבערס אין באלאראט, די גרויסע שטרייקן, וואס האבן ארומגעכאפט דאס לאנד אין די 80ער יארן, די קאמפן פאר נאציאנאלער זעלבסטבאשטימונג האבן אינספירירט דעם אויסטראלישן שרייבער מיט אידעען פון סאציאלער גערעכטיקייט. קענדעלל, דער „זיידע” פון דער אויסטראלישער דיכטונג, האט געחלומט פון סאציאלער אוטאפיע און געגלויבט, אז זי וועט פריער ווי אומעטום מקוים ווערן אויפן נייעם קאנטינענט. דזשאזעף פערפי האט אין זיין ראמאן „אזוי איז דאס לעבן” געשריבן: „עס איז פארראט פון ערשטער מדרגה צו טאלערירן סאציאלע אומגלייכקייט”.

בעיקר אבער זענען די אידעען פון סאציאלער גערעכטיקייט און מענטשלעכער ברידערלעכקייט געקומען צום אויסדרוק אין די ווערק פון הענרי לאוסאן. זיינע לידער און דערציילונגען אטעמען מיט ליבשאפט צו ארימע און פארשטויסענע. זיין קינסטלערישע פערזענלעכקייט דערמאנט שטארק אן גארקין. ער האט קינסטלעריש פארקערפערט דעם אויסטראלישן „נאדניע”, די טרעמפן, וואס שלעפן זיך ארום אויף די ווייטע שטחים פון אויסטראלישן הינטערלאנד מיטן שלאפזאק אויף די פלייצעס און מיטן טראדיציאנעלן בלעכערנעם קענדל, דער „בילי”, אין דער האנט, און די חושבדיקע פראלעטארישע מאסן פון די

אָרימע גרויסשטאָטישע הינטערגאַסן. ער האָט דעם פּראָסטן מענטש, דעם שעפּסן־שערער, דעם קליינעם פּאַרמער פון די „סעלעקציעס" און דעם שטאָטישן פּראָלעטאַריער אָפּגעגעבן דעם אויבן־אָן אין זיינע לידער און דערציילונגען. ער איז געווען אַ רעאַליסט, דער ערשטער אמתער רעאַליסט אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור, און האָט געגעבן דער אידעע פון יושר און גלייכקייט אַ רעאַלן אויסבליק, אַוועקגעשטעלט זי אויף דער ברייטער סאָציאַלער באַזע פון אויסטראַלישן מאַסן־לעבן.

לאָוסאָנס אַפּאָטעאָזע פונם פּשוטן מענטש, זיין טיף געפיל פאַר יושר און גלייכקייט זענען געוואָרן טראַדיציע אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. ס'איז שווער אָנצוווייזן אויף אַן אויסטראַלישן שרייבער, וועלכער זאָל האָבן פאַרראַטן די דאָזיקע טראַדיציע. אדרבא, די דעמאָקראַטישע אידעע ווערט דורך די שפּעטערדיקע שרייבערס, ווי פערפי, פרענקלין, בעדפאָרד אַרויסגעבראַכט נאָך שאַרפער און קעמפערישער. אין זייערע ווערק ווערן שטאַרק אַקצענטירט פּראָבלעמען פון סאָציאַלן און פּאָליטישן כאַראַקטער. אפילו ביי די שרייבערס פון אינדיווידואַליסטישער איינשטעלונג, ווי ווענס פּאַלמער, פאַרנעמען די סאָציאַלע מאָטיוון אַן אָנגעזעענעם אָרט אין זייער שאַפן. אַן אויסגעשפּראָכענעם פּראָלעטאַריש־רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער טראָגן די ווערק פון קעטרין פּריטשערד, דזשין דעוואָני, גייווין קעיסי.

באַזונדערס שטאַרק קלינגען די סאָציאַלע אַקצענטן אין דער אויסטראַלישער דיכטונג. ס'איז גענוג אָנצוגעבן די נעמען פון אַזעלכע פּאָעטישע ווערק, ווי קעסידיס „די פּראָסטע מענטשן", אַדאַמסאָנס „די שבועה פון יוריקאַ", פרענסיס אַדאַמס „די לידער פון דער אַרמיי פון דער נאַכט", בערנאַרד אָ'דאָודס „די אָרימע בריגאַדע" און „פּראָלעטאַריאַ", כדי צו זען ווי שטאַרק עס הילכן אָפּ די מאָטיוון פון סאָציאַלן קאַמף אין די שאַפונגען פון די אויסטראַלישע פּאָעטן.

אויב ליטעראַטור איז באמת דער גייסטיקער שפּיגל פון אַ פאָלק און נישט אַ פּאַפּירענע מלוכה פון פאַרוויילונג און צייטפאַרטרייב, אַנטפּלעקן די אויסטראַלישע שרייבערס אין זייערע שאַפונגען אַ יונג, געזונט פאָלק, וואָס איז געהאַרטעוועט אינם

ביטערן גערנגל מיט דער רויער, בראשיתדיקער סטיכיע און וואָס שטרעבט אויפצובויען זיין לעבן אויפֿן יסוד פֿון גערעכטי־קייט און מענטשלעכער ברידערלעכקייט. די צוויי עיקרדיקע עלע־מענטן אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור — דער פּיאָנערי־שער און דער פּראָגרעסיוו־סאָציאַלער — זענען ענג געבונדן מיט זיך, פֿליסן אַרויס איינער פֿון צווייטן. אויף די ענדלאָזע, פּוסטע שטחים פֿון ווילדן בוש, אין דעם אומברחמנותדיקן געראַנגל מיט די עלעמענטן פֿילט יעדער מענטש אין צווייטן אַ פֿריינט, אַ ברו־דער אין גורל. אויף דער ווילדער אויסטראַלישער ערד איז אויפֿ־געגאַנגען דאָס געפֿיל פֿון חברשאַפֿט, און מיט חברשאַפֿט אָטעמט אויך די אויסטראַלישע ליטעראַטור. די אידעע פֿון מענטש־לעכער ברידערלעכקייט איז דער זאַפֿט, פֿון וועלכן זי ציט איר יניקה און וואָס גיסט זי אָן מיט געזונטן קינסטלערישן כוח. אויף אַזאַ ליטעראַטור קאָן מען לייגן גרויסע האָפֿנונגען, אַז זי וועט מיט דער צייט זיך דערשלאָגן צו אַ וויכטיקער פּאָזיציע אין דער וועלט־ליטעראַטור.

אָבער שוין איצט איז איר איצטיקן צושטאַנד פֿאַרדינט זי אַ באַזונדערע אויפֿמערקזאַמקייט צוליב איר אייגנאַרטיק אָרט צווישן די ליטעראַטורן אויף די נייע קאָנטינענטן. זי איז אַ מערקווירדיקער פּראָדוקט פֿון אַ דורותדיקער קולטור, איבערגע־פֿלאַנצט אין פֿרעמדער ערד, און מ׳קאָן פֿון איר אַ סך לערנען וועגן די פּראָצעסן, וואָס האָבן גייסטיק געפֿורעמט דעם מענטש פֿון דער נייער וועלט. פֿאַר די יידישע קיבוצים מעבר־לים האָבן די דאָזיקע פּראָצעסן מער ווי אַן אַקאַדעמישן אינטערעס. זיי רירן טיף אָן אונזער קיום און אומדירעקט אפֿשר אויך דעם קיום פֿון גאַנצן יידישן כּלל.

## הענרי לאָוסאָן

(פון דער אויסטראַ־
לישער ליטעראַטור)

# אַ וויזיט

— דאָ וווינט אַרווי, מומעשי?

— וואָסי?

— צו אַלדי גוטע יאָר! ר'קאָנט נישט ענטפערן גלייך, אַז מ'פרעגט אייך ווי אַ מענטש?

— ווי אַזוי רעדסטו צו מיר, דו לאָבוזדיק יינגל? טראָג דיך אָפּ פון דאַנען, אַנישט רוף איך פּאָליציי.

— אין דר'ערד מיט דער פּאָליציי! ווער פרעגט נאָך זיי? כ'דאַרף נאָר געבן אַ פּיפּס און אַהערברענגען מיינע יאַטן, און מ'צעטראָגט דיר די בודע אויף פּיץ־פּיצלעך, אַלטע קלעמפּע, וואָס דו ביזט! כ'האָב בלויז געפרעגט, צי אַרווי וווינט דאָ. טאַטע־פּאָטער! אַ מענטש טאָר שוין נישט פרעגן?

— וואָסערע געשעפטן האָסטו צו אַרווין? קענסט אים?

— סע גוט געווען! ר'אַרבעט דען נישט ביי די „ברידער גריינדער"? כ'האָב אָנגעלייגט אַ שטיק וועג, כדי אים צו טון אַ טובה. איצט פּאַרדריסט מיך, וואָס כ'בין געקומען. כ'דאַרף עס נויטיק האָבן, מ'זאָל מיך אַזוי באַזידלען און באַשנידלען! (פּויזע). כ'וויל בלויז זאָגן אַרווין, אַז אויב ר'וועט מאָרגן נישט קומען צו דער אַרבעט, כאַפּט'ן אַ צווייטער יאַט אוים די שטע־לע. מ'האָט ביי מיר נישט אָנגעטראָפן, כ'זאָל זען, ווי איין יאַט כאַפּט אוים ביים צווייטן אַ שטעלע, און כ'זאָל מיך נישט מאַכן וויסן. אייגנטלעך, וואָס איז דער מער מיט אַרווין? ר'איז קראַנק?

— אַרווי איז געשטאָרבן!

— „קרייסט"! (פּויזע). לאָזט געמאַך! מיך ווילט איר

נעמען אויפן זיכער? זאָגט אַרווין, אַז בילל ענדערסאָן וויל זיך מיט'ן זען.

— גאָט מיינער! כ'האָב וויינק מיינע אייגענע צרות, האָט עס נאָך אָנגעטראָגן עפּעס אַ ייִנגלטשינע, ווי דו. וואָס שיט מיר זאַלץ אויף די ווונדן! ווי גאָט איז דיר ליב, גיי דיר געזונד־טערהייט און לאָז מיך צורו. כ'זאָג דיר דעם אמת, מיין אָרים ייִנגל איז נעכטן ביינאַכט געשטאָרבן פון אינפלוּענציע.

— נאַדיר גאָר!

דער אָפּגעריסענער וויים־חברהניק האָט אַרויסגעלאָזט אַ לאַנגן, שטילן פייף, זיך אַרומגעקוקט איבער דעם שמאָלן געסל, אויסגעשפּיגן אַביסל טאַבאַק און געזאָגט:

— זייט מיר מוחל, מומע־לעבן, כ'האָב נישט געוווּסט, זאָל מיר גאָט אַזוי העלפן! וויאַזוי האָב איך געזאָלט וויסן, אַז ר'נעמט מיך נישט אויפן זיכער?

ער האָט אַרויסגענומען די האַנט פון דער קעשענע און זיך געגעבן אַ קראַץ אין קאַרק. ער האָט דערביי פאַררוקט דעם הוט איבער די אויגן פּונקט אַזוי נידעריק ווי ער איז אים פריער געלעגן אויפן קאַרק, און גענומען בעת־מעשה באַטראַכטן די באַליעווע פונם רעכטן שוך. ער האָט איבערגעבויגן דעם פוס אויף אַ זייט און געכאַפּט אַ קרומלעכן קוק אויף דער זויל. דער־נאָך האָט ער אויפגעהויבן דעם פוס צו דער לינקער קני, אָנגע־נומען דאָס קנעכל מיט אַ שטאַרק פאַרברודיקטער האַנט און באַ־טראַכט די זויל מיט אַ בליק, גלייך ער וואָלט זיך געישובט, ווי לאַנג זי וועט נאָך אויסהאַלטן. נאָכדעם האָט ער יאושדיק אַ שפּיי געטאָן אויפן טראָטואַר און געזאָגט:

— מ'קאָן אים זען?

ער איז איר נאָכגעגאַנגען אויף די צעפּאָרענע שמאָלע שטיגן מיט אַ ווײלערישן טראָט, ווי איינער וואָס פייפט אויף דער וועלט. אָבער ווען ער איז אַריין אין צימער, האָט ער אַראָפּ־גענומען דעם הוט.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט און ס'האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט אָפּשאַצן דאָס ביסל דלות — ער האָט אים גוט געקענט, דעם דלות — און דערנאָך איבערגעפירט דעם בליק אויפן

טויטן. וועלכער איז געלעגן אויף דער זאָפע. ביי דער זייט איז שוין געשטאַנען גרייט אַן אָרימע טרומנע. ער האָט אָנגעקוקט די טרומנע מיט אַ מבינותדיק אויג, ווי אַ פאַכמאַן, דערנאָך האָט ער אַ קוק געטון אויף אַרווין, און דערנאָך ווידעראַמאָל אויף דער טרומנע, ווי ער וואָלט זיך געישובט, צי דער בר־מנן וועט דאָרט אַריין.

די מוטער האָט אָפּגעדעקט דאָס ווייסע, פאַרשפּיצטע פּנים פונם טויטן יינגל. ביל איז צו נענטער און זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער זאָפע. ער האָט ווי כלאחר־יד אַרויסגענומען די האַנט פון דער טאַש און זי אַרויפגעלייגט אויף אַרווינס אייז־קאַלטן שטערן.

— אָרימער יאַט! — האָט ביל אַ מורמל געטון צו זיך, און תיכף, ווי ער וואָלט זיך געשעמט מיט זיין שוואַכקייט, געזאָגט:

— מ'האָט אים נישט געפּאַלמעסט, האַ?

— ניין — האָט זי געענטפערט — אַ דאָקטאָר האָט אים געזען אַ טאָג צו פריער — מ'האָט אים נישט געפּאַלמעסט.

— כ'האָב פאַרשטאַנען — האָט ביל געזאָגט — וואָרום אַ מענטש, אַז מ'פּאַלמעסט'ן זעט ער אויס, ווי מ'וואָלט אים ווייגעטון. מיין טאַטע האָט לכתחילה אויסגעזען גאַנץ לייטיש — פּונקט ווי ר'וואָלט גערוט — אָבער נאָכדעם ווי מ'האָט'ן געפּענט, האָט ער אויסגעזען ווי ס'וואָלט'ן ווייגעטון. קיינער האָט עס נישט געקאָנט זען, אָבער איך יאָ. ווי אַלט איז ער געווען, אַרווי?

— עלף.

— איך בין שוין אַלט צוועלף, ס'גייט מיר שוין ס'דרייצנטע. אַרווינס טאַטע איז שוין טויט, נישט אמת?

— יאָ.

— מיין טאַטע אויך. ר'איז געשטאָרבן ביי דער אַרבעט, וואָס נישט?

— יאָ.

— מיינער אויך. אַרווי האָט מיר געזאָגט, אַז ר'איז געשטאָרבן פון עפּעס אַ האַרץ־פעלער?

— יאָ.

— מיינער אויך אַזוי. ס'איז קאָמיש, האַ? איר שייערט פּאָדלאָגעס און וואַשט וועש, נישט אַזוי?

— יאָ.

— מיין מאַמע אויך ס'אייגענע. ס'קומט אייך שווער אָן היינטיקע צייטן אויסצואַרבעטן ס'ביסל פּרנסה, נישט אמת?

— יאָ, ווי גאָט איז מיר ליב! איין גאָט ווייסט, וואָס כ'וועל איצט אָנהויבן צו טאָן, אַז מיין אָרים יינגל איז מיר געשטאָרבן. כ'שטיי געוויינטלעך אויף האַלב זעקס צו שייערן פּאָדלאָגעס אין עטלעכע קאַנטאָרן, און אַז כ'ווער דערמיט פאַרטיק, הייבט זיך ערשט אָן אַ טאָג אַרבעט פון וואַשן וועש. און נאָך דעם אַלעם קאָן איך קוים אָן עק מיט אָן עק פאַרבינדן.

— מיט מיין מאַמען איז אויך דאָס אייגענע. כ'פאַרשטיי, ס'האָט אייך שווער געטראָפן, ווען מ'האָט אייך אַהיימגעבראַכט דעם מאַן.

— אוי, גאָטעניו, יאָ! כ'וועל עס נישט פאַרגעסן ביזן טויט אַריין. מיין מאַן האָט אַ שטיק צייט נישט געהאַט קיין אַרבעט, און ער האָט קוים באַקומען אַ שטעלע צוויי טעג, איידער ר'איז געשטאָרבן. כ'פאַרשטיי, אַז דיין מאַמע האָט עס אויך שווער איבערגעלעבט.

— אַלץ הייסט! איינער פון דער חברה, וואָס האָט גע־בראַכט דעם טאַטן אַהיים, האָט געזאָגט: „אייער מאַן איז גע־שטאָרבן, מומעשי", האָט ער געזאָגט, „ער איז פּלוצטאַלבן אוועקגעפאַלן". און די מאַמע האָט געזאָגט „גאָטעניו, גאָטעניו!" אָט אַזוי ווי ר'הערט, און געמאַכט אַ חלש.

— נעבעך, נעבעך! און איצט — מיין אָרוני איז שוין מער נישטאָ. וואָס וועל איך מיט די קינדער טון? וואָס זאָל איך טון? וואָס זאָל איך טון? גאָט מיינער! הלואי וואָלט איך גע־ווען געשטאָרבן.

— מאַכט זיך אַ האַרץ, מומעשי — האָט ביל געזאָגט — וואָס נוצט דאָס גריזשען זיך, אַז ס'אַ פאַרפאַלענע זאַך.

ער האָט מיט דער דלאָניע אָפּגעווישט אַביסל טאַבאַק פון

די ליפּן און ישוב־הדעתדיק אַ ווײַלע באַטראַכט די פּלעקן. דער־נאָך האָט ער ווידער אַ קוק געטון אויף אַרווי.

— ר'האָט באַדאַרפֿט אים געבן טראָן — האָט גע־זאָגט ביל.

— גאָר! ער האָט געדאַרפֿט האָבן רו און גוט צו עסן.

— ר'איז נישט געווען קיין איבעריק שטאַרקער.

— ניין, ר'איז נעבעך געווען אַ שוואַכער.

— כ'האָב באַלד פֿאַרשטאַנען. מ'האָט'ן ביטער באַהאַנדלט ביי די "ברידער גריינדער". מ'האָט'ן נישט צוגעלאָזט צו גאָר־נישט, ר'זאָל זיך עפּעס אויסלערנען. מ'האָט'ן כסדר געהאַלטן ביי איין אַרבעט און ר'האָט מורא געהאַט צו רעדן, מ'זאָל'ן דער־לייגן, טאָמער ווערט'ן אים הייסן גיין. ר'האָט זיך נישט געקענט שלאָגן, און חברה פּלעגן זיך מיט'ן רייצן. זיי פּלעגן אים אָפּ־וואַרטן אינדרויסן פֿאַר דער פֿאַבריק און אים נעמען אויפֿן צימבל. כ'וואָלט וועלן זען, זיי זאָלן זיך אָנהויבן מיט מיר. ר'האָט זיך נישט געקענט שלאָגן — מילא, ר'איז געווען אַ שוואַכער. מיך משעפּען זיי נישט, כל זמן כ'האָב אַן אייזערנע גבורה. מילא, ר'איז נעבעך נישט שולדיק געווען, אַרווי. כ'פֿאַרשטיי, אַז קוראַזש האָט ער געהאַט גענוג, כאָטש ר'איז געווען אַ שוואַכער — האָט ביל אַ קוק געטאָן אויפֿן בן־מנן מיט אַ פֿאָמערלעכן, צוגעלאָ־זענעם בליק.

— גאָט מיינער! — האָט זי זיך צעוויינט — ווען כ'זאָל דאָס וויסן, וואָלט איך ליבערשט אויסגעגאַנגען פֿון הונגער, און כ'וואָלט נישט געלאָזט מ'זאָל מיין אָרים קינד דערגיין דאָס לעבן אויף אַזאַ שטעלע. ר'האָט זיך קיינמאָל נישט געקלאָגט. מיין קינד נעבעך, אַזאַ בריה! קיינמאָל האָט ער זיך נישט באַקלאָגט! אָרימער אַרווי מיינער! אָרימער אַרווי!

— ר'האָט אייך קיינמאָל גאָרנישט דערציילט?

— ניין, קיין איין וואָרט נישט.

— וואָס איר זאָגט! ר'האָט אַפּנים געוואָלט, ר'זאָלט מיי־נען, אַז ער קאָן זיך זיין שטעטל אַליין באַשטיין. מ'קאָן אים נישט באַשולדיקן, פֿאַרשטייט זיך, וואָס ער איז נישט געווען קיין שטאַרקער.

ער האָט זיך פאַרקוקט אויף אַן אַלטן דרוק, וואָס איז גע־האַנגען איבערן בעט. ער האָט אים אַ ווײַלע באַטראַכט מיט אַ מבינותדיקן בליק.

— מיר האָבן אינדערהיים אַ בילד אַקוראַט ווי דאָס. מיר׳ן אַמאָל געוווינט אין דעם־אָ געסל, אין אַ הויז דאָרט אַהינצו. ר׳האָט ליב צו וווינען אינם געסל דאָ?

— ס׳געפעלט מיר נישט דאָ. ס׳איז מיר נישט ליב, וואָס כ׳מוז דאָ אויפהאָדעווען מײַנע קינדער, און אַרום זענען דאָ אַזויפיל מיאוסע הײַזער. כ׳קאָן מיר אָבער נישט דערלויבן צו וווינען ערגעץ אַנדערש און צאָלן מער דירה־געלט.

— נו יאָ, ס׳איז דאָ אַ שיין ביסל מלינות אין דער געגנט. די מעשה איז אָבער — האָט ער צוגעגעבן מיט ישוב־הדעת — אַז זיי זענען דאָ אומעטום. און אַחוץ דעם, לערנען זיך די קינדער אויס צו פאַרשטיין אַן עסק, זיי כאַפּן דאָ אויף אַ סך זאַכן אין אַזאַ געסל. ס׳עט זיי נישט פאַרשאַטן, קינדער דאַרפן נישט זײַן קיין יאָלדן, אַז זיי ווילן זיך צו עפּעס דערשלאָגן אין שטאָט. איר האָט נישט געוווינט דאָ אין סידנעי ס׳גאַנצע לעבן, נישט אמת?

— ניין, מיר זענען געקומען פון בוש, מיט אַ יאָר פינף צוריק. מײַן אָרימער מאַן האָט געמיינט, אַז ס׳וועט אים גיין בעסער אין שטאָט. איך האָב מיך געהאָדעוועט אין בוש.

— כ׳האָב מיך אַזוי אָנגעשטויסן. נו יאָ, אַז מאַנסבילן זענען אַזעלכע בהמות... איך פון מײַן זײַט רעכן גאַנץ בקרוב צו קריגן אַרבעט אויף לאַנד. ווו וועט׳ן אים באַגראָבן?

— אין רוקווּוד, מאָרגן.

— כ׳קאָן נישט קומען. כ׳מוז אַרבעטן. מ׳וועט׳ן באַגראָבן אויף קהלס חשבון, האַ?

— יאָ.

ביל האָט דרך־ארצדיק אַ קוק געטון אויפן טויטן קערפּער.

— קאָן איך אײַך מיט עפּעס העלפן? נו־נו, שעמט זיך נישט און זאָגט.

— ניין. אַ שיינעם דאַנק דיר סיי־ווי.

— נו, כ'דאַרף מיך שוין נעמען אין וועג אַריין. אַ שיינעם דאַנק אייך, מומעשי, וואָס ר'האָט זיך באַמיט.

— ס'מאַכט נישט אויס, קינד מיינס. גיב אַכטונג אויף דער שוועל.

— שוין איינמאָל אַ שוועל. כ'וועל אַמאָל אין אַן אָוונט אַהערברענגען אַ ברעטל און זי צורעכט־מאַכן, אויב איר ווילט. כ'לערן מיך סטאָלעריי. כ'קאָן שוין כמעט מאַכן אַ טיר. ווייסט איר גאָר וואָס? כ'וועל אַהערשיקן מיין אַלטע היינט אינאָוונט, וועט זי אייך העלפן מיט אַרווין.

— ניין, אַ דאַנק. כ'פאַרשטיי, דיין מאַמע האָט אַזוי אויך גענוג אַרבעט און גענוג צרות. כ'וועל מיר אַליין אַן עצה געבן.

— כ'וועל זי אַהערשיקן סיי־ווי־סיי. זי איז אַ האַרטער ביין, אָבער אַ האַרץ האָט זי אַ ווייכס; און ס'גרעסטע פאַרגעניגן ביי איר איז אויסצופוצן אַ טויטן צו דער לויה. אַ גוטן, מומעשי.

— גיי געזונט, קינד מיינס.

ער איז געבליבן שטיין ביי דער טיר און געזאָגט:

— ס'אַ צער, מומעשי. זאָל מיר אַזוי גאָט העלפן, ס'אַ צער. אַ גוטן, און אַ שיינעם דאַנק.

אַ דערשראָקן קינד איז געשטאַנען אויף דער שוועל און געגלאָצט אויף בילן מיט גרויסע, איבערגייענדיקע אויגן. ער האָט עס אַ גלעט געטון איבערן קעפל און געזאָגט:

— נישט געדאַגהט, קליינער פּעמפּיק!

## דאָועלל אָ׳רייללי

# קראָען

דער „פֿאַממי" פּאַסטאָר האָט ווי אַ רעכטפּאַרטיקער מענטש ערלעך געטון זיינע פֿליכטן, און ווען עס איז געקומען די לאַנגע טריקעניש איבער דעם צען טויזנט קוואַדראַט־מייליקן שעפּסן־דיסטריקט, וועלכן ער האָט גערופֿן „מיין געמיינדע", האָבן די ליידן פֿון מענטש און בהמה אינגאַנצן אים דערשלאָגן. דער צער זיינער צוליב דער גראָבקייט און הפקרות פֿון די מענטשן האָט זיך גאָר גיך פֿאַרוואַנדלט אין מיטלייד צוליב זייערע שאָדנס און באַוווּנדערונג פֿאַר זייער קוראַזש. זיי האָבן ווייניק גערעדט, און ווען שוין יאָ, איז עס געווען וועגן שאָף, פּאַשע, וואַסער. זיי האָבן נאָכאַנאַנד געהאָרעוועט. די זייטן־ליניעס אויף די באַן־סטאַציעס זענען געווען ענג אָנגעשטעלט מיט וואַגאָנעס אָנגע־לאָדנט מיט פּאַשע, וואָס מ׳האָט געקויפֿט פֿאַר אויפֿגעשרויפֿטע פּרייזן ביי די פֿאַרמערס אַרום די ים־ברעגעס. מ׳האָט די פּאַשע צוזאַמען מיט גאַנצע בערג גרינוואַרג פֿון די טייך־געגנטן גע־פֿירט מיילן־ווייט צו די אויסגייענדיקע פֿאַרמס.

דער נייער פּאַסטאָר פֿלעגט ווערן פֿאַרציטערט, צוזעענ־דיק ווי די אויסגעהונגערטע שאָף לעקן דעם סאַמע פּראָך פֿון דער ערד. אַזוי האָט זיך אים אויסגעוויזן. אינדערצאַמתן האָבן זיי גע־נישטערט און אויפֿגעלעקט יעדעס ברעקעלע זוימען און דעם שטויב פֿון פֿאַרדאַרטן גראָז. ער איז אַרומגעפֿאָרן אויף אַ ראָ־ווער, און די צעבלאָזענע פֿאָלעס פֿון זיין ראָק זענען אינגיכן געוואָרן ־יימיש אין דער גאַנצער געגענט. אַ טיף רחמנות און אַ ווילן צו העלפֿן האָבן אים געטריבן ווייט איבער די פּליינען. די עקלדיקע קראָען האָבן שווער געפּאַטשט מיט די פֿליגל און געקראַקעט, ווי זיי וואָלטן געשאָלטן, ווען ער האָט זיך געטראָגן אויפֿן ראָווער פֿאַרביי טויטע שאָף, אָדער פֿאַוואָליע זיך דורכגע־

שלאָגן אַ וועג צווישן טויזנטער שעפּסן, וואָס האָבן נישט געקאָנט שטאַרבן. אַ להכעיסדיקער בלויער מיראַזש האָט געשוועבט פאַר זיינע אויגן, נישט געוואָרן. שטילע, דראָבנע כוואַליעס פון מעליק־דינעם שטויב האָבן זיך געהויבן פון אונטער די גומענע רעדער. פערזן פון „אַלטן מאַרינער" האָבן געקלונגען אין זיינע אויערן; אויך אים האָט עס געטראָגן איבער אַ שטומען ים פון זעענישן, און פון טויט, און פון אומקום.

איינמאָל האָט ער געטראָפן אַ פאַרמער, וועלכער איז געשטאַנען אַריבערגעבויגן איבער אַ שעפּס, וואָס האָט נאָך געלעבט און איז געלעגן פאַרחלשט, אָן כוחות. איין אויג איז ביי אים געווען אויסגעשטאָכן. אַ שעפּסעלע איז געלעגן דערנעבן אַ טויטס, מיט ליידיקע אויגן־לעכער און מיטן אינגעווייד אַרויסגעפּרעסן. דער פאַרמער האָט געוואָלט אויפשטעלן דעם שעפּס, אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין כוח זיך צו האַלטן אויף די פיס.

— קראַ, קראַ, קר...ר...ר...אַ!

— גיט אַ קוק — האָט דער פאַרמער געזאָגט.

דער פאַסטאָר האָט אַרויפגעקוקט.

— ניין, אַט־אָ־דאָ! — האָט דער מאַן געוויזן אויף דער ערד. אינם זאַמד, ווו דער שעפּס איז געלעגן, האָבן זיך אַרום־און־אַרום געזען זיך אָן אַ שיעור קאַפּיטע־צייכנס. ער האָט ווילד אַ פּאַכע געטון מיט דער פויסט פאַרן פאַסטאָרס פּנים.

— צוויי טעג האָט זיך די מאַמע געראַנגלט מיט די קראָען, אַ רוח אין זיי, געטאָפּטשעט אַרום־און־אַרום מיטן קינד כסדר ביי דער זייט, וואָס האָט אַרויסגעזייגט פון איר דאָס ביסל חיות. זיי האָבן עס סוף־כל־סוף דערהרגעט!

דער פאַסטאָר איז אַוועקגעפאָרן מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ.

— העי, פאַסטאָר!

ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און זיך אומגעקוקט. דער מאַן האָט געהאַלטן דאָס טויטע שעפּעלע ביים וויידל.

— שפּייז מיינע לעמער!...

ווען ר'האָט צוריק אָנגעבויגן דעם קאָפּ פאָרויס, האָט זיך דערהערט אַ טעמפּער קלאַפּ און דאָס טויטע שעפּעלע איז שיער

ניִשט אַרונטערגעפֿאַלן אונטער די רעדער. עס האָט עטלעכע מאָל זיך איבערגעקייקלט אינם שטויב. ער האָט אַ טרייב געטון דעם ראָוער פֿאָרויס פֿול מיט גרויל: די לעסטערונג איז ניִשט געווען אויף זײַן חשבון...

בײַ אַ פּאָר פֿון די גרעסערע רעזערוואַרן האָט מען אוועק־געשטעלט פּלומפּ־מאַשינען און אַרײַנגעפּלומפּט אין קאַרים־עס דאָס ביסל איבערגעבליבענע וואַסער. אָבער בײַ אַ קלענער וואַ־סער־גרוב, וואָס דער פּאַסטאָר איז פֿאַרבײַגעפֿאָרן, איז מען גע־ווען פֿאַרנומען מיט גאָר אַן אַנדער אַרבעט.

די שעפּסן, ווילד פֿון דאָרשט, האָבן זיך מחנותוויז אַרײַנ־געוואָרפֿן אינם בלאָטיקן גרוב. זיי זענען געווען צו־שוואַך זיך צוריק פֿון דאָרט אַרויסצוקריגן, און געבליבן זינקען אין דער בלאָטע. אַ סך האָבן נאָך געלעבט. די איבעריקע זענען געלעגן צעטראָטענע אויף טויט. דריי מענטשן האָבן געאַרבעט אין עיפּושדיקן שלײַם, אַרויסגעשלעפּט די לעבעדיקע שעפּסן און פֿון די געשוואָלענע פּגרים אויפֿגעשטעלט אַ וואַנט אַרום דעם גרוב. פֿון די פּגרים האָט מען לײַכט געקאָנט דערנאָך אויספּליקן די וואָל. ער איז אַראָפּ פֿון ראָוער, געבליבן שטיין בײַ דער וואַנט פֿון פֿלייש און אַ קוק געטון אונטן אַראָפּ.

אונטן האָט זיך געזען אַ קאַשמאַרנע, אוממענטשלעך, חלשותדיק בילד. דאָס געלע גרוב האָט אינגאַנצן געציטערט אינם ווײַסן ליכט. די מענטשן, אַרומגעקלעפּט מיט בלאָטע, האָבן זיך געפּאָרעט צווישן די פֿאָרמלאָזע, שטומע, גרויע באַ־שעפֿענישן. ס'האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געקוקט דורך אַ מיקראָסקאָפּ אויף אַ טראָפּן שימלדיק וואַסער, וואָס ווימלט מיט בראשיתדיק לעבן.

— ס'גייט אַ שטורעם — האָט איינער פֿון די מענטשן זיך אָנגערופֿן, אַ קוק געטון אַרויפֿצו־צו און זיך פּרובירט אָפּצווישן דעם שטערן אָן אַקסל. אַ קײַלעכדיקער שטויב־וואָלקן האָט זיך געקייקלט פֿון מזרח־זײַט. זײַן קול האָט געקלונגען האָפֿערדיק; ס'איז אים ליבער געווען דער שטויב איידער דאָס געשטאַנק און די פֿליגן. די איבעריקע זענען אַרויסגעקראָכן פֿון גרוב.

— כ'האָב געבראַכט די זונטיק־בלעטער — דער פּאַסטאָר

האָט אַראָפּגעוואָרפן אַ פּעקל אויף דער ערד. זיי האָבן דאַנקענ־דיק אַ שאָקל געטון מיט די קעפּ און זיך צוריק גענומען צו דער אַרבעט. דער פּאַסטאָר האָט זיך צוריק אויפגעזעצט אויפן ראָווער און זיך געלאָזט אויפן וועג אַהיים. זיין שאָטן איז אים געלאָפן פאָרויס.

דאָס ווייסע ליכט פון דער זון איז מיטאָמאָל פאַרשוווּנדן. ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף צוריק און דערזען, ווי אַ כמאַרע פון רויטן שטויב האָט פאַרשטעלט דעם גאַנצן מערב. ס'האָט אויסגעזען ווי די ערד וואָלט זיך אויפגעהויבן אין אַ ריזיקער כוואַליע.

ער האָט ליב געהאַט די נאַטור. נישט אָקספאָרד, נישט די גאָלדענע צלמים, נישט די הייליקע אילומינאַציעס האָבן אָפּגעטויט אין אים דעם לעבעדיקן חוש. עס האָט אים פאַרכאַפּט די אויפגעשטורעמטע טבע. ער איז געבליבן שטיין, אָנשפּאַרנדיק זיך אויפן ראָווער, און געוואַרט. ער האָט פאַרגעסן פונם שעפּעלע, פון עיפּושדיקן גרוב און געטראַכט דערפון, אַז ווען דער באַשאַף אַנטפּלעקט זיך פאַר אים אין שטורעם, הערט ער תמיד די שטים פון באַשאַפער.

צעוואָרפענע דינגע פעלדן אין שטויב האָבן זיך געכוואַליעט אַקעגן אים ווי די קנייטשן אויף אַ בוימלדיקן ים — און מיטאָמאָל האָט אויסגעבראָכן דער שטורעם. ער האָט זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צום ווינט, וואָס האָט אָפּגעלעקט די פאַרבאַקענע ערד אינגאַנצן נאַקעט ווי בעטאָן. די שווערערע זעמדלעך האָבן טראָגנדיק זיך איבער דער ערד אָפּגעקלונגען אָן די שטאָלענע שפּריכעס און זיך געבערגלט אַרום די רעדער אויף דער זייט, וווּ דער ווינט האָט געבלאָזן. ער האָט אָפּגערוקט אַ פוס, און שוין איז אַ טיפער פוס־צייכן געווען אינם שטויב. ער האָט חידושדיק באַטראַכט דעם צייכן און זיך דערמאָנט אָן די מאָדנע קופּקעלעך פון רויטער ערד, וואָס זענען געלעגן אויף דער מערב־זייט פון יעדן סלופּ. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט דעם גורל פון אַ קראַנקן אָדער שכורן מענטש, וואָס בלייבט דאָ ליגן און די ערד־כוואַליעס דעקן אים צו, באַגראָבן אים...

— קראַ, קראַ, קר...ר...ר...אַ!

ער האָט נישט געזען די שוואַרצע פליגל, וואָס האָבן זיך גע־טראָגן און געדרייט אינם ווירבלדיקן שטויב, נישט די בלוט־דורשטיקע אויגן, וואָס האָבן אים דערבליקט. אָבער דער בליצי־קער רעיון וועגן דעם טויטן שעפעלע מיט די פאַרבלוטיקטע אויגן־לעכער האָב אים אַ ברי געטון אין מוח. ער האָט דערשפּירט דעם פינצטערן כוח, וואָס די רשעותדיקע פייגל זענען זיינע שלוחים, אַ טייוולאָנישער כוח, וואָס טראָגט זיך נצחונדיק אויף ברייטע פליגל, מיט אכזריותדיקע שנאָבלען, מיט מעכטיקע נעגל...

— קר...ר...ר... !...

— קר...ר...ר...אַ !...

ער האָט געגלאָצט אין דער שטויב־כמאַרע אַריין, וואָס איז געווען טונקל־רויט ווי פאַרזעצט בלוט, און אויפגעהויבן אַ פויסט אַקעגן דעם טייוולאָנישן געשריי. אַ קללה האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין האַרץ און אים אויסגעקרומט דאָס פּנים...

— גאָט !... און ער איז געבליבן שטיל.

דער אַל הייליקער נאָמען האָט אימהדיק אָפּגעהילכט מיט אַ קול, וואָס איז נישט געווען זיין. ער האָט אוועקגעשליידערט דעם ראָוער און אַנידערגעפאַלן אויף די קני מיט פאַרקלאַמערטע הענט, און אַ שלוכצן האָט אויפגעטרייסלט זיין גוף :

— און גאָט האָט געענטפערט צו איובן פון ווירבל־ווינט אַרויס...

## יהודה וואַטן

# יוסף בערגנער

אונזער היינטיקע קונסט שטעלט מיט זיך פֿאָר דריי הויפּט־שטרעמונגען: די דעקאַדענטישע, קאָנווענציאָנעלע און די אויסגעשפּראָכן־סאָציאַלע, רעאַליסטישע.

דאָס איז אמת וועגן דער אויסטראַלישער קונסט, פּונקט אַזוי ווי ס'איז אמת וועגן דער קונסט אין דער איבעריקער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. אַ נענטערע באַטראַכטונג פֿון דער קונסט אין אויסטראַליע באַווייזט אונז, אַז די גרויסע געשעענישן, וואָס האָבן אויפֿגעטרייסלט מיט דער וועלט, האָבן נישט געפֿונען כמעט קיין אָפּקלאַנג אין דער דעקאַדענטישער און קאָנווענציאָנעלער שול. קאָנווענציאָנעלע מאָלערס באַהאַנדלען מלחמה־סצענעס פּונקט אַזוי רואיק און געלאַסן, אַזוי ווי זיי וואָלטן געמאָלט אַ רואיקע לאַנדשאַפֿט. די דעקאַדענטן, וועלכע געפֿינען זיך אונטערן איינפֿלוס פֿון די אייראָפּעאישע סורעאַליסטן, ווענדן ווייטער אָן די זעלבע מילדע אויפֿטרייסלונגען, און זיי מיידן בכיוון אויס אַ נענטערן קאָנטאַקט מיט ברייטערע לעבנס־פּראָבלעמען, אַזוי ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט, אַז אַזאַ מין קאָנטאַקט וואָלט אויפֿגעדעקט די פּוסטקייט און ווערטלאָזיקייט פֿון זייער אַרבעט.

צווישן עסטעטישער און סאָציאַלער קריטיק, גלויב איך, איז נישט פֿאַראַן קיין פֿעסטע און אָנמערקבאַרע צעטיילונגס־ליניע. עמיצער האָט אַמאָל געזאָגט, אַז „גוט שרייבן באַדייט אין דער זעלבער צייט גוט טראַכטן און גוט זאָגן". און דאָס איז אויך אמת ווען מיר רעדן וועגן מאָלעריי. קונסט באַדאַרף באַטראַכט ווערן ווי איין גאַנצקייט. פֿאָרם און אינהאַלט קאָנען נישט עקזיסטירן באַזונדער. די אויסגעשפּראָכן־סאָציאַלע מאָלערס אין אויסטראַליע שאַפֿן דעריבער אַ נייעם און אָריגינעלן





אויסטראַלישע עבאָרידזשינס                    יוסף בערגנער

צושטייער צו אונזער קולטור און דעריבער מוזן מיר אונזער אויפמערקזאמקייט ווענדן קודם־כל אויף זיי.

יוסף בערגנער איז לויט מיין מיינונג דער וויכטיקסטער מאָלער פון דער רעאַליסטישער גרופּע, צו וועלכער ס׳געהערן וויקטאָר אָ׳קאָנער, נאָעל קוניהעם און אַ כסדר וואַקסנדיקע צאָל אָנהענגער פון סידנעי און מעלבורן.

בערגנער האָט אַריינגעברענגט נייע עלעמענטן אין דער אויסטראַלישער מאָלעריי. און איינער פון די דאָזיקע עלעמענטן איז דאָס, וואָס מען רופט אין ענגליש „מערסילעס פּיטי״. די טעמע פון זיין מאָלעריי איז דער פּשוטער מענטש, דער פאַר־שטויסענער און פאַרהאַסטער; די פאַרפאָלגטע יידן און אויס־טראַלישע עבאָרידזשינס, וועמען די רעאַקציע וויל אומברענגען. בערגנער שטרייכט כסדר אונטער און ברענגט בולט אַרויס זייערע ליידן. זיין רחמנות צו די פאַרפאָלגטע איז שטאַרקער נאָך ווי דאָס באַוווסטזיין פון די ליידנדיקע וועגן זייער אייגענעם גורל.

מיט זיין טונקעלן און וואָרנדיקן מאָלער־פּענדזל אַנטפּלעקט ער אין אויסטראַליע די עקזיסטענץ פון פאַרשטויסענע און פאַר־האַסטע. די זעלבסטצופרידנקייט און בלינדקייט פון דער היינ־טיקער קאָנווענציאָנעלער און דעקאַדענטישער שול געפינט זיך אין אַ שאַרפער סתירה מיט דער אומקאָמפּראָמיסבאַרער דרייסט־קייט און אויפריכטיקייט פון בערגנערן.

זעלבסטצופרידנקייט איז, גלויב איך, איינס פון די אייגנ־שאַפטן פון אויסטראַלישער איצטיקער און פאַרגאַנגענער קונסט. אין קעגנזאַץ צו דער היגער ליטעראַטור, וועלכע איז טיף פאַר־וואָרצלט אין דעם סטיכישן געראַנגל מיט דער נאַטור און מיט דעם פּונקט אַזוי פאַרעקשנטן געזעלשאַפטלעכן קלאַסן־קאַמף, האָט די אויסטראַלישע מאָלעריי פאַרזיכטיק אויסגעמיטן די דאָ־זיקע ספּעציפישע ווירקלעכקייטן פון אויסטראַלישן לעבן. די נע־מען פון הענרי לאָוסאָן, דזשאָזעף פורפי, מיילס פרענקלין, פרענק דעלבי דייוויסאָן האָבן נישט זייער גלייכן אין מאָלעריי.

די זאַטע זעלבסטצופרידנקייט אין דער היגער קונסט האָט צום ערשטן מאָל זיך אָנגעשטויסן אויף אַ האַרטן ווידערשטאַנד אין די אַרבעטן פון בערגנער, און דאָס איז מעגלעך געווען דורכן

פאקט, וואס בערגנער, וועלכער איז טיף אדורכגעדרונגען מיט באוווסטזיין וועגן יידישן גורל אין דער קאפיטאליסטישער וועלט, איז אנגעקומען קיין אויסטראליע עטלעכע יאר פארן אויסברוך פון איצטיקן קריג. ער איז דעמאלט אלט געווען 17 יאר און ער האט געזען אויסטראליע מיט א נישט־געוויינלעכער שארפקייט און מיט א ווארעמקייט, מיט וועלכער בלויז געציילטע זענען באשאנקען.

ס'איז אפשר געווען א מזלדיקער צופאל פאר אים צו טרעפן זיך דעמאלט מיטן אויסגעצייכנטן יונגן אויסטראלישן מאלער דזשארדזש לוק אין דער מעלבורנער נאציאנאלער קונסט־גאלעריע. לוק האט פאר אים אנטפלעקט אזעלכע זייטן פון מעל־בורנער לעבן און האט אים צוזאמענגעפירט מיט אזעלכע פער־זאנען, וועלכע זענען פאר די היגע קאנווענציאנעלע און דעקא־דענטישע ארטיסטן לגמרי פרעמד. די דאזיקע ערשטע צוזאמענ־טרעפענישן און דערפארונגען אין נייעם לאנד האבן געהאט א נישט־באשטרייטבארע השפעה אויף זיין שאפונג ביז צום היינ־טיקן טאג.

ס'איז נישט געווען שווער פאר בערגנערן, מיט זיין דורכ־דרינגלעכן אויג פאר דער ארימקייט און שיינקייט פון יידישן לעבן אין ווארשע, איינצוזאפן אין זיך די אלע דערפארונגען. בערגנערס בילדער פון דער היגער ראסל סטריט און פון די מענטשן, וואס באוווינען די דאזיקע הינטערגאס, באווייזן, אז ס'איז אים געלונגען צו ווערן א טייל פון דער דאזיקער קאטע־גאריע מענטשן. בערגנער לייגט קיינמאל נישט אריין זיין איך אין די געשטאלטן, וואס ער מאלט. ער אליין ווערט איינער פון זיי.

בערגנערס צושטייער צו דער אויסטראלישער מאלעריי האט א גרויסע באדייטונג צוליב די יידישע עלעמענטן, וואס ער האט אין איר אריינגעברענגט. ס'זענען אויך געווען אנדערע יידישע מאלערס אין דער געשיכטע פון דער אויסטראלישער קונסט, ווי למשל מיילס עווערגוד און פיליפס פאקס. אבער אין דער היגער מאלעריי זענען זיי פארבליבן אויסגעשפראכן־אויסטראלישע מאלערס. ס'איז אונז אבסאלוט נישט באקאנט זייער פערזענ־

לעבע באַציאונג צו פראַגן פון יידישן לעבן, ס'איז נישט פאַראַן דערפון קיין שפור אין זייער שאַפן. מיט בערגנערן איז אינגאַנצן אַנדערש. ער איז אַריינגעקומען אין דער היגער מאָלעריי אַלס אַ ייד און זיין צושטייער צו דער היגער מאָלעריי איז הויפטזעכלעך יידיש אין כאַראַקטער. דאָס איז נישט קיין נייעס אין אַנדערע לענדער. איך מיין דאָ אַ געוויסע צאָל יונגע יידישע מאָלערס אין די פאַרייניקטע שטאַטן, וועלכע באַטייליקן זיך אין דער אַמעריקאַנער מאָלעריי מיט יידישער טעמאַטיק. אינטערעסאַנט, אַז אויך זיי געהערן צו דער גרופע פון אויסגעשפראָכן סאָציאַלע מאָלערס (ווי למשל די ברידער סאָיער). דער איינציקער וועג, אויף וועלכן דאָס יידישע פאָלק קאָן אויסדריקן זיינע האָפנונגען און זיין בענקשאַפט נאָך פרייהייט איז דער וועג פון אומקאָמפראָמיסבאַרן רעאַליזם, וועלכער זאָגט זיך אָפ צו קאַפיטולירן פאַר יעטוועדן מין פוסטע חלומות. בלויז אין געמיינזאַמען בונד מיט פראָגרעסיווע כוחות אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכער טעטיקייט, וועלן די יידן אָפהאַלטן זייער אַנטגילטיקן נצחון איבער זייערע אונטערדריקער. איך גלויב, אַז בערגנער איז טיף איבערצייגט אין דאָזיקן אמת. זיין טיפע סימפאַטיע פאַרן ראַטנפאַרבאַנד און זיין אָנטייל אין דער איצטיקער מלחמה אַלס אַ זעלנער אין דער אויסטראַלישער אַרמיי אינעם הייליקן קאַמף קעגן נאַציזם, איז אַ טייל פון זיין הייסן באַגער צו זען דאָס יידישע פאָלק אַ באַפרייטס.

איך קען בערגנערן זינט דריי יאָר און כ'בין געווען מיט אים דורך די דאָזיקע יאָרן זייער נאָענט באַפריינדעט. זיין טיפער אַריינבליק אין לעבן האָט שטאַרק באַפעסטיקט מיין מיינונג וועגן זיין שאַפן. בערגנער איז אַלט 23 יאָר און ער אַנטוויקלט זיך אומאויפהערלעך קינסטלעריש. אין די לעצטע פאַר יאָר איז ער עלטער געוואָרן, אָבער דער אויסדרוק און פיזיאָגנאָמיע פון זיין טאַלאַנט האָט זיך נישט געענדערט.

# אינהאַלט:



רעפּראָדוקציעס פון יוסף בערגנער

הילע געצייכנט — נ. קוניהען